





1930




ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

№ 2-3

מינסק

# אינהאַלט


אַרײַנפֿיר.
איזי כאַריק—די גאָלדענע לעווײַע (ליד).
וואַסיל קאָוואַל—אילקע (דערציילונג).
ש. ראָסין—טראָגן מיך די צוגן (לגנדע).
ו. וועטשאַר—(ליד).
קאַראָל דעלוס—דער אײביקער וואַנדערער (דערציילונג).
רימאַשעווסקי—אופֿשטענדלער (ליד).
א. יודלסאָן—אונדזער ערד (ליד).
עליע קאַהאַן—הײַנטיקער ווינטער (דערציילונג).
אַנדריי אַלעקסאַנדראָוויטש—(ליד).
קראַפּיוואַ—עס גײס אַ שנײ (נאָוועלע).
אײַזיק קאַהאַן—„עלעקטריע“ (דערציילונג).
א. י.—וועגן דעם דרײַכוידעשניק פֿון ווײַס. און נאַצמינדישער פּראָלעט. קולטור
א. ב.—די ייִדישע פּראָלעטאַרישע קולטור אין ו.ס.ס.ר.
א. אַלעכנאָוויטש—בלעטלעך פֿון קאַמף און זיג (וועגן „בעלאַפּפ“).
כ. דונעק—די אַרבעט פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפ“.
אַל. נעקראַשעוויטש—די וועגן פֿון ווײַסרוסישן טעאַטער.
אַ. קאַסטעליאַנסקי—די בילדערישע קונסט אין ו.ס.ס.ר.
אַ. חאַלאָברינסקי—דער ייִדישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם.
ד. רובינשטײן—דער עקאָנאָמישער קריזיס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער ·און די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן פֿון פּראָלעטאַריאַט.
כראָניק.

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און פּאָליטיש-
וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש-זשורנאַל.

№ 2-3 — זעקסטער יאָרגאַנג — פֿעוראַל-מאַרט, 1930




## מיר בויען אַ פּראָלעטאַרישע קולטור.

מיר גיבן אַ טאָפּלטן נומער „שטערן“ געווידמעט דער פּראָלעטאַרישער קולטור-בויונג אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד. מיר טוען עס אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרײַ-כוידעשניק פֿון ווײַסרוסישער און נאַצמינדערישער פּראָלעטאַרישער קולטור, וועלכער איז דערקלערט אַף די כאָדאָשים יאַנוואַר-מאַרט 1930 און האָט די גרונט-אויפֿגאַבע—פֿאַרשטאַרקן דעם פֿראָנט פֿון סאָציאַליסטישער קולטור-בויונג אין ווײַסרוסלאַנד.

די אויפֿגאַבן פֿון פּראָלעטאַרישער קולטור-בויונג אין ווײַסרוס־לאַנד זײַנען זייער קאָמפּליצירט. אַ נידעריקער קולטור-ניוואָ פֿון די פּראָלעטאַרישע און, דעריקער, פֿון די פּויערישע מאַסן, אַ בונטער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג, רעשטלעך פֿון אַסימילאַטאָריש-רוסיפֿיקאַטאָרישע טענדענצן פֿון איין זײַט, פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע און שאָוויניסטישע עלעמענטן פֿון דער צווייטער זײַט—דאָס זײַנען שוועריקייטן, וועלכע שטערן דער דערפֿאָלגרײַכער אַנטוויקלונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור אין אַלע אירע אָפּצווײַגונגען. און אָט די אַלע שטערונגען האָט דער פּראָלעטאַריאַט געמוזט גיוועור זײַן, פֿירנדיק אונטער דער פֿאָן פֿון דער קאָמפּאַרטיי אַן אומדערמידלעכע אַרבעט צו אויסבויען די קולטור פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין ווײַסרוסלאַנד—אַ קולטור, וואָס זאָל זײַן אַ פֿונקציע פֿון די סאָציאַליסטישע בויונג-פּראָצעסן און וועלכע זאָל דיסקאָנטירן די נאַציאָנאַלע פֿאָרמעס, וואָס זײַנען אייגנטימלעך די מאַסן פֿון לאַנד. דאָס איז, ווידעראַמאָל, פֿאַרבונדן מיט פֿאַרשיידענע שוועריקייטן—היסטאָרישע, שטייגערישע, מאַטעריעלע. אין דער צאַריש-קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג איז גערוירעפֿט געוואָרן די ווײַסרוסישע, פּוילישע, יידישע, לעטישע און אַנד. קולטורן, עס זײַנען אײַנגעוואָרצלט געוואָרן קנעכטישע שטימונגען אין באַצוג צו קולטורן („ווײַסרוסיש—אַ שפּראַך פֿון מוזשיקעס“, „אויך מיר אַ שפּראַך—יידיש“ א.ד.ג.), עס זײַנען נויטיק באַזונדערע מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען, קעדיי באַפֿרידיקן די באַדערפֿענישן פֿון דער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג פֿון יעדער נאַציע אַף איר שפּראַך.

און ניט געקוקט אַף די אַלע שוועריקייטן, איז דאָך די אָפּגעטאָנענע אַרבעט אַפֿן געביט פֿון קולטור-בויונג די בעסטע אָנשוילעכע לעקציע וועגן די וווּנדערלעכע קרעפֿטן פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. פֿאַר דעם איז אַ מוסטער די גאַנצע סאָוועטן-פֿאַרבאַנדישע

קולטור-בויונג. דאָס שפּיגלט זיך אויך אָפּ אין די אונטערשטע שורעס פֿון דער קולטור-בויונג אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד. דאָס לאַנד, מיט דער הילף פֿון דעם גאַנצן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד און אין שטענדיקער ענגער באַהעפֿטונג מיט אים, בויט אַלץ מער און מער קולטור-פּאָזיציעס אַף די פֿאַרשיידנסטע אָפּשניטן פֿון דעמדאָזיקן פֿראָנט. עס וואַקסט די פּראָלעטאַרישע קולטור—די ווײַסרוסישע, יידישע, פּוילישע, לעטישע, ליטווישע, רוסישע...

אַ באַשטעטיקונג אַף דיראָזיקע געדאַנקען וועט דער לעזער באַקומען אין די ווײַטערדיקע בלעטלעך פֿון דעם נומער „שטערן“, כאָטש אין אים איז בלויז אָפּגעשפּיגלט אַ קנאַפּער טייל פֿון דאס אַלץ, וואָס מיר האָבן ווירקלעך דערגרייכט. אָבער שוין אַף די מוסטערן פֿון דער ווײַסרוסישער, יידישער, פּוילישער און לעטישער ליטעראַטור, אַף די אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן דער קולטור-בויונג און וועגן דעם קאַמף פֿאַר פּראָלעטאַרישער קולטור—אַף דעם אַלץ וועט דער לעזער עטוואָס קענען לערנען פֿון דעם דערגרייכטן פֿאַר די יאָרן אָקטיאַבר-רעוואָלוציע. אַף אַ קימאַט פּוסטן מיט ווילדגראָז באַוואַקסענעם פּלאַץ, אַף אַ באָדן, וואָס איז געמיסטיקט געוואָרן דורכן צאַרישן טשינאָווניק, דורכן פּאָרעץ, גוויר און קלעריקאַל—אַף אָט דעם באָדן איז דורך דער האַנט פֿון פּראָלעטאַריאַט אויסגעבויט געוואָרן אַ מעכטיקער בנין פֿון אַ קעמפֿערישער פּראָלעטאַרישער קולטור.

דיראָזיקע געבײַדע שטייט נאָך אַלץ אין רעשטאָוואַניעס. עס זײַנען נאָך אין איר פֿאַראַן היפּשע בלויזן. עס רײַסן זיך אין איר דורך נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע און שאָוויניסטישע צוקווינטן, וועלכע באַדראָען זי. דער גרויסער אָנגריף פֿון סאָציאַליזם, מיט וועלכן עס כאַראַקטעריזירט זיך די איצטיקע עפּאָכע פֿון רעקאָנסטרוקציע אין שטאָט און דאָרף, רופֿט אַרויס אַ יאָמער און ווידערשטאַנד אין די שיכטן פֿון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. דער נעפּמאַן, באַלעגוף און נאַציאָנאַליסטיש-בורזשואַזער אינטעליגענט שטעלן זיך קעגן דעם סאָציאַליזם און ווילן אָפּווענדן זײַן שטראָם אויך אַפֿן געביט פֿון קולטור, אים אַנטקעגנשטעלנדיק די בורזשואַזע, קלעריקאַלע און נאַציאָנאַליסטישע „קולטור“. דער קאַמף איז אין סאַמע ברען. זיגן אָבער מוז און וועט די פּראָלעטאַרישע קולטור, ווײַל זי באַוואָפֿנט די מאַסן אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אין קאַמף פֿאַר נײַע קאָמוניסטישע לעבן-פֿאָרמעס...

די סאַכאַקלען פֿון דער קולטור-בויונג אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד זײַנען אַ מוסטער דערפֿון, ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט בויט דורך נאַציאָנאַלע פֿאָרמעס אַ פּראָלעטאַרישע קולטור. געבנדיק די אַרבעטנדיקע פֿון יעדער נאַציע די מעגלעכקײַט צו וואַקסן קולטורעל אַף זייער שפּראַך, פֿלאַנצט די סאָוועטן-מאַכט אײַן, דורך דעם פּראָלעטאַרישן אינהאַלט פֿון דערדאָזיקער קולטור, אַלץ טיפֿער און טיפֿער דעם געפֿיל פֿון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערונג און די אידייע פֿון צווישנפֿעלקערלעכן סאָלידאַרן קאַמף פֿון אַלע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פֿאַר קאָמוניזם. „אַ פּראָלעטאַרישע לויטן אינהאַלט, אַ נאַציאָנאַלע לויט דער פֿאָרם—אַזאַ איז יענע אַלמענטשלעכע קולטור, צו וועלכער עס גייט דער סאָציאַליזם“ (סטאַלין). אונדזער נאַציאָנאַלע קולטור, געבויט דורך די הענט פֿון פּראָלעטאַריער און אַרבעטנדיקע, באַם שײַן פֿון קאָמוניסטישע לאָזונגען, איז אין טאָך אַ פּראָלעטאַרישע. „די פּראָלעטאַרישע קולטור איז ניט מעוואַטל די נאַציאָנאַלע קולטור, נאָר זי גיט איר אַן אינהאַלט. און פֿאַרקערט, די נאַציאָנאַלע קולטור איז ניט מעוואַטל די פּראָלעטאַרישע קולטור, נאָר זי גיט איר אַ פֿאָרם“—זאָגט דער כ׳ סטאַלין, ווײַל „דער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַלער קולטור איז געווען אַ בורזשואַזער לאָזונג, קאָלומאַן באַ דער מאַכט איז געשטאַנען די בורזשואַזיע, און די קאָנסאָלידאַציע פֿון די נאַציעס איז פֿאָרגעקומען אונטער דער עגידע פֿון די בורזשואַזע אָרדענונגען. דער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַלער קולטור איז געוואָרן אַ פּראָלעטאַרישער לאָזונג, ווען באַ דער מאַכט האט זיך געשטעלט דער פּראָלעטאַריאַט, און די קאָנסאָלידאַציע פֿון די נאַציעס איז פֿאָרגעקומען אונטער דער עגידע פֿון סאָוועטן-מאַכט“.

סאָציאַליסטישע בויונג—דאָס איז איצט אַ פראָנט, אַף וועלכן עס זיינען פאַנאַנדערגעוויקלט קלאַסן-שלאַכטן. עס גייט דער לעצטער שטרייט מיטן קאַפּיטאַליזם, עס איז אָנגעהויבן געוואָרן די ליקווידאַציע פונם באַלעגוף אַלס קלאַס. אונדזער קולטור-בויונג דאַרף זיין אַ מעכטיקער געווער באַם פאָרסירן די סאָציאַליסטישע בייונג, און זי וועט עס זיין. קעגן יערן נאַציאָנאַליסטישן, שאָוויניסטישן און נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישן דורכרייס אַפן קולטור-פראָנט! שלאָגן און שלאָגן אָן ראַכמאָנעס אַלע נאַציאָנאַליסטישע באַלעבעסלעך—די אַגענטן פון דעם פּראָלעטאַריאַטס קלאַסן-פיינט, אַנטפּלעקן פאַר דער ליכטיקער שיין אַלע פאַרמאַסקירטע אָנהענגער פון דער „אַלטער רייכער קולטור", אַלע די, וואָס דעקן צו שאָוויניזם און קלעריקאַליזם. אין קאַמף מיט דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע און קולטור—שמידן די פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַלע, לויטן גייסט, קולטור!

---

איזי כאַריק.

# די גאלדענע לעוויַע.

אַרבעטערקעס, אַרבעטער, קוסטאַרקעס און קוסטאַרן
גייען גאָך אַ פֿריילעכער און גאָלדענער לעוויַע.
אַפּאָניִם, אַז דער באַרמענען איז קיינעם שוין ניט טיַער,
וויַל קיינער טוט ניט יאָמערן און קיינעם טוט ניט אַרן.

ווו זיַנען זיי די זאָגערקעס? און הו—די שוואַרצע מיטע?
אומגעלומפערט ראַנגלט זיך אַ פֿריילעכער אָרקעסטער.
רויק—ברידער-אַרבעטער, רויק—ברידער-שוועסטער,
לאָמיר נאָר ניט אופֿוועקן דעם באַרמענען אין שליטן.

ווער איז דאָס דער באַרמענען? ווער איז דאָס דער פֿייגער?
ווער איז דאָס געשטאָרבן דאָ? ווער? און וואָס? און וועמעס?
לאָמיר איצטער אָפּזאָגן:—באָרוך דאַיאַן עמעס—
געשטאָרבן שוין דער זונטיקדיקער, שאַבעסדיקער שטייגער.

שפּאַנען פֿערד פֿאַרוויקלטע אין ליכטיקע טאַלייסים,
גיַיוועדיק און יאָנטעוודיק—אין פֿאָרכט פֿון די פּאָפּאָנעס.
מאַכנעס-מענגעס מונטערע: קאָלאָנע-נאָך-קאָלאָנע
און שליטנס שווער-באַלאָדענע מיט ברוך און—שיידים-ווייסן.

הליאַקעס ברוינע-בײַכיקע, פּוזאַטע סאַמאָוואַרן,
אוירינגלעך און פֿינגערלעך (פֿון די „טבעת קדושין“),
הענגלייַכטער פֿאַרגאָסענע מיט כיילעוו פֿון יערושע,
מיט טאַנע-באַרע, ברעטער-טאַרע, טאַרי-ראַז-טאַ-באַרין!

גלעקער געלע-וואָגיקע מיט אָפּגעהאַקטע צונגען,
ווי פֿריידן שווער פֿאַרבלוטיקטע נאָר וואָס פֿון דער שכיטע.
און ס'ליגן דאָ פֿאַרטוליעטע אין שאַבעסדיקן ציטער—
בעכערלעך-כאַווירימלעך נאָך וויַסינקע און יונגע.

פֿון שליטנס טראָגט מיט וויַרעך-רויך, מיט היימישקייַט פֿון אויוון,
מיט אָפּגעניצטן לידעלע פֿון—ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...
און ס'דאַכט—עס ליגט אין שליטן דאָ מיט ליפּן-צוקערקאַנדלען
אַ וואָלענע, קורצזיכטיקע סאָרעניו-באָס-טויווים.

מע וועט דאָס אַלץ אַוועקפֿירן אין שטרענגן קרעמאַטאָריִ,
ווּ ס'וואַרטן ניטדערבויטע נאָך און גלאַנציקע מאַשינעס.
דאָרטן וועט דער באַרמענען זײַן טיקן זיך געפֿינען
אין האַרטן רייד פֿון טראַקטאָרן און רעווען פֿון מאָטאָרן.

רעדער-רייד,
רעדער-פֿרייד,
רעדער ריידן האַרטערהייט.

דרײַונדרײַסיק טראַקטאָרן פֿאָרן אַפֿן טראַקט,
דרײַונדרײַסיק טראַקטאָרן רײַסן אויף דעם טראַקט,
רײַסן-רײַסן
פֿלאַכטעסווײַז
און —
גיבערדיק-געשמאַק!

---

וואַסיל קאָוואַל.

(פֿון ווײַסרוסיש).

# אילקע.

דער הויכער אײַזנבאַן-אָנשיט פֿון זאַמד, ליים און שוואַרצערד, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעהויבן געוואָרן, האָט מיט זײַן אויסזען געפּרייט דאָס אויג פֿון די הונדערטער אַרבעטער. וויפֿל טעג האָבן זיי דאָ געאַרבעט און וויפֿל קויעך האָבן זיי דאָ אַוועקגעלייגט, אַרבעטנדיק פֿון פֿרי ביז שפּעט, ווײַל מען האָט אין אײַלעניש געדאַרפֿט ענדיקן די אַרבעט. דערפֿאַר האָבן זיך די רעלסן געבויגן ווי צווי סטרונעס אַף אַ מעכטיקער פֿידל—זיי זײַנען געלאָפֿן אין בלאָער און ווײַטער ווײַט אַרײַן.

ס'איז געקומען דער אופֿזעער מיטן געניטן אויג, באַטראַכט די רעלסן און געלויבט די אַרבעטער:

— הײַנט קענט איר באַקומען געהאַלט פֿאַרן כוידעש—האָט ער געזאגט און געקוקט אַף די אַרבעטער, ווי ער וואָלט געוואָלט דערזען צופֿרידנקײַט אַף זייערע פּעניִמער שוואַרצע פֿון זון און שטויב.

— אַ שיינעם דאַנק,—האָבן מיטאַמאָל געזאָגט עטלעכע אַרבעטער,—ס'איז אַקוראַט גוט, מאָרגן איז זונטיק... דאָס געלט איז נויטיק...

אַלע זײַנען אופֿגעלייגט געוואָרן, געוואָרפֿן די רידלען, צעזעצט זיך לעבן דעם שטויביקן גראָבן און פֿאַרויכערט:

באַלד וועט דער ערשטער באַן גיין מיט אונדזער וועג—האָט געזאָגט דער אופֿזעער, קוקנדיק אין ווייט אַרײַן, און איז מיט גיכע טריט אַוועק צו דער סטאַנציע.

ס'האָבן געקלונגען די רעלסן, ווי דער ווינט וואָלט סטרונעס אָנגערירט.

הינטערן שטאָט פֿאַרגייט די זון און באַגילדעט די הויכע בלעכענע דעכער. ס'הויבט זיך אוף אין שטאָט דער אָוונטיקער טומל.

די אַרבעטער וואַרפֿן זיך איבער מיט ווערטלעך און לאַכן הויך אַף אַ קאָל.

— נו, ווי—מיר וועלן הײַנט אַ הוליע טאָן?

— פֿאַרוואָס ניט, מ'קען אַ הוליע טאָן!

— אין דער אַרבעט ביסטו ניט קײַן גיבער, נאָר הוליען האָסטו ליב...

זיי וואָלטן איצט געקענט פֿאַנאַנדערגיין זיך, ס'האָט זיך אָבער צום לעצטן מאָל געוואָלט אַ שמועס טאָן און איבערהויפּט אַ קוק טאָן אַף דעם ערשטן לאָקאָמאָטיוו, וועלכער וועט דורכגיין איבער דער ליניע, וואָס זיי האָבן געמאַכט.

ס'האָבן געקלונגען די רעלסן. פֿון דאָרט, וווּ דער וועג פֿאַרקערט זיך צום וואַלד, האָט זיך באַוויזן אַ געדיכטער שוואַרצער רויך. די אַרבעטער האָבן זיך אופֿגעשטעלט, אָפּגעטראָטן צום אָנשיט און געוואַרט. מיט פֿעסטן טראָט האָט זיך גענעענטערט דער נײַער לאָקאָמאָטיוו:

— אַ וואָילער גאַנג,—האָט עמיץ געלויבט,—מיסטאָמע אָקאָרשט פֿון פֿאַבריק.

נאָך דעם לאָקאָמאָטיוו זײַנען נאָכגעגאַנגען צוויי וואַגאָנען. צוויי אַרבעטער אויסגעשמירט אין סאַזשע, האָבן פֿון פֿענצטער געפּאָכעט מיט די היטלען. דעמלט האָבן די אַרבעטער אויך גענומען פּאָכן מיט די היטלען און שרײַען.

מיט אַ הילכיקער פֿײַפֿעריי האָט זיך דער לאָקאָמאָטיוו אָפּגעשטעלט לעבן דער סטאַנציע און די אַרבעטער זײַנען אַוועק נאָכן געהאַלט. געשטאַנען לעבן קליינינקן פֿענצטערל פֿון קאַסירער, אומגעדולדיק געוויאַרט אַף דער ריי, פּלײַסיק פֿאַנאַנדערגעשריבן זיך אין דעם בויגן אַנטקעגן דעם אייגענעם נאָמען מיט גראָבע פֿינגער מיט ערד אַף די הענט, און אייניקע האָבן געשטעלט צלאָמים; דערנאָך געציילט דאָס געלט און געלייגט אין דער פֿאַרסמאָלעטער הויזן-קעשענע.

דערנאָך זײַנען זיי אַלע אַוועק אין שטאָט, ווו ס׳האָבן גערוישט אַווטאָבוסן און ווו מען האָט שוין גענומען אָנצינדן פֿײַער.

נאָר איינער, דער צוואַנציקיאָריקער קוטשעראַווער ציגײַנער אילקע, איז אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. ער האָט געשפּאַנט איבער די נײַע שפּאַלעס מיט באָרוועסע שוואַרצע פֿיס און געפּאָכעט מיטן אַלטן היטל. דער קאָלנער פֿון דעם אַלטן רעקל איז צושפּילעט, דער ווינט גלעט די יונגע ברוסט. פֿון דער רעכטער האַנט רוישט דער קאָרן, און עס זינגט די גרינע ראַכוועס פֿון די פֿעלדער, און ס׳הודזשען די רעלסן, הודזשען...

אָט גייט ער פֿאַרשיקערט פֿון דער אַרבעט, אַביסל וואַקלט ער זיך, פֿײַפֿט פֿאַר זיך אַליין און טראַכט אַ צופֿרידענער.

וועגן וואָס טראַכט ער?

צוויי כאַדאָשים געאַרבעט אַף דער ליניע, ער טראָגט מיט זיך געלט... אַ גווירַ איז אילקע... ניט מיט דעם געלט אַליין, מיט יוגנט און מיט קראַפֿט... מע דאַרף גיין אַ וויאָרסט מיטן פֿעלד. פֿונדאָרטן מיטן בעריאָזע-וועלדל און דערנאָך דורכן סאָסניאַק.

הינטערן בערגל געפֿינט זיך דער טאַבאָר. אין יאַר האָבן זיך צעוואָרפֿן די ציגײַנערישע בײַדלעך.

דער גליקלעכער אילקע האָט ניט באַמערקט, ווי ער האָט דורכגעשפּאַנט דאָס פֿעלד.

אין טאַבאָר האָט מען אָנגעצונדן שײַטערס. ס׳האָבן געבילט די הינט. דאָס קינדוואַרג האָט געשריען, געליאַרעמט און געדרייט זיך אַרום די שײַטערס.

אַ צען טריט פֿון טאַבאָר האָט זיך אילקע צוגעזעצט אָפּן גרינעם ברעג פֿון דעם קליינעם טײַכל, וואָס פֿליסט דאָ. געזעצט זיך, אַרומגעכאַפּט מיט די הענט די קני און פֿאַרטראַכט זיך.

עמיץ האָט ברייט און העפֿקערדיק געשפּילט אַף דעם האַרמאָניק.

— העי—שטילער,—האָט זיך פֿון טאַבאָר דערטראָגן,—זאָל מאַרטע זינגען... זינג אונדז מאַרטע!..

עס האָט געזונגען מאַרטע מיט אַ יונגער הויכער ברוסטיקער שטים און ס׳האָט זיך געדוכט: ס׳איז אַלץ שטיל געוואָרן, ס׳רוישן ניט די ווערבעס, ס׳דריבלען די יאָדלעס, ס׳דרעמלט אויך דער טאַבאָר.

— העי, העי-העי!

אַף אילקען האָט אַ ווייע געטאָן מיט בענקשאַפֿט.

זי זיצט לעבן צופֿלאַקערטן שײַטער מיט אַ הויך אופֿגעהויבענעם קאָפּ. אַף איר שיינעם פּאָנים פֿאַלט אַ גאַנצער סנאָפּ פֿײַער. אָפּן דינעם טונקעלן האַלדז פֿינקלען פּערל. זי שאָקלט מיטן שוואַרצן קאָפּ, קוקט אַף קיינעם ניט און אַלע הערן זיך אײַן צו איר געזאַנג.

— העי, העי-העי!

זי זינגט וועגן ליבע, וועגן יונגן שלאַנקן ציגײַנער, וועגן ציגײַנערישן לעבן—דעם פֿרײַען און ביטערן.

ס׳טראַכט אילקע.

ס'שטויבט זיך דער וועג, ס'פֿאָרן וואָגלער-ציגײַנער מיט לידער. מיט פֿרייִלעכקײַט. זיי האָבן ניט קיין היים און האָבן ניט ליב די ערד. זיי ציִען זיך נאָך די כווידן איבער די ברייטע שליאַכן פֿון ווײַסרוסלאַנד, פּאָדאָליע, מאָלדאַוויע און פֿון דער גאַנצער וועלט. עס האָט זיך צושאָטן די ציגײַנערישע מישפּאָכע פֿאַר עפּעס אַ זינד. אַזוי זינגט זיך אין ליד.

ס'איז שטיל געוואָרן מאַרטע.

— מאָלאָדעץ! גוט, גוט!—האָבן געלויבט די אַלטע ציגײַנער און ציגײַנערנס.—באַ דיר איז א הייסע ציגײַנערישע בלוט, ווי אין ליאַכס מוזיק. עמעס, ליאַך?..

און ליאַך, אַ יונגער ציגײַנער, שטשירנדיק די ציין, האָט צעלאַכט זיך און נאָך שטאַרקער צעשפּילט זיך אַפֿן האַרמאָניק.

אילקע האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, אַ גלעט געטאָן די בראָנזענע מוסקולאַרע לײַב און גענומען זיך אַרומוואַשן מיט וואַסער, וואָס איז צו נאַכט וואַרעם געוואָרן.

ער האָט בייסמײַסע געטראַכט וועגן דער יונגער מאַרטע.

און זי איז געקומען מיט אַ בלעכענעם עמער שעפּן וואַסער; זי בייגט זיך אָן, און אַף דעם האַלדז טאַנצן די פּערל. ער האָט זיך געשווענקט אין וואַסער—און זי האָט ניט געזען. ער האָט זי געגריסט—און זי האָט ניט געהערט און ניט געקוקט אַף זײַן זײַט.

— מאַרטע!—האָט ער געזאָגט—מאַרטע, פֿאַרוואָס ווילסטו ניט ענטפֿערן אַף מײַן באַגריסונג?

— איך הער, ווי ס'שפּילט ליאַך און איך טראַכט: ווי גוט ער שפּילט.

— וואָס שפּילט ער אַזוינס.

— ער שפּילט אַן אַלט ליד.

— וועגן וואָס?

— וועגן דעם, אַז ער האָט מיך ליב.

— און דו אים?

— וועגן דעם, וועל איך זאָגן אים...

— ווען?

— ווען ער וועט נאָך בעסער שפּילן און וועט פֿאַרדינען אַסאַך געלט, ווען ער וועט מיר קויפֿן נײַע פֿינקלדיקע פּערל. דעמלט וועל איך אים זאָגן, אַז דער בליק איז באַ אים, ווי באַ אַ שפּאַרבער, און די הענט אַף אַזויפֿיל שטאַרק, אַז זיי וועלן מיר אופֿהויבן ווי אַ פֿעדערל...

— זעץ זיך, מאַרטע, נענטער צו מיר.

— באַ דיר ברענען אַזוי די אויגן, אָבער איך וועל זיך זעצן אָפּרוען... איך האָב זיך געזעצט נאָענט לעבן דיר און כ'וויל הערן, וואָס דו וועסט זאָגן.

— איך וויל זאָגן, אַז ליאַך איז אַ גאַנעוו: ער גאַנוועט פֿרעמדע פֿערד און פֿאַרקויפֿט זיי. ליאַך איז אַ שיקער און ניט קיין ערלעכער מענטש.

— ווען דו וועסט נאָך ריידן אַזוי, גיי איך און דערצייל אים.

— וועסט אים שפּעטער דערציילן וועגן דעם, ווײַל איך האָב פֿאַר אים ניט מוירע, און איצט הער מיך אויס. איך בין געקומען אַ פֿאַרמאַטערטער, איך האָב צוויי כאַדאָשים געאַרבעט, די גאַנצע צײַט געטראַכט וועגן דיר, און פֿאַרדינט אַסאַך געלט. פֿאַר זיי קען מען ערלעך לעבן.

איך בין געגאַנגען אין שטאָט, אין קלוב, וווּ ס'פֿאַרברענגט די יוגנט, און מיך האָט מען פֿאַרשריבן פֿאַר אַ קאָמיוגיסט. איצט האָב איך רעכט צו טראָגן אַפֿן ברוסט אַ קלייניקן צייכן, און ווער ס'וועט אַף אים אַ קוק טאָן, וועט וויסן, ווער איך בין אַזוינס. און ווען מען וועט אַ קוק טאָן, וועט מען זאָגן, אַז דער ציגײַנער אילקע איז אַן ערלעכער מענטש.

— און וואָס וועט זאָגן דײַן טאַטע אַלעקסיי?

— ער וועט זאָגן, אַז איך האָב שלעכט געטאָן, וואָס איך האָב אופֿגעהאַנגען דעם צייכן, אָבער ער וועט ניט זאָגן, אַז ס'איז שלעכט צו זײַן אַן ערלעכער.

— מיך פֿאַרדריסט, אילקע, ווײַל מען וועט דיך אַרויסטרײַבן פֿון טאַבאָר, און דײַן טאַטע וועט זיך אָפּזאָגן פֿון דיר. אָבער איך האָב ליב אַ שטאָלצן און אַ פֿאַראַכשנטן מענטשן.

— איך וועל מאָרגן ווידער גיין אין שטאָט צו מײַנע כאַווײרים, אין ווײַסן הויז, וווּ ס'איז דאָ אַן אויפֿשריפֿט פֿון גרויסע אויסיעס: „ל. ק. י. פּ.״ און כ'וועל ריידן מיט זיי; דערנאָך וועל איך קומען אין טאַבאָר און דערציילן וועגן דעם עמעס. דו הערסט מאַרטע?

— רייד אילקע!.. איך וועל מאָרגן אָנטאָן אַ נײַע קלייד אין קווייטן, און כ'וועל דיך הערן. קיינער רעדט ניט בעסער פֿון דיר. דעמלט ברענען נאָך העלער דײַנע אויגן, און מיר דוכט, אַז דו ווערסט שענער פֿאַר ליאַכן. דערנאָך וועסטו זיך זעצן צוזאַמען מיט ליאַכן, און איך וועל זינגען פֿאַר אײַךביידן און קוקן אַף אײַך...

— איך וועל זיך מיט אים ניט זעצן... דו הערסט, מאַרטע? און אויב דו וועסט קוקן אַף אים, וועל איך מיט דיר ניט ריידן.

— ער וועט דיך שלאָגן...

— גיי און דערצייל אים.

— כ'וועל גיין און דערציילן...

און מאַרטע איז אַוועק.

די שײַטערס האָבן באַלויכטן איר שלאַנקן קערפּער. זי האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין קעסל, אויפֿגעהאַנגען אים איבערן פֿײַער, שטילערהייט געזונגען און געקוקט אַף ליאַכן, וועלכער האָט ניט אויפֿגעהערט צו שפּילן אַפֿן האַרמאָניק.

אַ פֿריילעכער און אַ דרייסטער יונג איז ליאַך!

* * *

דער אַלטער ציגײַנער, אַלעקסיי, איז געלעגן אונטערן יאַדלע און געהאַלטן דעם קאָפּ אַף אַ פניאַק. הויך אין הימל זײַנען מיליאָנען שטערן. לעבן זײַנע פֿיס ברענט דער שײַטער. פּעכיקע קאָרטשעס פֿלאַקערן אויף און באַלויכטן אַף אַ ווײַלע דעם צוקנייטשטן, דאַרן און געלן פּאָנים. מיט די האַלאָבלעס אינדערהויך שטייען די וועגענער. לעבן זיי די ווײַסע בײַדעלעך. לעבן זיצט זײַן ווײַב, אַלט אַזוי ווי ער, מיט גרויסע אוירינגלעך, זי גרייט אָונטברויט, מורמלט עפּעס אונטער דער נאָז, אָבער אַלעקסיי קוקט אַף איר ניט.

ס'איז אים דערעסן צו ליגן און ער איז אויפֿגעשטאַנען, אַוועק אַ קוק טאָן דעם פֿערד און אַ פּאַטש געטאָן אים איבער דעם לאַנגן האַלדז.

— גוט!—האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

געזעצט זיך האַרט לעבן שײַטער, אַרויסגענומען די לולקע און פֿאַרויכערט.

לעבן די איבעריקע בײַדלעך זײַנען אויך געזעסן מענטשן, גערעדט ווער וועגן וואָס, און אַנדערע—צעוואָרפֿן אַפֿן גראָז און געטראַכט...

אילקע איז געקומען צו זײַן שײַטער.

— גוט יאָר, זון!—האָט געענטפֿערט דער טאַטע אַף דער באַגריסונג, און דערפֿרייט זיך,—אַלטע,—האָט ער אַ געשריי געטאָן,—טראָג גיכער דעם אָונטברויט. אילקע וויל עסן.

און ווען זיי האָבן זאַלבאַדריט געגעסן די בולקע מיט בײמל, האָט אַלעקסיי געקוקט אַף דעם זונס פֿאַרמאַטערטן פּאָנים.

די מאַמע האָט געזאָגט.

— אַסאַך האָסטו, זון מײַנער, געלט פֿאַרדינט? צו ווינטער וועלן מיר אַ בעהיימע קויפֿן...

אַלעקסיי האָט געזאָגט:

— כ'וועל מיט פֿערד אָנהויבן צו האַנדלען. מען קען זיך באַגיין אָן אַ בעהיימע. צווירקע און ליאַך פֿאַרדינען אַסאַך געלט.

— כאָטש דו ביסט אַ טאַטע, אָבער דו ווייסט ניט,—זיי פֿאַרקויפֿן געגאַנוועטע פֿערד.

— שווײַג אַלטע, פֿונוואַנען ווייסטו?

— עהע, אַ גוטער ציגײַנער ווייס אַליין...

די עלטערן האָבן זיך געקריגט, און דער זון איז געזעסן אַ שווײַגנדיקער. לעבן דעם גאָענטן שײַטער איז געזעסן מארטע. מיטאַמאָל איז זי אופגעשטאַנען און אַוועק פון יאַר צום בערגל (אילקע האָט עס דערזען).

— גיב אילקע דאָס געלט, האָט געזאָגט דער טאַטע.

אילקע האָט אַרויסגענומען און געגעבן, אָבער ניט אַלץ.

— גיב די גאַנצע...

— די גאַנצע וועל איך שפּעטער אָפּגעבן.

— דו אַכטעסט ניט דעם טאַטן, זון, וואָס וועסטו טאָן מיט זיי?

-- דו וועסט פאַרשיקערן.

— אָ, וואַ, אַלעקסיי ווייס דעם פרײַז פון געלט, און זאָל דער זון וועגן דעם ניט דײַגענען. נו, זאָל זײַן, מאָרגן פאָרן מיר אַפן יאריד.

אילקע איז אַוועק פון שײַטער צום בערגל, זיך געזעצט און פאַרטראַכט זיך וועגן ציגײַנערישן לעבן. פון בערגל זעט מען גוט דעם גאַנצן טאַבאָר.

„כ'וועל מאָרגן אַ רייד טאָן מיט די כאַווייריִם פון שטאָט. זיי זײַנען אַלע קלוגע, אַלץ ווייסן זיי, זיי לייענען ביכלעך. זיי וועלן מיר אַן אייצע געבן, וואָס צו טאָן".

ער האָט אַפילע ניט געהערט, ווי ס'איז צוגעגאַנגען מארטע און אַוועקגעלייגט אים די האַנט אַף דער פּלייצע. אילקע האָט אופגעציטערט.

— וואָס זיצסטו אַ כמורנער אַזאַ? האסט קיין פײַער ניט. נו וועגן וואס טראַכסטו?

— איך טראַכט וועגן אונדזער לעבן...

— צוליב וואָס טראַכטן וועגן אים—לעב און גאָר. אָן טרינקט דאָרטן צווירקע מיט ליאַכן בראנפן. זיי האָבן גערופן מיך, איך האָב זיך אָבער אָפּגעזאָגט, זיי האָבן פּלענער, זיי וועלן פאַרדינען אַסאַך געלט.

— וואָס פאַר אַ פּלענער?

— זיי האָבן מיר ניט געזאָגט.

אינגאַנצן אַ שוואַרצע נאַכט. אילקע זעט קיינעם ניט אויסער מאַרטען. ווען זי רעדט, פינקלען באַ איר די אויגן און די געדיכטע קליינע ציינער, און זי קוקט די גאַנצע צײַט אַף אילקען.

— דײַן האַנט איז הייס,—זאָגט זי—דריק ניט אַזוי שטארק מײַן האנט, איך האָב ליב פריילעכע און דרייסטע. דו ביסט שטענדיק אַן אומעטיקער, אבער איך וויל ווייסן וועגן וואָס דו טראַכסט...

איך טראכט וועגן דער גרויסער שטאָט, וווּ די ווענט זײַנען גרויסע, וווּ עס ברענען ניט קיין שײַטערס, נאָר עלעקטרישע לעמפּלעך. מען זאָגט, אַז די מענטשן דאָרטן לעבן אַנדערש. און נאָך טראַכט איך, אַז מיר זאָלן וואַרפן אונדזער ברודיקן וואָגל-לעבן, אַז מען זאָל אונדז האַלטן פאַר מענטשן, און אַז מיר אַלע זאָלן אַרבעטן... דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי, אָבער כ'וויל ניט וואַרפן. ווען דו וועסט טאָן אַזוי, וועט דער גאַנצער שטאַם פאַרשילטן דיך... איך האָב מוירע פאַר דיר... כ'וועל אַוועקגיין...

מאַרטע האט זיך אַרויסגעריסן און איז נעלעם געוואָרן אין די קוסטעס.

מיט טיפן וויי איז געשטאַנען אילקע. דערנאך איז ער שטיל אַוועק צו זײַן שײַטער.

דער טאַטע האט צוזאמען מיט צווירקען און ליאַכן אָנגעטרונקען זיך מיט בראנפן פאר דעם זונס געלט און געאָרעמט ליאכן. דערנאך האט ליאַך געשפּילט אַפן האַרמאָניק, און דער אַלטער אַלעקסיי האט געטאַנצט מיט צווירקען און געזונגען אַן אַלט ציגײַנעריש ליד, און דער גאנצער טאַבאָר האָט געקוקט אַפן אַלטן, געלאכט און געפּלעסקעט מיט די דלאָניעס. מע האט זיך געפרייט ביז די שײַטערס האבן זיך ניט אויסגעלאָשן, און דער גאַנצער טאַבאָר איז אײַנגעשלאָפן.

* * *

אין טאַבאָר איז מען אויפֿגעשטאַנען פֿרי. עס האבן געהוידזשעט אין יאַר די פֿערד, ערגעץ האבן געקוויטשעט די כאַזיירים. פֿרי האט מען צוגעגרייט דעם אָנבײַסן, און די אַלטע ציגײַנערקעס-טרעפֿערקעס זײַנען זיך צוגאַנגען אין שטאָט. אין יעדן בויד איז עמיק פֿאַרבליבן.

אילקע איז געפֿאָרן מיטן טאַטן אַפֿן יאַריד, געפֿאָרן מיטן שטויביקן וועג, מיטן פֿעלד. די זון איז אויפֿגעגאנגען הויך, און דער טוי האָט זיך אָפּגעזועצט. דער טאַטע האָט די גאַנצע צײַט גערעדט וועגן פֿערד, וועלכן ער האָט זיך געקליבן קויפֿן...

אילקע איז אַ גאַנצן טאָג אומגעגאַנגען איבערן שטאָט און צו אָוונט-צו אומגעקערט זיך מיט אַ קליינינקן צייכן אַפֿן ברוסט. ער האָט זיך דערוווּסט אין טאַבאָר, אַז צווירקען און ליאַכן האָט מען ביז בלוט געמיימעסט אַפֿן יאַריד פֿאַר אַ פֿערד, און זיי זײַנען קאָם לעבעדיקע אַנטלאָפֿן. צווירקע און ליאַך, צעמיימעסטע, זײַנען אָבער ווידער געווען שיקער, געווידלט זיך און געדראָט עמיצן. לעבן בײַדל איז געלעגן מארטע, געקוקט אַף די צוויי דרײַסטע און שיקערע ציגײַנער, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז איר פּאָנים דריקט גאָרניט אויס.

ווען ס'איז אינגאַנצן פֿינצטער געוואָרן, האבן זיך אומגעקערט אַלע אײַנוואָינער פֿון טאַבאָר, געטיילט זיך מיט די פּאַסירונגען פֿון טאָג, געציילט די פֿאַרדינטע גראָשנס און געווידלט זיך.

און אילקע איז געלעגן, געטראַכט, צוגעהערט זיך צו דעם, וואָס עס האבן געשמועסט צווירקע און ליאַך. צווירקע—אַ רויט-האָריקער, אַ גרויס-וווּקסיקער, האט געזאגט:

— ווי רעכנסטו, ליאַך, די פֿערד זײַנען אונדזערע—האַ?

— ווי-זשע, פֿאַרשטייט זיך, אַז אינדזערע. וועמעס דען?

זיי האָבן נאך פֿיל גערעדט, געפּלאַנטערט זיך, איבערדערציילט אַפּסנײַ און באַרימט זיך איינער פֿאַר דעם אַנדערן. און אילקע האט פֿון דעם אלעמען פֿאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געגאַנוועט פֿון יאַריד אַ פּאָר פֿערד און צוגעבונדן זיי אין סאָסנאַק. האַלב נאַכט רעכענען זיי איבערליפֿערן די געגאַנוועטע פֿערד. אים האט עפּעס אַ שטאָך געטאָן: ס'האָט זיך פֿאַרוואָלט שטערן זיי אין דעם. מארטע איז צוגעגאַנגען צו ליאַכן און האט אים עפּעס אַ מורמל געטאָן. דעמלט האט זיך ליאַך צעלאַכט, געוויגט זיך און געסטאַרעט זיך אַלץ אַרומנעמען די שלאַנקע מארטע.

— האַ, וואס זאגסטו? ער איז שטאַרקער פֿאַר מיר? ווילסט, כ'וועל זיך מיט אים באַלד אַ מעסט טאָן...

— פּרווו זיך, האט אַ ווונק געטאן דאס מיידל און געפּאַטשט אין די דלאַניעס.

— העי, ווּהין ביסטו אַוועק, וואַרט צו,—האָט אַ געשריי געטאן ליאַך צו אילקען, וועלכער איז אָפּגעגאַנגען פֿון שײַטער—ער האט נאך אַסאַך געשריִען, און אילקע האט ווי ניט געהערט, געגאַנגען אין סאסנאַק און געקומען צו אַן אָרט, צו אַ זאַמדיקער גרוב, דאָרט האט ער דערזען די צוגעבונדענע פֿערד...

גיין טייקעף אין שטאָט און מעלדן וועגן דעם,—איז דורכגעפֿלויגן אַ שאַרפֿער געדאַנק.

די נאַכט איז אַזאַ פֿינצטערע...

— ווּהין ביסטו געגאַנגען?—האט דראָענדיק געפֿרעגט ליאַך—דו הערסט? שווײַג. וועסט שווײַגן?

— כ'וועל ניט שווײַגן...

— אַהאַ דו ווילסט ניט?—דעם פּאָנים בײַ ליאַכן איז געוואָרן אַ שרעקלעכער,—קום אילקע אַ מעסט טאָן זיך. מארטע זאָגט, אַז דו ביסט אַ שטאַרקער יונג.

און ניט וואַרטנדיק אַף אַן ענטפֿער, האָט ליאַך אַרומגעכאַפּט אילקען, צוגעדריקט דעם קאפּ צו אילקעס פּלייצע און, ווי מיט צוואַנגען, אים צונויפֿגעפּרעסט. די מענטשן זײַנען

געשטאַנען אַרום און מיט נײַגעריקײַט געקוקט אַף דעם קאַמף. ענדלעך איז אילקע אָפּגע-שוואַכט געוואָרן אונטערן אָנגריף, און ליאַכס שווערער גוף האט אים צוגעדריקט צו דער ערד.

— ביסט אַ וואָילער יונג, ליאַך!—האט געשריִען צוויִרקע און נאך עטלעכע צוזאַמען מיט אים.

— נו, ווי?

— אילקע האט געשוויגן.

— וואס שוויַגסטו הינטיש בלוט? האַ? דו מיינסט, איך ווייס ניט וואוהין דו ביסט גע-גאַנגען - כאַ-כאַ-כאַ. ליאַך ווייס אַלץ, דו ביסט געגאַנגען אָנקוקן די פֿערד, און די פֿערד זײַנען מײַנע, דו הערסט? איך שפּײַ אַף דיר, וואס קענסטו מיר טאָן? עך, אַ שנעק ביסטו, ניט קיין ציגײַנער...

דעמלט האט אילקע אין איינזאמקײַט אַ קוק געטאן אַפֿן קליינינקן צייכן, וואס אַף זײַן ברוסט, און האָט איבערגעפּירט דעם בליק אַף מאַרטען, וועלכע האט אַ שטאָלצע געקוקט אַף אים.

אילקע האט געזאגט:

— כ'וועל גיין אין שטאָט און מעלדן, אַז דו האָסט געגאַנוועט די פֿערד.

— דו וועסט גיין?—האט געפֿרעגט ליאַך און צונויפֿגעזשמורעט די בייזע אויגן.

— מע טאר ניט אַזוי—האט עמיצער פֿון דעם אוילעם געזאָגט.

— אַ ציגײַנער גיט ניט אַרויס אַ צווייטן ציגײַנער...

— פֿאַראַט!—האט אַ געשריי געטאָן ליאַך און מיטן גאַנצן קויעך אַ זעץ געטאָן אילקען אין ברוסט.

אילקע האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, נאָר ער איז אײַנגעשטאַנען אַף די פֿיס. אין שוואַר-צער איימע פֿון נאַכט האָבן געקוקט אַף אים צענדליקער בייזע פּענימער, און אין זײַנע אויגן האָט אויפֿגעבליצט אַ פֿײַערל. ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט. נאָר ער האָט אויסגעשריִען אויסגעשריען שווער מיט אַ ברוך:

— הערט זיך צו, איך וויל ריידן וועגן לעבן.

אין אַ קרייז פֿון הייסע מענטשן לעבן שײַטער, האָט ער געוואָרפֿן די ווערטער... נאַכט... ס'האָבן געפֿינקלט שטערן... ערגעצווו האָט געהירזשעט פּאַמעלעך און לאַנג אַ ציגײַנע-רישער פֿערד, ער האָט זיך עפּשער פֿאַרבלאָנדזשעט און איצט בענקט ער נאָכן טאַבאָר.

— רייד, אילקע!

אַזוי האט געזאָגט מארטע, גענומען אים בײַ דער האַנט און אין וואַרטן געקוקט אַף אים. אילקע האָט אָפּגעוואָרפֿן איר האַנט.

— רייד,—האָבן געזאָגט די יונגע.

— רייד,—האָבן געזאָגט די אַלטע ציגײנער.

— וואָס וועסטו אונדז זאָגן?—האָבן געפֿרעגט אַלע מיטאַמאָל.

און ווען ער האָט גערעדט, האָט אַפֿילע דער ווינט ניט געשטערט דער שטילקײַט.

קוקט אַף מיר, בײַ מיר אַפֿן ברוסט איז אַ קליינינקער צייכן—„קים". עס האָבן מיר אים געגעבן די כאַווײרים פֿון שטאָט. כ'בין יעדן טאָג געגאַנגען צו זיי אין ווײַסן מויער, זיי האָבן מיט מיר אַזוי גוט גערעדט און געלערנט לייענען ביכלעך. אָט די כאַווײרים מײַנע ווילן, אַז אונדזער לעבן זאָל ניט זײַן קיין פֿינצטערער, אַז מיר זאָלן ניט זײַן קיין וואָג-לער, אַז מיר זאָלן ניט גאַנווענען קיין פֿערד...

— זאָלן מיר שטאַרבן, וואָס?—האָבן זיך אָפּגערופֿן שטימען—מיר ווילן דאָך אויך...

— שווײַגט, איך רייד וועגן דעם, ווי מיר וועלן לעבן.

און ווידער שטיל...

און אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט וועגן לעבן, איז געווען דער עמעס אַליין, און אַלץ, וואָס עס האָבן געוואָלט די מענטשן, איז אויך געווען דער עמעס.

... עס סקריפּען ציגײַנערישע בוידן, הויבן אוף דעם שטויב איבער די וועגן און עס פירן די ציגײַנער אין די בוידן דעם אומגליק פון דוירעס, פאַרפלוכטע פון שרעקלעכן גאָט, פינצטערע, היימלאָזע, מענטשן-וואָגלער צווישן אַנדערע מענטשן. וועלכע ציגײַנערישע ליד וועט דערציילן וועגן אַלע לײַדן? מע פאָרט פון איין אָרט צוּ אַ צווייטן. ס'איז זיי ענג אַף דער ערד... די יונגע ציגײַנערן זינגט... די אַלטע מאַמע וויינט... עס סקריפּען די ציגײַנערישע בוידן...

— עמעס האָבן געזאָגט די מענטשן אין אָפּגעזיפּצט.

און ס'האָבן דערפילט מיטאַמאָל די ציגײַנער דעם פרײַען רייעך פון ראַכוועסן, דעם סקריפּען פון ניטאָנגעשמירטע רעדער, דעם פערדישן און מענטשלעכן שוויים. וווּהין פאָרן? ווי פאָרן? דער יאַר, האָט זיך אויסגעדוכט, איז קלענער געוואָרן, דאָס לעבן נישטיקער. ווײַטע ווידערקלאַנגען פון דוירעס האָבן דערהערט די הערצער. און ערגעץ דאָרטן, הינטער די בערגלעך, האָבן געבליט מעכטיקע פעלדער. די ערד איז געווען אַ שוואַרצע, אַ פריי-לעכע און אַ רייצנדיקע, יענע ווײַט, וווּהין עס האָט גערופן דער יונגער ציגײַנער אילקע, איז געווען אַן אומבאַוווסטע, אַ שרעקלעכע—אָבער זי איז געווען דער עמעס אליין און דאָס לעבן אַליין...

— וווּהין גייסטו, אילקע?

אילקע איז אַוועק פון שײַטער. זיך אומגעקוקט אַף צוריק—ווי פריער זײַנען געשטאַנען אין אַ קרײַז די ציגײַנער, באַלויכטענע פון די שײַטערס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געוואָלט זיך שוין אומקערן צוריק, אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך שאַרף אַ קער געטאָן און דערהערט, ווי עס רוישט אַפן פעלד די טוווע און עס טופּעט אַף די רעלסן דער צוג און האָט ניט דערהערט, ווי צווירקע און ליאַך האָבן זיך געוואָרפן אַף אים און אוועקגעוואַלגערט צו דער ערד.

— און עפּשער וועסטו ניט גיין אין שטאָט?

-- כ'וו״ל גיין,—האָט געכריפּעט אילקע.

— אויב אַזוי.

— א-א-א... אַהאַ-האַ...

און מיט כײַעשער קראַפּט אים געוואָרגן באַם האַלדז, געשלאָגן...

— שלאָג דעם הינטישן זון...

און ניט געלאָזן שרייען, און געשלאָגן, וו נאָר אַן אָרט.

מיט הייסע בלוטיקע קושן, האָט ער געקושט אין דער נאַכט די ערד. אַך, ווי ווונ-דערלעך זי האָט געשמעקט, ווי זיס זי איז געווען!

דערנאָך:—היי—היי און אַ געלעכטער. טײַוולאָניש האָט עמיץ געלאַכט און צוויי שאָטנס האָבן זיך געלאָזן איבערן פעלד און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די פערדישע טלאָען ווילן דורכלעכערן די ערד... און אַ הודאָק אַף דער נאָענטער סטאַנציע... און די ערד... און אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט, איז געווען דער עמעס אַליין...

די פאַרכאַלעשטע אויגן האָבן זיך געעפנט. מיט גרינעם ליכט האָט די לעוואָנע געגאָסן אַפן בלייכן פּאָנים.

מאַרטע,—האָט ער גערופן,—מאַרטע!

און האָט דערזען, ווי אַ שוואַרצער שאָטן האָט זיך געזעצט לעבן אים, אַוועקגעלייגט זײַן קוטשעראַווען קאָפּ צו זיך אַף די קני און אַלץ געקוקט אין די אויגן. לאַנג געקוקט און ניט געהערט די קרעכצן.

— מאַרטע, ליאַך איז געזינטער פון מיר... דו האָסט עס געזען...

— שווײַג, האָט זי געפליסטערט—דו האָסט גערעדט ריכטיק, אילקע... דו ווילסט, איך וועל דערפאַר אַ קוש טאָן דײַנע אויגן. באַ דיר אַפן פּאָנים איז פרישע בלוט, אָבער איך וועל עס מיטן טוי אָפּוואַשן.

און מיטן קאַלטן טוי אָפּגעוואַשן דאָס בלוט.

* * *

דײ גראָז אײן יאַר װערט געל. די בעריאָזע-בלעטער װי קופערנע פּינפּערס, פאַלן אַראָפּ און פליען איבערן טאַבאָר. די װאָרצלען פון די יאדלעס זײַנען געװאָרן פעכיקע און שמעקן. עס זעצט זיך אַ סאראָקע אַפן בוים און פלאַפּלט—זי פילט די קעלט, און איבערן שװאַרצן הימל גײען אום געדיכטע װאָלקנס... עס קוקט אַף זײ דער ציגײַנער אַלעקסײ... די װאָלקנס שװימען. דער טאַבאָר דאַרף זיך שױן אױך לאָזן שװימען, איבער װעגן פאַר-װײעטע מיטן ציגײַנערישן אומעט.

אין די בוידן װערט צו אָװנט-צו קאַלט. די אַלטע רײדן פון האַרבסט און װאַרעמען זיך.

אין דער קעלט—איז די לײַד. אַף דעם נאָענטן זומפּ קלײַבן אױף די פּרױען זשוראװי-נעס און ברוסניקע—האַרבסטיקע יאַגעדעס. אינדערפרי צעגײט מען זיך פון טאַבאָר אין די נאָענטע דערפער: די פרױען גײען װאַרפן קאָרטן, די יונגען פאַרדינגען זיך אַף טאָג-אַרבעט צו די פױערים. אַנדערע האָבן אַ ספּעציאַליטעט: מ׳כן שלעסער, שליסלען, פאַרגיסן עמערס, טשוהון, בײַטן אױס און פאַרקױפן פאַרשײדענע ברוכװאַרג. און אין אָװנט קלײַבן זיך אַלע צום טאַבאר, מע עסט אָפּ און מע זיצט קופּקעסװײַז (עס קװיטשען כאַזײרים, עס װײנען קלײנע, אָפּגעריסענע און הונגעריקע ציגײַנערלעך)׳ מע רעדט און מע אַמפּערט זיך װעגן דורכגעמאַכטן זומער, װעגן צװירקען און ליאַכן—יונגע און דרײסטע ציגײַנער, װאָס האָבן פאַרביטן די ציגײַנערישע פרײַהײַט אַף דער טפיסע אין שטאָט. און די מערהײַט רעדט פון דעם, װאָס װעט זײַן, װי לעבט מען...

עס זיצט אילקע מיט אַ צײכן אַפן שטערן, װאָס האָט זיך דאָ ניט לאַנג פאַרצױגן און הערט.

— זאָל זאָגן אילקע—בעט מען זיך בא אים.

און אילקע רעדט...

און איבערן טאַבאָר לױכטן שױן ניט די שטערן. אַ נעפּל, כױשעך. איבערן טאַבאָר רױשט דער װינט און עס װײנט די קוקאַװקע אַף דער יאָדלע (גיט אַ קוק אַן אַלטע ציגײַ-נערן און צעװײנט זיך).

מאַרטע האָט זיך אײַנגעװיקלט אין אַ פאַרביקער טיכל, צונױפגעקאָרטשעט זיך׳ זי זינגט שױן ניט, זי זיצט און קוקט אַף אילקען.

לעשן זיך אױס די שײַטערס, לײגט מען זיך שלאָפן. נאָך לאַנג, שאָענװײַז הוסטן די אַלטע, קרעכצן און בעטן װעגן עפּעס בא גאָט. עס קומט ניט דער שלאָף. די פאַרפּענטעטע פערד קלינגען מיט די אײַזערנע פענטעס און געפינען ניט קײן עסן, װײַל די גראָז איז געל געװאָרן.

אילקע גײט אָפּט אין שטאָט אַרײַן. איבער די נײַע שפּאַלן קערט ער זיך אום צוריק. ער דערמאָנט זיך, װי אַזױ עס האָבן אים געשלאָגן צװירקע און ליאַך, פרעסט צונױף די צײנער: די צאָרע איז ניט אין זײ, זי איז אין לעבן... דער האַרבער װינט בלאָזט אין שװאַרצן פּאָנים און עס טעטשט אַף אים די מידע ערד מיט די ראַכװעסן און בענקשאַפט פון אירע פעלדער, װײַל ס׳האָבן שױן אַראָפּגעפירט די פױערים די טװוע און איבערגע-לאָזן די ניטנוציקע סטרענע. װאַכואַם הערט ער זיך צו צו די דאָרפישע קלאַנגען, װי עס סקריפּען די טױערן און עס קלאַפּן די דרעשער, װי עס זינגען די דאָרפישע מײדלעך.

נאָכדעם זיצט ער לעבן מאַרטען און דערצײלט, װאָס ער האָט געזען אין שטאָט, װאָס ער האָט געהערט. מאַרטע הערט, שאָקלט מיטן קאָפּ, איז מאַסקים, אַניט נעמט זי זײַן האַנט אין אירער און קוקט אים אין די אױגן אַרײַן...

— מאַרטע, זינג מיר אױס אַ ליד!

מאַרטע, זינגט—און דאָס ליד איז אַ יונגע, אַ העפקערדיקע, אָבער אַן אומעטיקע...

און די בלעטער פאַלן. די שװאַרצע סמאָלע רינט איבער דעם בױם. טשאַטעסװײַז ציען די בושלען איבערהױך. עס הירזשען די פערד—זײ װילן אין װעג אַרײַן.

* * *

איינמאָל אין אַ כמורנעם טאָג האָבן זיך פֿון טאַבאָר אָפּגעטיילט צען געזינדן. יעדער געזינד האָט איינגעשפּאַנט אַ פּאָר פֿערד, אַוועקגעלייגט אַפֿן וואָגן דעם האַק און פּאַק, אונטער דער לייוונטענער בויד אַוועקגעזעצט די פֿרויען, קליינע קינדער, צוגעבונדן הינטער דעם וואָגן, ווער אַ לאָשיק, ווער אַ בהיימע און אַרויסגעפֿאָרן פֿון יאַר, דעם לעצטן מאָל אַ קוק געבנדיק אַף דעם אַש פֿון שייטער. אַרויסגעפֿאָרן אַפֿן וועג, דערנאָך אַפֿן טראַקט, וואָס איז באַזעצט מיט געלע ליפּעס.

פֿאָרויס פֿאָרט דער אַלטער אַלעקסיי. קוקט אַרום די גראָע פֿעלדער און ס׳איז אומעטיק דעם אַלטן.

אילקע טרייבט אָן דעם פֿערד.

אַף דעם צווייטן וואָגן—מאַרטעס טאַטע, מאַקאַר, און נאָך אים ציען זיך די איבעריקע.

אַ טונקעלער פֿרי, איבער די פֿעלדער פֿויזעט דער נעפּל...

עס באַגעגענען זיך אַפֿן וועג דערפֿער, קריכן אַראָפּ די אַלטע ציגיינערנס מיטן יונגוואַרג, מע פֿאַרגייט צו די פּויערים אין די הייזער וואַרפֿן אַף קאָרטן. די פּויערים קוקן מיט אַ פֿאַרדעכטיקן באַלעבאַטישן בליק, עמיצער זאָל עפּעס וואָס ניט צוציען און ס׳טרעפֿט מע יאָגט פֿון שטוב אַרויס.

— ביזוואַנען וועט זיין אַזאַ אומדזער לעבן? ווער וועט פֿאַר אים געפֿינען אַ וועג? דער ציגיינער איז אַ גאַנעוו, דער ציגיינער נאַרט אָפּ... בײַ דעם ציגײַנער איז דאָס געוויסן ניט קיין ריינער... הונגער, קרענק...

אילקע קוקט אַפֿן וואָגן, וווּ עס זיצט מאַרטע. לאַנג קוקט ער זיך איין אין איר טונקעלען און אומעטיקן פּאָנים, פּרוּווט אַ שמייכל טאָן איר, אָבער דער שמייכל אירער קומט אַרויס אַן אומעטיקער. אַ ראַכמאָנעס אַף איר.

אָט האָט דער ווינט אַ כאַפּ געטאָן אַ גאַנצן הויפֿן נאַסע בלעטער און צוקײַקלט זיי איבערן וועג.

און דער וועג איז נאָך אַ לאַנגער, אַן איבערדריסיקער.

אַזוי פֿאָרן זיי יעדן יאָר. פֿון קינדווייז אויף פֿאָרט אילקע מיטן טאַטן. נאָר קינדווייז איז געווען גאַנץ אַנדערש.

אילקע—אַ קליינינקער שוואַרצינקער ציגײַנערל. זיי שטעלן זיך אָפּ לעבן אַ דאָרף. קלײַבן זיך צונויף שכיינים, די דאָרפֿישע יונגען.

העי, ציגײַנער, גיב אַ טאַנץ קריגסטו אַ גראָשן,—זאָגט עמיצער.

און אילקע איז צופֿרידן: לאָזט זיך שפּרינגען, דרייט זיך ווי אַ ראָד, גייט אַף די הענט. לאַכט מען און מען גיט אַ גראָשן.

נאָך דרײַ טעג פֿאָרן זײַנען זיי געקומען אין איינעם אַ דאָרף, נעבן אַ גרויסן זומפּ, וווּ זיי האָבן געווינטערט דאָס לעצטע מאָל. געבעטן זיך צו די באַלעבאַטים אין שטוב, און מען האָט זיי אַרײַנגעלאָזן פֿאַר אַסאַך געלט.

— וואָס וועלן מיר טאָן, אילקע?—זאָגן טאַטע-מאַמע, ס׳איז אַ דויכעק בײַ אונדז. קײַן ברויט ניטאָ. אין דאָרף איז האָבער ניט געראָטן. וואָס טוט מען, אילקע?

יעדערער פֿון די צען געזינדן איז צוגעגאַנגען און בײַ יעדן אַפֿן פּאָנים איז קנייטשן.

— גיין גאַנווענען, צו וואָס?

— רייד ניט, וועסט האָבן אַזאַ פּסאַק ווי צווירקע און ליאַך.

און לעבן דאַרף מען דאָך.

— פֿאַרוואָס האַנדלט איר ניט מיט פֿערד?—פֿרעגן די פּויערים.

— פֿון דעם וועסטו אַסאַך ניט פֿאַרדינען.

ס׳האָט זיך איינגעהויקערט דער אַלטער מאַקאַר און פֿאַרויכערט די ליולקע.

— בּיזט באַ אונדז אַ קלוגע קאָפּ, אילקע. טו אונדז אַ טויווע—טראַכט צו וואָס... העלף. מיר וואָלטן נאָך געלעבט, נאָר באַ די פּויערים איז ניט געראָטן.

אַלע מיט אַמאָל בּעטן און מע אַמפּערט זיך. מען קראַצט מיט די צוקרימטע פינגער די צעפּאַטלטע קעפּ.

און אילקע אַליין טראַכט שוין לאַנג מיט אַ צוקנייטשטן שטערן. ער זיצט אַ פֿאַרזאָרטער, אַפילע מאַרטע האָט מוירע צוצוגיין.

— נאָר איינס איז פֿאַרבליבן פֿאַר אונדז,—זאָגט ער—באַזעצן זיך אַף ערד.

— ווי? באזעצן זיך אַף ערד?

— וועט וואָס זײַן פֿון דעם? און ווו איז די ערד אונדזערע? פֿון דוירעס אָן איז זי ניט אונדזערע. ער זאָגט אַף ערד—נו, האָט ער צוגעטראַכט.

און פיל געאַמפּערט זיך, געזידלט זיך אַף אַזויפיל, אַז אילקע האָט אויסגעשפּיגן און אַרויס פֿון שטוב.

אַף מאָרגן האָבן זיי זיך ווידער צונויפגעקליבן.

מאַקאַר האָט אין אַלעמענס נאָמען פֿאַרפֿירט דעם געשפּרעך.

— אָט, אילקע דו זאָגסט אַף ערד... ניטאָ באַ אונדז קײַן ערד... יטאָ... מיר וואָלטן עפּשער געאַרבעט. נאָר ס'איז ניטאָ... און עפּשער וועט די מאַכט געבן? ווי רעכנסטו, וועט די סאָוועטסקע מאַכט אונדז געבן ערד? דו לייענסט ביכלעך, אילקע, איז דאָרט ערגעץ אָנגעשריבן, אַז מען זאָל געבן ערד די ציגײַנער... דו שווײַגסט, הייסט עס, אַז עס איז ניטאָ... און וועלן מיר בּיזן טויט, ווי שנאָרער אומפֿאָרן, ען!...

אילקע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעצונדן אַלעמען מיט דעם פײַער, וואָס האָט געשלאָגן פֿון זײַנע אויגן.

— ערד וועט זײַן, איך וועל זיך דערשלאָגן. הײַנט נאָך גיי איך אין שטאָט.

— גיי אילקע, גיי. . גיי צו דעם גרעסטן נאַטשאַלניק און זאָג אים פֿון אונדזער אַלעמעס נאָמען: „עס ווילן ציגיינער לעבן, און ס'איז ניטאָ באַ זיי קײַן ערד. גיב אונדז ערד. לעניז האָט אַלעמען געגעבן ערד. אויב דו וועסט אונדז ניט געבן, וועלן מיר גיין גאַנוועגען. אָט וואָס, האָב איך ריכטיק געזאָגט?

— מען וועט אונדז געבן ערד!

— אילקע, באַווײַז אונדז דײַן צייכן, זאָל מען וויסן, ווער איז אַזאַ אַלעקסיי דעם ציגײַנערס זון—גרויסט זיך דער טאַטע מיט זײַן זון.

מאַרטע איז צוגעגאַנגען, צעלאַכט זיך און דורכגעפירט מיטן האַנט איבער אילקעס צושויבערטע שוואַרצע האָר.

— איז עמעס, אַז מע וועט אונדז געבן ערד?

— עמעס.

— און מיר וועלן זיך אַ שטוב אויסבויען?

— מירן זיך אויסבויען אַ שטוב, מיר וועלן אַקערן און זייען... און וועלן זיך אויסלערנען לייענען. דו ווילסט, מאַרטע?

— כ'וויל.

זאָגט מאַקאַר:

— מאַרטע, האָב אים ליב אילקען: ער זאָרגט זיך פֿאַר אונדז, פֿאַר אונדזער לעבן. עס ווייס ניט דער טאַטע, וואָס עס טראַכט די טאָכטער.

— ס'וועט זײַן ערד! אין ערד איז גאָלד פֿאַרבאַהאַלטן.— — — — — — — — — —

איז אַוועק אילקע אין דער גרויסער שטאָט נאָך ערד...

און ביז ער האָט געבראַכט זי—אַ שווערע און ניטנאָכגיביקע—האָבן אין דער נאַכט געכאָלעמט די ציגײַנער וועגן שוואַרצערד, וועגן אָנגעגאָסענעם ברויט אַף דעם גאָלדענעם זאַנג.

יידיש—ז. וו.

ש. ראָסין.

# טראָגן מיך די צוגן.

איבער לאַנד מײַן היימלאַנד טראָגן מיך די צוגן:
שטיי איך באַ די פֿענצטער, ווער ניט מיך צו קוקן.

טראָגן זיך די צוגן, טראָגן זיך די וועגן—
ליכטיקע בעריאָזעס לויפֿן מיר אַנטקעגן.

ליכטיקע בעריאָזעס טונקל-גרינע יעלן,
דערפֿעלעך פֿאַרשנייטע פֿון דער ווארעם קוועלן.

דערפֿעלעך און שטעטלעך—אין גליקלעכדיקן ווייטיק
ציען זיך פֿאַרשנייטע איינע צו די צווייטע.

דערפֿעלעך און שטעטלעך, אייער אופֿקום רים איך,
וווּ איז אײַער אומעט? וווּ איז אײַער דרימל?

איבער אײַך, אַרום אײַך ציען ברייטע טראַקטן
אײַער שטילן איינזאַם האָט אופֿגעוועקט דער טראַקטאָר.

אײַער שטילן איינזאם—כוטאָרישן עלנט,
האָט אַ פֿרייד פֿאַרטרונקען איבער אַלע שוועלן.

איבער אײַך, אַרום אײַך הענגט אַ זון אַ נײַע,
הויך-ריידער דורך ראַדיאָ אַף די וועגן שרײַען.

טראָגן איבער היימלאַנד, טראָגן מיך די צוגן,
שטיי איך באַ די פֿענצטער, ווער ניט מיד צו קוקן,

טראָגן זיך די צוגן, טראָגן זיך די וועגן—
ליכטיקע בעריאָזעס לויפֿן מיר אנטקעגן.

א. ווערטשאר.

(פון ווייסרוסיש)

# רעקאָנסטרוקטיווע מאַטיוון.

כ'וואָלט אָנעמען אין האַנט די רייפע זאַנגען
און גלעטן יעדערער און צערטלען,
ס'איז פול דאָס פעלד מיט זוניקע געזאַנגען,
און ווו עס קערט דער בליק
אַלץ טוועַ זעט מען.

ערד,
מיט בלוט און שוויס פאַרקנאָטן
קרעכצעט מער ניט אונטער יאָך דעם שווערן.
ס'איז האַיאָר אומעטום אין לאַנד געראָטן
מיט יעדן יאָר די שעפע ווערט אַלץ מערער.

אָט איז דער טרוים,
וואָס כ'האָב געשאַפן אין באַגינען:
דעם ערד-קיילעך אַרופוואַלגערן אַף די פלייצעס
פון אומגעהערטע שטאָלענע מאַשינעס
און מיט אַ נייער שיין
די העלע ווייט פאַרפלייצן.

איך גיי אַרום אַף פעלדער שטילערהייט,
און קנעט אין האַנט
אַ שטיקל שוואַרצערד פעטן...
דער, וואָס איז הונגעריק
וועט אָפגעבן פאַר ברויט
אַלע לירער פון די טויזנטער פאָעטן.

דערפאַר, וואָס יעדן אונדז
איז טייער ביזן ביין
דער אָטעם פריילעכער פון לעבן.
אָט די פאָעזיע, וואָס האָט די זון געשענקט,
וועט קיינער אָפנעמען
און קיינער קען ניט געבן.

עס איז דער ווייץ פֿאַרברוינט שוין מיט אַ גלאַנץ
אַף פֿעלדער ראַכוועסדיקע פֿון קאָלווירטן,
דאָ זײַנען בוימער יונגינקע פֿאַרפֿלאַנצט,
און צו אַ הויז אַ ליכטיקער
דער פֿרישער וועג—ער פֿירט מיך.

אָבאָזן רויטע וועלן באַלד צום שטאָט
מיט גאַנג מיט רויקן זיך לאָזן.
עס וועט דער ווינט זיי נאָכגיין
טראָט באַ טראָט
און רוישן אין די בלעטער פֿון בעריאָזע.

פֿון כוטאָר וועט אַרויסגיין עמיצער צום וועג
מיט גאַל און גיפֿט אַף דער נעשאָמע,
אַ פֿאָך טאָן מיט דער פֿויסט
אין בייזער שרעק
און וועט פֿאַרטראַכטן זיך וועגן נעקאָמע.

ס'איז אַלץ אומזיסט
אומזיסט...
איך שפּאַן דאָ אום,
און יעדער זאַנג צו מיר אין האַנט
אַרײַנקריכן באַגערט.

אַזויפֿיל העל איז דאָ
אַזויפֿיל זון...
זאָל לעבן אונדזער שטאָל,
זאָל לעבן אונדזער ערד!

ידיש—ז. ו.

קאַראַל דעלוט.

(פון לעטיש).

# דער אייביקער וואנדערער.

אַלטער מאַרצים—אַזוי האָט ער געהייסן. פיל האָבן ניט געוווּסט זיין נאָמען, כאָטש דער אַלטער מאַרצים האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין דער געמיינדע. וואָס איז פאַראַן צו ריידן—דעם אַלטן מאַרצים האָט מען געאַכטעט, ווי אַ בעקאָוועדיקן מענטשן, וועלכער האָט ניט געדויכערט, ניט געטרונקען און וואָס האָט געהאַט זיבן קינדער. דריי פון זיי, ווי ער האָט אַנומלט געזאָגט, זיינען אַליין געקומען צו גאָט, נאָך קליינערהייט פון פאַרשיידענע קרענק. אָבער די איבעריקע האָט ער אויסגעהאָדעוועט פאַר מענטשן: אַלע זיינען זיי געווען גוטע פאַסטעכער באַ סאמנייקס *) פון זיין דאָרף. מיט דער עלטערער טאָכטער קריסטיע האָט דערנאָך כאַסענע געהאַט דער שוימער פון אייזנבאַן קאַצען, וואָס לעבט ביז היינטיקס, און איצט האָט זי שוין אַליין דריי קינדער. די יינגערע טאָכטער—מילצע אַרבעט יעבן פי אין דער גרויסער ווירטשאַפט, וואָס די מעלוכע האָט געשענקט דעם אַגראַנאָם קעוויט. מיט די זין איז אים ניט געגאַנגען. דעם עלטערן—יאַנען האָט מען אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן און נאָך דער שלאַכט באַ וואַרשע האָט מען אים אָפּגעשניטן אַ פוס. ער איז געוואָרן אַ קריפּל און האָט זיך צוגעשטעקט דאָ גופא אין שטעטל, האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל שניירעריי און שלאָגט זיך דורך פון טאָג צו טאָג. דער יינגערער זון—קאַראַל איז פאַראַיאָרן אַוועק אין ריגע און האָט נאָך אַלץ ניט קיין שטענדיקע אַרבעט. ער, דער אַלטער מאַרצים, האָט אַ פּאָר מאָל געבעטן דעם פאַסטעך-יונג אָנשרייבן קאַראַלן אין ריגע, אַז ער זאָל זיך אומקערן צו דער באַלעבאַטישקייט, ס'וועט זיין אַרבעט און ברויט, אָבער דער זון האָט אָפּגעענטפערט, אַז ער וויל מער ניט לעבן אַ פאַרשקלאַפטן לעבן, ער וועט בעסער ענגער פאַרציען דעם גורט און וועט פאַרבלייבן אין ריגע, ווו עס איז דאָ פון וואָס צו אָפּלערנען זיך.

ווער ווייס אים, עפשער וויל ער זיך אויסלערנען פאַר אַ באַלמעלאָכע און עפשער וויל ער ווערן אַ שרייבערל אין אַן אַנשטאַלט—האָט אַ טראַכט געטאָן דער אַלטער מאַרצים און באַרויִקט זיך.

האָט דער אַלטער מאַרצים געוואָינט, הייסט עס, מיט זיין פרוי האַנען אין דעמזעלבן דאָרף און האָט פאַרנומען די שטעלע פון אַ יאָריקן באַטראַק—אַזאַ קרעפטיקער איז ער נאָך געווען.

היינט איז זונטיק, אָבער ניט אַזאַ ווי אַלעמאָל. ס'האָט ערשט אָנגעהויבן שאַריען, און מאַרצים האָט אָנגעקאָרמעט די פערד און קלייבט זיך ערגעץ ווי אַף אַ באַל: אויסגעשמירטע מיט דזעגכץ די הויכע שטיוול, וועלכע ער האָט בייס דער מילכאָמע

*) סאמנייקס—אַ באַלעבאָס פון אַ גרויסן כוטאָר, אין וועלכן עס אַרבעטן עטלעכע באַטראַקעס.

אײַנגעהאַנדלט בײַ אַ רוסישן סאָלדאַט. אָנגעשלײַפֿט דער ווײַבס אַלטע שער און פֿלײַסיק אונטערגעשאָרן די צופּאַטלטע באָרד.

וווּהין קלײַבט זיך מאַרצים? צי ניט אין קירך וווּהין ער קלײַבט זיך גאַנץ אָפֿט? ניין, הײַנט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער טאָג—מען האָט געטיילט די ערד אין דאָרף.

אַמאָל, בײַם דער טעטיקײַט פֿון דער גרינדונג-פֿאַרזאַמלונג אין לעטלאַנד, איז אין גע-מײַנדע-מויער צוגעקלעפּט געוואָרן אַ פֿאָלק-פֿאַרזאַמלונג און עס איז געמאָלדן געוואָרן, אַז דער מיטגליד פֿון גרינדונג-פֿאַרזאַמלונג, זײַן נאָמען האָט מאַרצים שוין פֿאַרגעסן, וועט ריידן פֿון דער ערד-רעפֿאָרם. מאַרצים איז אויך געגאַנגען.

דער יונגער סראָרע האָט שוין גערעדט פֿון דער בינע ווי אַ פּריסטער, און עפּשער נאָך בעסער און האָט מיט די הענט געפֿאָכעט. ביז ער האָט גערעדט וועגן באַראָנעס, וועגן דער פּאָליטיק פֿון פֿריערדיקן פֿאַרבאַנד און סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועגן דער אַרבעט פֿון דער גרינדונג-פֿאַרזאַמלונג און וועגן נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס איז שווער צו באַגרײַפֿן, האָט דער אַלטער מאַרצים ווייניק וואָס פֿאַרשטאַנען, און די אויגן האָבן אַליין געקלעפּט זיך, אָבער ווען דער רעדנער האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן ערד-אײַניאָנים, האָט זיך מאַרצים פּונקט ווי אַלע איבעריקע צעשאָקלט. איז עס געווען גאַנץ קלאָר און אַנטשיידן אָפּגעצייכנט. די ערד געהערט דעם אַרבעטנדיקן פֿאָלק. די ערד, וואָס מע נעמט אָפּ בײַ די באַראָנעס, וועט פֿאַרטיילט ווערן צווישן די ערדלאָזע פּויערים. „די ערד פֿאַר די, ווער עס באַאַרבעט זי!"—האָט געזאָגט דער רעדנער.

„די ערד פֿאַר די, ווער עס אַרבעט אויף איר"—האָט פֿיל מאָל איבערגעכאַזערט דער אַל-טער מאַרצים, גייענדיק אַהיים.

דער יונגער סראָרע פֿון ריגע איז געווען אַ גוטער רעדנער: ווי גוט האָט ער אויסגע-דריקט דאָס, וואָס עס האָט זיך אַזויפֿיל יאָרן נעפּלדיק געפּלאָנטערט בײַ מאַרצימן אין קאָפּ.

און מאַרצים האָט באַשלאָסן: אויך ער וועט פֿאָדערן ערד, ערד, אויף וועלכער ער אַר-בעט שוין זײַן גאַנץ לעבן. ער האָט שוין פֿאַרפֿריער אָנגעגעבן אַ מעלדונג. געבעטן אויס-טיילן אים אַ נאַכלע אויף יענעם מאַיאָנטעק, וווּ ער האָט אַמאָל געאַרבעט—איין נאַכלע, ווי עס וועט באַווילן דער קאָמיטעט פֿאַר ערד-אײַנאָרדענונג. אויף די בעסערע שטיקלעך ערד גיבן אָן מעלדונגען די, וועלכע האָבן די ברירע. אַזוינע ווי ער, וועלכע פֿאַרמאָגן בלויז די דריטע קאַטעגאָריע, דאַרפֿן זיך באַנוגענען נאָר מיט דעם, וואָס ס'וועט פֿאַרבלײַבן—אַזוי האָבן אים געגעבן צו פֿאַרשטיין יענע, וועלכע האָבן מיט דעם אָנגעפֿירט.

און מאַרצים איז אײַנגעגאַנגען. פֿאַר זײַן גאַנץ לעבן האָט ער קיינמאָל ניט איבערגע-קליבן און האָט זיך קיינמאָל ניט געזעצט פֿאַר אַ גרייטן טיש. זאָל מען אים כאָטש געבן די ערגסטע כאַלאָקים אַפֿילו לידומע*)—איר וועט דערזען—אין עטלעכע יאָר אַרום וועט זיך דאָרטן אַלץ צעבליען. וואָס-וואָס, נאָר ערד באַאַרבעטן קען ער—דאָס וועלן זאָגן אַלע פֿון דאָרף און אַפֿילו דער פֿריערדיקער באַלעבאָס פֿון מאַיאָנטעק.

ער וועט פֿאַנאַנדעראַרבעטן די נאַכלע, ביסלעכווײַז אויסבויען די נייטיקע געבײַדעס, וועט פֿאַרפֿלאַנצן אַ גאָרטן—אויף דעם איז ער נאָך גענוג געזונט. און ווען די הענט וועלן אים שוין ניט גיין, וועט זײַן אַרבעט קומען אָפּטאָן קאַראַל, אומבאַדינגט קומען...

הײַנט—דער לאַנג-געוואַרטער טאָג פֿון פֿאַרטיילן די ערד.

איז אָט, ער איז גרייט! אויסגעווידלט די ווײַב, וועלכע האָט הײַנט געמאַרודעט מיטן אָנוואַרעמען די קרויט. און מאַרצים האָט געכאַפּטערהייט אָפּגעגעסן און געלאָזן זיך אין דאָרף. דער גאַנג איז געווען אַ היפּשער, אַ וויאָרסט אַכט.

*) ניט קײַן אויסגעקאָרטשעוועטע ערד נאָכן אויסהאַקן דעם וואַלד.

ווען מאַרציס איז אַריין, האָט דאס דאָרף געריישט שוין ווי אַ בינשטאק. מע האט די גאַנצע וועלט צונויפגעטריבן אהער. עס זיינען געקומען ניט נאר אלע האַלבע באלעבאטים, אַרענדאַטאָרן, באַטראַקעט און פאַרמעגלעכע זין, אבער אויך איינגאַנצן פרעמדע אומבאַקאַנטע יינכעסדיקע פריצים אין מיליטערישער קליידונג, באַהאַנגענע מיט הערלעכע צייכנס׳ קאַוואַלערן פון אָרדען ליאַטשפּלעסיס—אַזוי האָבן אַנדערע צוקייט מארציסן.

די פויערים האָבן זיך געטוליעט צו די ווענט און די פרעמדע פריצים האָבן מיט זיכערקייט געשפאַנט איבערן זאַל.

ענדלעך האָט זיך אויך צונויפגעזאַמלט דער קאָמיטעט פאַר ערד-איינארדענונג. ער האָט פאַרנומען דעם אָרט אַף דער בינע און די פאַרזאַמלונג האט זיך אָנגעהויבן.

דער שרייבערל פון געמיינדע איז דאָ געווען דער גאַנצער מאַכער. ער האָט פלינק געבלעטערט און איבערגעקליבן די מעלדונגען און פלענער און יעדערן דערקלערט זיינע רעכט און קאַטעגאָריעס. און ווען איינער האָט געפרווט שפּאַרן זיך, האָט ער גלייך געוווסט ווי צו געפינען און איבערלייענען דעם נויטיקן פונקט פון געזעץ, וועלכער האָט שוין ניט דערלאָזן צו קיינע דערווידערונגען.

די ערשטע זיינען געגאַנגען די פריצים מיט די פאַרשיידענע יינכעסדיקע צייכנס און פּריווילעגיעס, אינוואַלידן, און אַנדערע, ווען מע האט זיי באַפרידיקט, האָט זיך דער קאָמיטעט אַביסל באַראַטן.

דערנאָך איז אויפגעשטאַנען דער שרייבערל און האָט אַף אַ קאָל געזאָגט:

„איצט גייט די דריטע קאַטעגאָריע: טוישווים, די, וואָס האָבן ניט קיין ערד און אַלע בירגער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע פון די ניטאָרטיקע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלעמען באַפרידיקן איז אומעגלעך. צוליב דעם וועט מען וואַרפן גורל, דער קאָמיטעט וועט פריער פאַר אַלץ באַטראַכטן די מעלדונגען פון דידאָזיקע קאַטעגאָריעס, קעדיי צו קלאָר מאַכן, ווער פון די, וואָס האָבן אָנגעגעבן מעלדונגען, האָבן רעכט ציען גורל.

פאַרביי דעם קאָמיטעט האָט גענומען דורכגיין אַ לאַנגע ריי מענטשן.

„מאַרציס לאבלאקס"—האָט אויסגערופן דער שרייבערל.

„יאָ, יאָ!" האָט זיך אָפגערופן מאַרציס אַזוי, אַז ס׳האָט אָנגעהויבן צו דונערן אין דעם גאַנצן זאַל, און האָט זיך אָנגעהויבן דורכשטופּן צו דער בינע.

„איר האָט אין אייער מעלדונג ניט אָפגעצייכנט קיין שום אינווענטאַר. צי האָט איר וועלכן ס׳ניט איז אינווענטאַר ד. ה. פערד, בעהיימעס, אַקערס, וועגענער און אַזוי ווייטער?"—האט געפרעגט דער שרייבערל און העכער אויפגעהויבן די ברילן אַף דער נאָז.

„יאָ, אינווענטאַר!"—האָבן אַ הילך געטאָן מיטאַמאָל די צוויי אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט: „ווי האַלט עס באַ דיר מארציס מיט אינווענטאַר?".

„אינווענטאַר, אינווענטאַר..."—האָט געמורמלט מאַרציס און האָט זיך אינגאַנצן צוטומלט, וועגן דעם, אַז מען דאַרף האָבן גלייך דעם אינווענטאַר, האָט אים קיינער ניט געזאָגט.

„איז ווי זשע!"—האָט ער אַ דונער געטאָן פריילעך. ס׳איז פאַראַן באַ מיר אַ אינווענטאַר—אַ בעהיימע!"

„און מער גאָרניט?"

„מער גאָרניט..."

„איין בעהיימע!"—האָט אַף אַ קאָל איבערגעכאַזערט דער שרייבערל און האָט אויסגעשטשירעט די ווייסע ציין,—„דאָס וועט זיין אַ ביסל ווייניקלעך!"

„היי, אַלטער מאַרציס, צי קלייבסטו זיך ניט אַקערן די ערד מיט דער בעהיימע!"—האָט אונטערגעכאַפּט עמיצער פון דעם האַמוין, און דער גאַנצער זאַל האָט זיך צעוויגט פון הילכיקן געלעכטער.

„גיב אַ טראַכט, עפּשער וועסטו ערגעצוו קענען אויסלייען אינווענטאַר און עפּשער וועט דיר עמיצער העלפן קריגן אים, און אָנהויבן צו פירן די באַלעבאַטישקייט", האָט גע-

זאָגט איינער פֿון די קאָמיטעט-לײַט, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן. דאָס איז געווען אַ באַטראַק פֿון אופּיטס מאַיאָנטעק.

מאַרציס האָט אָנגעשטרענגט זײַן גאַנצן זיכּאָרן. ווער וואָלט אים געקענט העלפֿן? דער עלטערער זון—דאַרף מען אים אַליין העלפֿן. דער ייִנגערער—זיצט אין ריגע אָן אַרבעט. די עלטערע טאָכטער—האָט אַליין דרײַ קינדער. און די ייִנגערע טאָכטער—וואָס פֿאַר אַ געהאַלט, מע דאַרף דאָך אַליין אַ קליידל זיך קויפֿן.

„נו! האָט צוגעטריבן דער שרײַבערל,—„עס וואָרטן נאָך אַף אונדז אַסאַך”.

„ניין, גאָרניט קומט באַ מיר ניט אַרויס מײַנע האַרן”—האָט געזאָגט ניט דרייסט מאַרציס: „איך טראַכט, צו וואָלט מען מיר ניט געקאָנט וואָס העלפֿן דער מעלוכע... ”

„פֿון דער מעלוכע! פֿונוואַנען וועט די מעלוכע אָנעמען זיך פֿאַר אַלעמען? זי דאַרף אויסהאַלטן די אַרמיי, מיניסטאָרן, געזאַנדטע... און די מעלוכע גיט האַלוואָעס נאָר יענע, וועלכע האָבן עפּעס, פֿון וועלכע מע וועט זיכער קענען באַקומען צוריק”.

אַזוי האָט דער שרײַבערל דערקלערט, מערער פֿאַר דעם גאַנצן אוילעם, איידער פֿאַר דעם אַלטן מאַרציס. ער האָט זיך גרויס געהאַלט; מיט זײַנע קענטעניש, דער שרײַבערל.

„דער געזעץ איז אַ קלאָרער”,—האָט ער ווײַטער געזאָגט, האַלטנדיק אין דער האַנט דעם לייסטער פֿון דער ערד-אײַנאָרדענונג—„אינסטרוקציע נום. 5, אַרטיקל 6, זאָגט, אַז „די ערד פֿון מעלוכע-פֿאָנד גיט זיך אַרויס יענע בירגער, וועלכע האָבן דעם געהעריקן אינווענטאַר אַף צו אַרבעטן אין דער ווירטשאַפֿט, אָדער ווער עס האָט די מעגלעכקײַט קריגן אַזאַ אינווענטאַר”.

דער אַלטער מאַרציס איז געווען באַזיגט. וואָס האָט ער געקעגט טאָן קעגן געזעץ. מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ איז ער אָפּ אָן אַ זײַט.

דער באַשלוס פֿון קאָמיטעט איז געווען אַ קורצער: מאַרציסעס מעלדונג אָפּוואַרפֿן.

* * *

דער אַלטער מאַרציס איז אַרויס אַף דער גאַס. ווי גרינג עס האָבן אים די פֿיס, הענט אינדערפֿרי געטראָגן אין דאָרף אַרײַן, און ווי שווער זיי האָבן איצט געטראָטן אין שניי, גלײַך ווי עמיצער וואָלט אים אין די שטיוול בלײַ אָנגעגאָסן און אַף די פּלייצעס אַרופֿגעוואַלגערט אַ שווערע מאַסע.

ס'האָט זיך צעשפּילט אַ זאַווערוכע אַרום מאַרציסן, געפֿליקט אים פֿאַר די פֿאַלדן פֿונם אַלטן פּעלץ און געוואָרפֿן שאַרפֿן שניי-שטויב אין די אויגן אַרײַן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער ווינט וויל אַרײַנוואַרפֿן דעם אַלטן גייער אין אַ הורבע. מאַרציס האָט גאָרניט געזען, נאָר געגאַנגען פֿאָרויס.

„אָפּוואַרפֿן”—דאָסדאָזיקע וואָרט איז ווי אַ שווערער שטיין געפֿאַלן אין די טיפֿע וואַסערן פֿון באַוווּסטזיין, וואָס האָט געשוויגן פֿיל יאָרן און האָט אַרויסגערופֿן ברייטע און דויערנדיקע כוואַליעס פֿון געפֿילן און מאַכשאָוועס. די פֿאַרגאַנגענע טעג און די לאַנג פֿאַרשוויגענע געראַנקען, וואָס עקבערן אַ האַרץ, אַלע אומאָנגענעמלעכקײַטן זײַנען מיטאַמאָל ווידער אופֿגעקומען און געשטעלט זיך פֿאַר מאַרציסן.

זײַן גאַנץ לעבן איז ער געווען אַף דער ערד און איז אײַנגעוואַקסן אַף איר. ער האָט ליב געהאַט די טווע, ווען זי גרינט, די גראָזן און בוימער. אין אַלע פֿאָלוואַרקעס, ווו עס האָט געאַרבעט מאַרציס, האָבן געגרינט די דעמבעס, וואָס ער האָט פֿאַרפֿלאַנצט, ליפּע, יאַסען און עפּל-בוימער. אָבער מערער פֿאַר אַלץ האָט ער ליב געהאַט באַאַרבעטן די ערד, זען ווי זי גיט זאַפֿטיקן קאָרן. די זאַנגען פֿלעגן אָנבויגן די קעפּלעך גלײַך, ווי זיי וואָלטן דאַנקבאַר געווען פֿאַר דעם לעבן, וואָס ער האָט זיי געשענקט. און אין אַזוינע פֿאַלן פֿלעגט ער ענטפֿערן זיי, דורכפֿירנדיק לײַכט מיט דער האַנט איבער אָנגעבויגענע קעפּלעך. און נאָכדעם גייענדיק ווײַטער, פֿלעגט ער האַלטן איבער זיי די האַנט און זיי זײַנען

געלאָפֿן צווישן זײַנע פֿינגער און קאַם-קאַם געזונגען עפּעס. דאָס איז געווען באַזונדערס ווונדערלעך.

און דערפֿאַר, צוליב דערדאָזיקער ליבע זײַנער, האָט ער געפֿילט אַ סינע צום יורי-טאָג. דעמלט האָט ער געמוזט וואַרפֿן די אָנגעהויבענע אַרבעט, ניט זעענדיק, וואָס פֿון איר קומט אַרויס, גיין אַף אַ נײַעם אָרט און אָנגעהויבן דאָרטן פֿון אָנהויב.

אָבער דער האַרבער גורל פֿלעגט טאָן פּונקט פֿאַרקערט, וואָס ער האָט געוואָלט. אים מאַרצינן, איז שטענדיק אויסגעקומען וואַנדערן פֿון איין הויף צום צווייטן, ניט דערפֿאַר וואָס ער איז געווען אַ שלעכטער אַרבעטער, ניין, פֿאַרקערט, שטענדיק און אומעטום איז אים נאָכגעגאַנגען דער שעם פֿון אַ האָרעפּאַשנעם און פֿעיקן אַרבעטער. דאָס איז צוליב דער געזינד. ער און האַנע האָבן כאַסענע געהאַט נאָך גאָר יונג, קינדער האָבן זיך געוויזן טייקעף איינס נאָך איינס. כאָטש אַנטלויף פֿון פאַרניק צוליב אַזאַ גרויסער פּלוימע. דאָ איז שוין ניט געווען רויִק קײַן איין עפּל אָפֿן בוים און אויסעדדעם, האָט אַזאַ באַטראַק גע-דאַרפֿט האָבן אַ באַזונדער צימער, ווײַל די איבעריקע באַטראַקעס האָבן זיך געקלאָגט, אַז זיי האָבן ניט קײַן רו פֿון זײַנע קינדער, ניט אין דערנאַכט און ניט באַטאָג, אין דער וואַרמעס-שאָ... אָבער ווען די קינדער זײַנען אויסגעוואַקסן און אַוועק פֿונדערהיים, איז די ווײַב, אַ מאַמע פֿון זיבן קינדער, געוואָרן אינגאַנצן ניט פֿעיִק צו שווערער אַרבעט. אַף אַזאַ אויפֿן איז אומעגלעך געווען צו גיין אין פאַרניק, ווייל וואָס פֿאַר אַ זין איז געווען צו נעמען אַן עלטערן באַטראַק, צוגלײַך מיט וועלכן עס קומט אין שטוב אַרײַן זײַן פֿרוי, וואָס איז ניט פֿעיִק צו אַרבעט. דערפֿאַר איז מאַרצינן אויסגעקומען שטענדיק פֿאַרדינגען זיך אין די לעצטע ערגסטע סאַמנייקעס, וועלכע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקײַט צו האַלטן בעסערע, מער לוינבאַרע באַטראַקעס, אָבער אויך די פֿלעגן אין אַ יאָר אָרום סטאַרען זיך פּאָטער ווערן פֿון אים.

אַף אַזאַ אויפֿן, איז מאַרצינן אויסגעקומען קימאַט יעדן יאָר, אין יעדן יורי-טאָג פֿאַרנעמען זײַן האַק און פּאַק און איבערפֿירן אַף אַ נײַעם אָרט, אַף אַ נײַעם אָבער שטענדיק אַלטן. און די מענטשן, וואָס פֿלעגן דערזען, ווי ער גייט נאָכן פֿורל, ווו עס זיצט האַנע מיטן ביסל גוטס, פֿלעגן זאָגן: „מאַרצינס גייט ווידער אף א נײַעם אָרט! אַן אייביקער וואַנדערער...”

„אייביקער וואַנדערער!”—דאָסדאָזיקע ווערטל, וואָס האָט אַמאָל געוואָרפֿן דער שמיד, דער אונטערהעלפֿער לאַפּסקאַס, איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער נעשאָמע פֿון מאַרצינן, ווי אַ זוים אין דער ערד און עס איז פֿון אים אין אַ יאָר אַרום אויסגעוואַקסן אזאַ ווונדערלעכע אומעטיק—פֿאַרסאַמטע געוויקס.

און איצט, ווען אין סאָף פֿון זײַן לעבן האָט זיך פֿאַר אים, פֿאַר דעם אייביקן וואַנ-דערער, סאָפּקאָלסאַף געעפֿנט אַ מעגלעכקײַט באַקומען זײַן אייגענעם ווינקל, פֿון וועלכן מע וואלט ניט געדאַרפֿט וואַנדערן ווײַטער, האָבן געוויסע, ניט פֿאָרויסגעזעענע סיבעס אַ וואָרף געטאָן אים צוריק אין האָפֿענונגלאָזן טהאָם.

„ווײַל עס איז ניטאָ קײַן אינווענטאַר!”.

און דער באַוווּסטזײַן פֿון אַלטן מאַרצינס האָט זיך מיטאַמאָל, מיט דער גאַנצער קראַפֿט אָפּגעשטעלט אַף דערדאָזיקער סיבע. דער שטאַרקער ווינט האָט אים אַראָפּגעשטויסן אין אַ הורבע, אָבער מאַרצינס האָט זיך אַקשאָנעסדיק אַרויפֿגעשטויסן אָפֿן וועג און, פּונקט ווי ער זאָל דראָען עפּעס אַ ניט געזעענעם סוינע, האָט ער געטײַנעט:

„ס'וועט גאָרנישט זײַן, איך מוז עס קלאָר מאַכן!”.

„איז צוליב וואָס עפּעס קלעקט באַ אים ניט קיין אינווענטאַר! ווי האָט עס געשען, אַז ער האָט ניט געקענט פֿאַרפֿירן זיך מיט אַן אייגענעם אינווענטאַר? האָט ער דען ניט זײַן גאַנצן לעבן געאַרבעט פֿון טאָג צו טאָג און נאָך ווי געאַרבעט, אָט זײַנען די פֿינגער פֿון זײַנע הענט געוואָרן ברוין און צונויפֿגעדרייט זיך, ווי די ציין אין אַ האַבליע. אַז מע

קען זיי שוין ניט אויסגלייכן. קיין איין טאָג ניט געקרענקט, כאָטש עס פייניקן די שטעכעניש אין די ביינער, און אָפטמאָל באַנאַכט קען מען די אויגן ניט צומאַכן. שטענדיק אויסגעמיטן די קרעטשמע, קיין גראָשן דאָרטן ניט איבערגעלאָזן, און דאָך האָט ער באַוויזן צו פאַרדינען דער ווייב און די קינדער בלויז אַף אַ שטיקל האַרטן ברויט. עפּשער האָבן אים די קינדער זיינע אופגעגעסן דאָס גאַנצע גוטס? ניין. זיי אַליין זיינען אויך ניט געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט. קיינמאָל ניט אַרומגעדרייט זיך אָן אַרבעט. די פרוי, ביז זי האָט געקענט, האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט אים, און באַנאַכט, און אין דער מיטיק-שאָ נאָכגעקוקט נאָך די קינדער. און די קליינינקע, ווי נאָר זיי האָבן זיך געשטעלט אַף די פיס, האָט מען אָפּגעגעבן צו באַלעבאַטים, פאַר פאַסטעכער און פאַסטעך-יינגלעך. און זיי אַלעמען, האָרעווענדיק אַזוי האָט זיך איינגעגעבן קוים-קוים אַרויסראַטעווען זיך פון הונגער. עס איז אפילע ניט געבליבן אַף אַ קלייד. צי זיינען דידאָזיקע אַלטע, מיליטערישע היכע שטיוול, זיין שטאָלץ, ניט געווען די ערשטע פאָר שטיוול אין זיין לעבן? הייל די גאַנצע צייט האָט ער געטראָגן פאסטעלעס.

און מאַרציס האָט זיך געוואונדערט און ניט געקענט פאַרשטיין: ווי האָט זיך עס אים איינגעגעבן מיט דער ווייב אָפּצוזאָגן זיך אין דעם סאַמע נויטיקן און אָנקלייבן געלט אַף אַ בעהיימעלע?

„העי, עפּשער וועסטו לאָזן דעם וועג!״—אַן אויסגעשריי הינטער זיין פּלייצע האָט אים איבערגעריסן די מאַכשאָוועס. ער האָט זיך אומגעקערט און דערזען דעם קאָפּ פון אַ פערד הינטער זיינע פּלייצעס, ער איז אָפּגעשפרונגען אָן אַ זייט און ביז די לענדן פאַרקראָכן אין שניי. כאָטש עס איז שוין טונקל געווען, נאָר מאַרציס האָט דערקענט דעם פערד, פון יאַנונאַרער אַרענדאַטאָר רופין. אין שליטן איז געזעסן רופין מיט זיין פרוי און זייער שווער פון קאַרקליאָוו. די פאָרער האָבן הויך גערעדט און געלאַכט, רופין האָט געהאַלטן אין האַנט אַ בוטל בראַנפן. דערזעענדיק מארציסן, האָט ער אַ פאָך געטאָן מיטן בוטל און אויסגעשריען: „אַלטער מארציס, צי וועסטו ניט אויסטרינקען פאַרן געזונט פון מיין נייער נאַכלע!״ אָבער דער באַלעבאָס פון קאַרקליאָוו האָט אַ שטשאַבע געטאָן דעם פערד, און דער שליטן איז גרינג פאַרשוואונדן איבער וועג.

„דערפאַר הוליע איך, דערפאַר האָב איך ליב...״—האָט דערהערט מאַרציס אַ שיקערן געזאַנג.

„אַזוי, אַנדערע האָבן פערד, אָבער פאַרוואָס האָט ער ניט באַוויזן צו קריגן אַ פערד?״ דידאָזיקע גאַנץ פּאָשעטע פראַגע איז אופגעשטאַנען פאַר מארציסן מיט דער גאַנצער קראַפט און עס האָט זיך געדוכט, אַז פון דערלייזן דידאָזיקע פראַגע, הענגט אָפּ זיין גאַנצער לעבן. עס זיינען דאָך געווען אויך באַטראַקעס, וואָס האָבן באַקומען אַ פערד און אינווענטאַר. זיי האָבן זיך פאַררונגען פאַר באַטראַקעס און שפּעטער געוואָרן אַפילע ארענדאַטאָרן. אָט דידאָזיקע האָט דער קלוגער שרייבערל ניט געקענט אָפּפרעגן מיט איין פראַגע: „צי האָט איר דעם נויטיקן אינווענטאַר״? ווי אַזוי האָבן זיי זיך עס דערקליבן צו זייער אינווענטאַר.

און מארציס האָט אָנגעהויבן איבערקלייבן אין זיקאָרן אַלע מער פאַרמעגלעכע ערדלאָזע פון זיין געמיינדע.

נו, דערדאָזיקער סימאָן רופין—דער איז געווען אַ פליינקער. ער האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אַף די פּליטן, גענומען זיך צו הילף די ליאַדהאַלער בערדיקע פויערים. זיי האָט ער געצאָלט ווייניק און פאַר זיך אָנגעקליבן גענוג געלט. פאַר זיי האָט ער געקויפט אינווענטאַר און ער האָט אים פאַרדאָפּלט שפּעטער, כאַסענע האָבנדיק מיט דער טאָכטער פון סאָטניק קארליאָוו. איצט האָט ער גענומען אין אַרענדע דעם פולווראַק יאַנונאַרי, ווייל דער באַלעבאָס פון דעמדאָזיקן פאָלוואַראַק איז פאַראָרעמט געוואָרן.

און בעזובאַרסטט—ער האָט דאָך זיין פערדל מיטן אינווענטאַר באַקומען אַ ירושע פון דעם טאַטן דעם אַרענדאַטאָר.

מיכאַיִל זאלפּעטערס? יענער האָט כאַסענע געהאַט מיט דעם שמידס איינציקע טאָכטער, און דער אַלטער שמיד און זײַנע צוויי באַהעלפער זײַנען דאָס געווען אָט די, וועלכע האָבן אויסגעשמידט פֿאַר מיכאַילאָן די פּאָר גוטע פֿערד און דעם גוטן וואָגן.

איז ווי קומט עס אויס? ווהין דו גיסט ניט אַ קוק האָבן זיך די פֿלינקע אויפֿגעהויבן אַף פֿרעמדע פּלייצעס. ער, מאַרציס, האָט פֿאַרקערט, די גאַנצע האָפֿענונג געלייגט אַף זײַן אייגענעם קויעך. ער האָט געטאָן א גרויסע אַרבעט. מיט ביידע הענט גראָבנדיק טיף אין דער ערד, האָט ער געצויגן פֿון איר הויפּן רײַכטימער, אָבער אַליין איז ער פֿאַרבליבן מיט גאָרנישט.

דער געראַנק וועגן דעם, האָט אַזוי פֿאַרוווּנדערט מאַרציסן, אַז ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. פֿאַרקוקט ערגעץ פֿאָרויס און דערגאָך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווידער פּאַוואָליע אַוועק.

אַזוי, איז ווהין זשע, איז אַוועקגעשווומען זײַן גוטס, צי איז ער ניט איינער פֿון די, וואָס טראָגן פֿרעמדע אַף זייערע פּלייצעס און דאַרפֿן שטענדיק זײַן פֿונאַונטן? אַזוי, פֿאַרשטענדלעך—זײַן גאַנץ לעבן האָט ער באַאַרבעט פֿרעמדע פֿעלדער, געבויט פֿרעמדע הײַזער, אײַנגעאָרדנט אַ פֿרעמד לעבן. און זײַן אייגן לעבן? צי האָט ער ביכלאל געלעבט? עפּשער האָט ער זײַן גאנצן לעבן נאָר געזוכט דאָס לעבן, געהאָפּט געפֿינען אים. אויסבויען און אַליין אָנפֿירן מיט אים און מיט אים האָבן גאָר אָנגעפֿירט אַנדערע, און אים האָבן גאָר באַפֿוילן אנדערע.

צי איז ניט געווען זײַן לעבן, ווי אָט דער שליאַך, איבער וועלכן עס גייען און פֿאָרן פֿרעמדע מענטשן, יעדער צו זײַן ציל און יעדער לאָזט איבער אַפֿן שליאָך טיפֿע גריבעלעך.

אַזוי איז ער, דער אייביקער וואַנדערער, וועלכער איז אָן אויפֿהער געגאַנגען אַלץ ווײַטער, אָן אויפֿהער, אָן אָפּרו.

ווהין? צו וואָסער ציל? אזוי, איצט איז קלאָר געוואָרן, אז זײַן גאַנץ לעבן האָט ער זיך ארומגעפּלאָנטערט ביכלאַל אָן וועלכן עס איז ציל. און וווּ איז דער עמעסער וועג, מיט וועלכן ער האָט געדאַרפֿט גיין אין זײַן לעבן? וועגן דעם האָט מען זיך געדאַרפֿט דערוויסן, דאָס האָט מען געדארפֿט קלאָר מאַכן נאָך הײַנט.

* * *

ס'האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט. די זאַווערוכע האָט זיך געשטאַרקט. עס איז שוין קימאַט אינגאַנצן פֿאַרצויגן דער וועג, איבער וועלכן עס האָט זיך געשלעפּט דער שפּעטיקער גייער. די לעצטע גלעקלעך פֿון די פֿאָרער זײַנען שוין לאַנג שטיל געוואָרן. די לעצטע פֿײַערלעך, וואָס האָבן געפֿינקלט דורך נאַכט, האָבן זיך אויסגעלאָשן, פֿאָרויס איז נאָר געלעגן אַ ווײַסער שניי-פֿעלד, אָבער מאַרציס גייט. יעדערער, וואָס וואָלט אים דערזען, וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מענטש, וואָס איז פֿול מיט האַסטיקע געדאַנקען און פֿראַגן, ער האָט געפֿאָכעט מיט די הענט און פֿון צײַט צו צײַט גערעדט פֿאַר זיך אַליין.

מיטאַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ, שטרעקט אויס פֿאָרויס דעם פֿויסט, אין וועלכן עס דריקט זיך אויס באַשײַנפּערלעך אַ דראָונג. אין זאַווערוכע פֿון נאַכט הערט זיך אַ געשריי:

„איר וועט מיר אומקערן מײַן לעבן און די לעבנס פֿון אַנדערע!".

און דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט, דערנאָך אַ ריס געטאָן זיך פֿאָרויס מיט שנעלע טריט. ווילד האָט זיך געדרייט די זאַווערוכע, אָבער זי האָט ניט קײַן קויעך אָפּצושטעלן דעם גאַנג פֿון אַלטן מאַרציס. זײַנע טריט זײַנען געוואָרן פֿעסטע און זיכערע. ער גייט פֿאָרויס מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, אַן אויסגעגלײַכטער, דער אָנגעהורבעטער שניי שיט זיך אין אַלע זײַטן, און עס דוכט זיך, אַז דער אלטער מאַרציס האָט אומגעקערט זײַן יוגנט.

אָהאָ! איצט האָט ער געפֿונען דעם עמעסן וועג! איצט וועט גאָר זײַן אַן אַנדער גײן. וואָס איז די נאַכט, די זקײנישע פֿאַרמאַטערטקײט אַנטקעגן יענע קױכעס, וואָס רײַסן אָן באַ אים אין ברוסט: איצט עפֿנט זיך פֿאַר אים אַ ווײַטער און גלײַכער וועג, וועלכער רופֿט אַלץ פֿאָרויס און אים דוכט זיך, אַז איבער דעמדאָזיקן שליאַך צוגלײַך מיט אים גײען טויזנטער גײער, אַז פֿיל זײַנען שוין אַוועקגעגאַנגען פֿאָרויס, און אַן אומגעהויערע צאָל גײט נאָך אים. ערגעץ דאָרטן, ווײַט אַהינטער, אין כוישעך פֿון פֿאַרגאַנגענהײַט, ווי פֿינ-טעלעך, וואָס האָבן קײן שום באַדײַטונג ניט, פֿאַרשווינדן זײַנע ביז איצטיקע דײַגעס וועגן אַ נאַכלע און אַלץ, וואָס האָט געשאַפֿן דעם אינהאַלט פֿון זײַן אַלטן לעבן. ער גײט אין דער צוקונפֿט.

אָהאָ! דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער גאַנג.

יידיש—וו—ן.

---

ז. רימאַשעווסקי.

(פֿון פּויליש).

# אוּפֿשטענדלער.

דער פֿאַרטאָג האָט געשטראָמט און די שטערן געלאָשן,
זיי זיינען אינדריַיען דאָרטן געווען.
ביקסן אין בלוטיקן זשאַווער פֿאַרגאָסן
פֿאַרהויבן אַף זיי האָבן פֿיַינטלעכע הענט.
דער שטאָל האָט געשפּילט זיך אַף ביקסן אַף אַכט,—
זיי זיַינען געשטאַנען אַנטקעגן פֿאַרטראַכט...

מיט גלעזערנעם קלונג האָבן שפּאָרן געוויגט זיך,
דאָס טופּן פֿון ברויגעזע פֿיס-טריט פֿאַרטויבט.
אַנטקעגן—אַ טפֿיסע אַ בייזע, פֿאַרשטיקטע
און ס'עטעמט אין לופֿטן מיט נאָענטן טויט.
ביסלעכוויַיז האָט זיך דער טאָג דאָ צעבליט,
און זיי זיַינען פֿעסטע געשטאַנען באַדריט.

פֿון מיַירעוו-וויַיסרוסלאַנד—זיי אַלע אינדריַיען,
פֿון פֿויערשע כאַטעס—געשטעלט זיי צו וואַנט.
מע וועט זיי באַלד שענקען צוביסעלעך פֿיַיער,—
זיי האָבן געגרייט זיך באַפֿריַיען דאָס לאַנד.
האָט מען פֿון טפֿיסע געבראַכט זיי אַהער,
הענקער פֿון פּוילן—וואָס דאַרפֿן זיי מער?

די ערד האָט באַדעקט זיך מיט וואַרעמע טויען,
האָט איינער דערמאָנט זיך אַף מוטערשער טרער.
דער הימל איז הויך שוין געשווומען אין בלויען,
זיי האָט ניט געשראָקן דער טויט, וואָס באַשערט.
געגרייטע צום טויט און צום ביקסענעם שטאָל—
זיי האָבן די פֿעלדער באַפֿריַיען געוואָלט.

די בלויע, געשפּאַנטע, פֿאַרטאָגיקע הויכן
האָבן ביקסן צעלעכערט מיט הייסן געשריי
און ס'האָט פֿאַר די אויגן געשווינדלט אין רויכן
אַ לעבן אַ האַסטיקס פֿון שטרייטן און וויי.
צעשראָקענע זאַלפֿן—דערגרייכן ביז ראַנד,
בלוטיקע טראָפּן—אַף גאָלדענעם זאַמד.

צעלעכערטע שלייפֿן רירט רוּיק דער טויט אָן,
אין אויגן פֿאַרגלִיווערטע—גלעזערנע קעלט.
נאָר ווען-עס איז וועט נאָך דאָס בלוּט אַ געשריי טאָן,
ווען ס׳וועט אַ געשריי טאָן אין אוּפֿשטאַנד די וועלט.
אָדלער, דוּ ווײַסער אין בלוּטן פֿאַרשמירט,
נאָענטע סרייפֿעס שוין וואַרטן אַף דיר!

יידיש—א. כאַריק.

א. יודלסאָן.

# אונדזער ערד.

האָסט, מײַן לאַנד, אַף ראַכוועס זיך פֿאַרמאָסטן,
גיִסן אָן זיִך אָדערן מיִט מוט,
איִך ווייס, איִך ווייס —
עס וועט אַמאָל נאָך קאָסטן
מיִ און בלוט.

קריִצן ציין, שוין שלייפֿט מען ווי אַ מעסער,
און אויגן פֿיִנקלען אוף מיט גריִנער גאל—
ס'וועט דער סוינע קיינמאָל ניִט פֿאַרגעסן
זײַן פֿעטע ערד, זײַן שײַער און זײַן שטאָל.

ס'וועט באלעגוף נאָך לאָזן פֿון זיִך וויסן
דורך רייד צעיוּשעטע אַף אופֿגעשוימטן מויל,
פֿאַר ערדן זאַפֿטיִקע, פֿאַר פֿעטע מיִסטן
וועט פֿײַער ענטפֿערן,
וועט ענטפֿערן אַ קויל.

נאָר ס'קאָן דאָס בלוט באַטראַקיִשע ניִט דולדן,
און ס'שרײַט נעקאָמע פֿאַר גערויבטן גליִק—
עס האָבן הענט זיִך פויערשע צעבונדן
פֿון טויזנטיאָריִקע פֿאַרקניִפטע שטריִק.

הײַנט גייט אַ מאַרש,—
און ס'פֿלעכטן זיִך איִניינעם
שטײַפֿע אַרבעטעריִש-פויעריִשע הענט,
און יענער איִז אַ פֿײַנט, און יענער איִז אַ סוינע,
ווער ס'לאָזט אַף פֿעלדער צוימענדיקע ווענט.

ס'וועלן צוימען פֿאַלן,
ויִ דיִ סנאָפּעס.
אונטער שאַרפֿן מעסערדיִקן שניִט— — — — —
— — — — — — — — — — —
איִן מאַרש פֿון אַרבעטער און פויעריִם-„כאלאָפּעס"—
וואָיל צו דיִ, וואָס זײַנען איִנדערמיִט.

עליע קאהאַן.

# הײנטיקער װינטער.

1

פֿעלדער געפאַסעװעטע. אַ פליושקענדיקער ברונעם. גאַנערנדיקע גענדז.

אַ ייִדישער קאָלעקטיװ.

פֿעלדער געפאַסעװעטע?—אינטעדעסאַנט. אַ פליושקענדיקער ברונעם?—ביז גאָר אינטע-רעסאַנט.

אַ ייִדישע קאָלעקטיװ?—אַ-אַך! ס'איז דאָך זײער אינטערעסאַנט!!

ס'לוינט צופֿאָרן. די שעפן פֿון קאָלעקטיװ—אַרטיסטן מוזן עס זען.

רעב קושע—דער אײביק-שרײַענדיקער ר' קושע—האָט פֿאַר זײ אָפּן אָװנט געהאַלטן אַזאַ פֿלאַמפֿײַערדיקע רעדע, ער האָט זיך אַזױ צעדונערט מיטן מױל, צעבליצט מיט די אױגן, און אַ שױם האָט געגומען שפּריצן אָפּן טיש פֿון מױל, אַז דער גלאַװנער פֿון די אַרטיסטן איז צוגעלאָפֿן שיר ניט קושן זיך מיט אים. און יענער האָט זיך דערנאָך אױך צעהיצט, װי אַ דריטע פּאָלקע, אַזש רעב קושע האָט דערנאָך אַ קלער געטאָן: אַז דער אַרטיסט כאַפּט היספּײַלעס, איז עד מיסטאָמע אַ װאָילער מענטש!

די אַרטיסטן קלײַבן זיך צו שטעלן אַ פּיעסע פֿונם לעבן פֿון די ייִדישע פּױערים. און רעב-קושע איז אַ כאַראַקטערנער ייִדל. שרײַט רעב קושע, און זײ קוקן אים אין מױל אַרײַן. אינטערעסאַנטע באַװעגונגען פֿון קינבאַק, מ'דאַרף זײ אַראָפּכאַפּן. שרײַט רעב קושע אַף זײַנע צײנער, און זײ קוקן אים אין די צײנער אַרײַן.

ביז יאָכע זײַן װײַב קאָן עס שױן ניט צוזען.

-- װאָס שרײַסטו אַף דײַנע פֿאַרפלאָמבירטע צײנער!

נאָר רעב קושע שרײַט אַלץ פֿאַר פֿײַער און פֿאַר װאַסער. פֿון די אױגן—פֿײַער, פֿון מױל—װאַסער.

אינטערעסאַנט. זײער אינטערעסאַנט.

אַז די גאַנצע מישפּאָכע רעב קושעס איז אַן אינטערעסאַנטע, אינטערעסאַנטע טיפּן פֿאַר אַ פּיעסע, ביז גאָר.

און די װײַב זײַנע, יאָכע, פֿירט די אַרטיסטן צום זאַװאָד, װאָס דאַרף איבערגײן פֿון „פּישטשעטרעסט" צום קאָלעקטיװ.

זי באַטראַכט אים דעם זאַװאָד פֿון אַלע זײַטן און זי פֿאַרשטעקט שױן מײַסע-באַלע-באָסטע אַ צעבראָכענע שױב מיט אַ שמאַטקע.

די אַרטיסטן כאַפּן היספּײַלעס. זײ לאַכן און פֿרײען זיך, פּונקט װי זײ װאָלטן געשפּילט אַ פֿרײלעכע זאַך.

און צװישן זײ אַלעמען שטײט יאָכע װי אַ טראַגיק, מיט נאַסלעך-זױערע, ביאַטנע אױגן-זאָגט צו איר אַן אַרטיסט:

— מומע, פֿרייט זיך, מען גיט דאָך אײַך אָפּ א זאַוואָר!

מאַכט יאָכע אַ פֿרומען פּאָנים, ווי אַף נעגל-וואַסער אָפּגיסן, און גיט זיך אַ פּיטשעמאָנ-טשיקן זיפּצעלע, אַ מאַפּל-זיפּצעלע.

— וואָס איז די פּולע, אַז רײַך ווערן וועט מען סײַוויסײַ ניט לאָזן...

אַך... מיט וואָס פֿאַר אַ קאָל זי האָט עס געזאָגט!..

— אינטערעסאַנט. זייער אינטערעסאַנט...

הײַנט ר׳ קושעס זין! אָט דרייט זיך אַרום זייער באָכער, מיכל, אַ פֿאַרשלאָפֿענער, מיט אַ געגעק, וואָס וויל זיך אַרויסגאַנוועגען פֿון זײַנע ליפּן. דער גענעק וויל גאַנוועגען דעם גרענעק. ווען ער איז פֿרײַ, שלאָפֿט ער, אָדער ער שפּילט זיך מיט זײַנע קעצעלעך. ער גייט אַרום ווי אַ הון מיט אַן איי, וואָס קאָן זיך ניט לייגן. אַזאַ איז ער געקומען פֿון בירגערקריג. דער פֿראָנט-פֿײַער האָט פֿון אים אַלץ אויסגעזויגן און אָפּגעשיקט אים צוריק מיט אַ פּוסטן קאָפּ, מיט פּוסטע געפֿילן. און כאָטש ער האָט אַמאָל געענדיקט גימנאַזיע, און איז געווען אַפֿן פֿראָנט, וויל ער דאָ מיט אַ מיליטער-קרײַז ניט אָנפֿירן און האָט ניט קײַן טאָם צו מיידלעך.

אינטערעסאַנט. .

און זײַן ברודער עליאָצע—דער קאָמיוגיסט, וואָס האָוועט און שמײַעט און לויפֿט שטענדיק, פּונקט ווי מ׳וואָלט אים עפּעס צום עק צוגעבונדן. און דאָס קלאַפּט אים איבער די פּיס.

— אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר, אַרטיסטן, שוין דאָ. אָ, מיר האָבן אַלץ. געזען אַלץ. עס איז אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט. ס׳איז גוטער מאַטעריאַל פֿאַר אַ פּיעסע!

— אַ גוטן טאָג אײַך.

II

ס׳איז ניט קײַן ווינטער און ס׳איז ניט קײַן שניי. דער שניי פֿלעגט זיך אַלע יאָר אויס-בעטן אַף די פֿעלדער, און היטן יעדנס האָב און גוטס. יעדער שניי האָט זיך געהאַט זײַן באַלעבאָס, צו וועמען ער איז געגאַנגען, און פּאַרקנדלעך פֿלעגן צעטיילן די שנייען.

ס׳איז ניט קײַן ווינטער און ס׳איז ניט קײַן שניי. ס׳זײַנען איבערגעטיילט געוואָרן די פֿעלדער, ס׳זײַנען פֿאַרשוווּנדן די פּאַרקנדלעך, און דער שניי ווייס ניט, ווי אויסצולייגן זיך. בייט זעלטן ווען אַ שניי. אַ וואַרעמער ווינטער.

הײַנט גייט ר׳ קושע מיט די זין און מיט נאָך קאָלעקטיוויסטן און זיי נעמען אַראָפּ די פּאַרקנדלעך און ס׳ווערט אַ דורכויסיק פֿעלד, פֿאַר דעם גרויסן פֿאַרייניקטן אינטערנאַציאָ-נאַלן קאָלעקטיוו. ס׳פֿאַרייניקן זיך אַלע אַרומיקע קאָלעקטיוון.

די ערשטע איז אַראָפּגעפֿאָרן פֿון שטאָט אַ לערערקע. אַ שייגינקע און א שוואַרצינקע. כאָטש וויקל זי איין אין אַ קאָנפֿעט-פּאַפּירעלע. זי איז געקומען העלפֿן די קליינע.

ווייס זי ניט לעכאַטבילע, וואָס צו טאָן. ווייס מען ניט לעכאַטבילע, וואָס צו טאָן מיט איר. זי דרייט זיך אַרום ר׳ קושען און טײַנעט אים אײַן:

— איר ווייסט, קאָלעקטיוויזאציע איז זייער אַ גוטע זאַך!

שמייכלט ער, ר׳ קושע. זי איז געקומען אַגיטירן אים פֿאַר קאָלעקטיוויזאַציע. אז ניט ווייס ער ניט.

— איר ווייסט, אַ קאָלעקטיוו איז זייער א גוטע זאַך.

— זייער א גוטע זאַך, אַ קאָנפֿעטקע—איז מאַסקים שמייכלענדיק ר׳ קושע.

— איר ווייסט, ווען איך קאָן נאָר, פֿאַרבלײַב איך אין קאָלעקטיוו...

דאָ כמורעט ער שוין אָן דעם פּאָנים, ר׳ קושע. אַלע שטאָטיקע האָבן עס ליב צו זאָגן. זיי קומען, כאַפּן אַביסל „וואָזדוך" אָן אַ טאַלאָן, און זיי מיינען, אַז ס׳איז אַ דאַטשע. ווען מ׳שיקט זי, די קליינע, אין אָבאָרע מעלקן די בעהיימעס...

נאָר ער קאָן װײַטער ניט כמורען דעם פּאָנים. יענע, די קלײנע, שטעלט אָן אַ פּאָר אויגן פֿאַרטרוימטע, װי זי װאָלט נאָר װאָס געזען אַ שײנעם כאָלעם, און קוקט, װי מיט שפּאַקולן, אין דער נעשאָמע אַרײַן.

אויב זי איז אַזאַ װוילע און זי גיסט ליכט פֿון די אויגן, גיסט פֿאַר איר ר׳ קושע אויס דאָס האַרץ.

— מיר האָבן אַביסל אַ טאָעס געהאַט אין כעשבן... אַ זאַװאָד אָפּגעגעבן, אַ גוטע גערעטעניש. האָבן מיר געמײנט, אַז ס׳װעט זיך גײן אַזוי פּאַװאָלינקע, מירן עפּעס אָנלעבן...

— באַלעגופֿים װערן—װאַרפֿט זי אַרײַן אַ װאָרט.

— פֿע! װאָס דאַרפֿט איר אַזאַ מיִעסן װאָרט... כ׳מײן, לײַטיש לעבן. ייִדן האָבן זיך אַזױ־פֿיל געמוטשעט, לאָמיר זיך איצטער אָטכײַען, אָפּציִען דעם אָטעם...

טײַנעט מיט אים אײַן די לערערקע, װאָס איז געקומען צופֿאָרן מיט אַ קלײנעם טשעמאָדאַנטשיק, מיט אַ שמײכל און מיט טרוימענדיקע אויגן...

פֿאַרבײַ גײט דורך א ראָטע רויטאַרמײער. ס׳װערט דורכגעפֿירט אַן אַגראָ־מאַרש און דאָ געפֿינט זיך דער שטאַב.

גײען דורך פֿאַרבײַ דער לערערקע די רויטאַרמײער, און זײ שמײכלען אַפֿילע ניט מיט אַ סאָלדאַטישן שמײכל צו דער פֿרױ, װאָס שטײט דערבײַ.

גײט פֿאַרבײַ מיכל, ר׳ קושעס זון, און ער שמײכלט ניט...

און ר׳ קושע האָט אויך אויפֿגעהערט צו שמײכלען.

כאַפּט זיך די לערערקע, אַז מען דאַרף ניט שמײכלען.

גיט ר׳ קושע, נאָך אַביסל שװײַגעניש, אַ קוק אַף איר, זעט ער, אַז ס׳פֿעלט עפּעס אַף איר פּאָנים. עפּעס איז זי עלטער געװאָרן. און ער קאָן זיך ניט כאַפּן, אַז דאָס פֿעלט באַ איר דער שמײכל.

פֿאָרט זי אום צוזאַמען מיט די רויטאַרמײער. צוזאַמען מיט זײ פֿאָרט זי פֿאַראַלגעמײנערן די װירטשאַפֿט. זי פֿאָרט צוזאַמען מיט עליאָצען אַנטבאַלעגופֿעװען די באַלעגופֿים. צוזאַמען מיט עליאָצען ליקװידירט זי אַ קלאַס. די באַלעגופֿים קוקן מיט אַזעלכע װעלפֿישע אויגן. הײַנט שטעל זיך זײ צוריק קוקן מיט פֿאַרטרוימטע אויגן! נײן, זי קוקט שוין אַנדערש...

זי, די לערערקע, האָט געלערנט מיט קלײנע קינדער און געטרוימט װעגן גרויסע זאַכן, אַז מ׳טרוימט, װערן פֿאַרטרוימט די אויגן. אַזוי איז עס, געװײנטלעך... נאַרישקײַטן. דאָס האָט זי גאָר אַמאָל געטרוימט װעגן זומערדיקע נעכט, שמעקעדיקע בלומען, און שיפֿלעך מיט מאַנדאַלינעס אַפֿן אויסגעלעװאָגעטן טײַך. נאַרישקײַטן. זי האָט געטרוימט, װעגן עפּעס גרעסערס, װעגן עפּעס גרעסערס...

װעגן װאָס?

נײן! דאָס קאָן זי קלאָר ניט זאָגן. זײַנען דען טרוימען קלאָר? זײ שװימען אָן אויפֿהער, װי אַ טײַך. און זײ גיסן זיך איבער, װי אַ טײַך. און זײ דאַמפֿן װי אַ טײַך.

איצט טוט זי גרויסע זאַכן. זי פֿאָרט אַרום מיט עליאָצען, און זי ליקװידירט אַ קלאַס, און זי קאָלעקטיװיזירט די פּויערים. גרעסערס קאָן ניט זײַן, קאָן ניט זײַן!

אַף העכערס האָט זי זיך ניט פֿאָרגעשטעלט! ס׳איז נאָך מער, װיפֿל זי האָט געטרוימט. מער טרוימט זי ניט.

און אַף מאָרגן האָט איר רעב קושע געטראָפֿן און דערזען, אַז ס׳פֿעלט עפּעס װידער אין איר פּאָנים, עפּעס גאָר אַן אַנדער פּאָנים באַ איר, און ער האָט זיך ניט געקאָנט כאַפּן, אַז דאָס איז פֿאַרשװונדן די פֿאַרטרוימטקײַט פֿון אירע אויגן.

איצט זעט זי אויס גאָר אַנדערש. פֿאַרביסענע ליפּן, װי ס׳װאָלט קאָנטיק געװען, אַז דער שמײכל איז אָפּגעריסן געװאָרן פֿון זײ, און אָפּגעדעקטע אויגן, פֿון זײ האָט זיך אַראָפּגערוקט די פֿאַרטרוימטע זײַדן־העמדל, און זײ קוקן איצט אָפֿן און ברײט.

איִז געקומען צופֿאָרן אַ לערערקע אין קאָלעקטיִוו מיִט אַ קליינעם טשעמאָדאַנטשיִק, מיִט אַ שמייכל און פֿאַרטרוימטע אויגן. דעם שמייכל האָט זי אָנגעוואָרן. די פֿאַרטרוימטקײַט האָט זיך פֿאַרלאָרן. דער טשעמאָדאַנטשיִק איז געבליִבן...

און זי אַליין האָט נאָך ניט באַוויזן דאָס צו באַמערקן. ווען זי גיִט אַ קוק באַ זיִך אין שפּיִגעלע, זי וואָלט זיִך אַליין ניִט דערקאָנט;

אַזויפֿיִל אַרבעט!

זי איז הײַנט געווען אין דרײַ דערפֿער.

און איִצט גייט זי פֿון דריִטן דאָרף. זי גייט איִבערן בריִק. דער גאַנצער טײַך איִז נאָך ניט פֿאַרפֿראָרן, נאָך ניִטאָ קײַן דורכויסיִקער אײַז.

זי פֿאַרקוקט זיך אַף די רוישיִקע וואַסערן, וואָס גיסן זיך איִבער. בלײַבט זי שטיין, און עפּעס נעמט זיִך איִבערגיִסן אין איִר.

זי קוקט אַזוי גליִקלעך אַראָפּ. וואָרעם איִרע אויגן זײַנען איִצטער ווי סאַזשלקעס, אַף וועלכע עס פֿאַרגייען רויטע זונען, ליִכטיקע און נאַסע.

זי איז אַזוי גליקלעך. זי האָט אַזויפֿיִל אופֿגעטאָן. זי קאָן אַזויפֿיִל אופֿטאָן!...

ניין. אָט דאָס מוז זײַן דער העכסטער גליִק. און העכער קאָן ניִט זײַן.

העכער קאָן ניִט זײַן?... און איִן איר לעבן ווײַטער וועט זי שוין גליִקלעכער ניִט זײַן?...

און זי קוקט אַראָפּ צום וואַסער...

זי לויפֿט גיִך אַהיים.

— ווער איִז עס?—עליאָצע? וואָס איִז?—איִן דאָרף? ווען?—שוין?...

גייט זי אין פֿערטן דאָרף. ווײַטער אַ פֿאַרזאַמלונג.

דער פֿאָלק-הויז איִז געפּאַקט מיִט פּויערים. אַסאַך רעדעס זײַנען שוין דאָ געווען, און מע וואַרט אַף דער לערערקעס וואָרט. די הענט זײַנען באַ די פּויערים הינטער די פּאַטיליצעס. מע קראַצט די פּאַטיליִצעס. גיין איִן קאָלעקטיִוו, צי ניִט גיין.

דאַכט זיִך, אַז ס'איִז אַ גלײַכע זאַך. מע דאַרף גיִין. אַ קראַץ איִן פּאַטיליִצע.

שטייט די פּויערטע טעקליע, אָט די מיִטן גיידער, איִן די באָטעס, מיִטן מאַנזבילשן קאָל, און שרײַט:

— וויִ גאָט לעבט, ס'איִז אַן עמעס: אָט די, וואָס טויגן ניִט פֿאַרן קאָלעקטיִוו, שטעמפּלט מען אָפּ די פּלייצע און מע שיקט איִן גובערינע. מײַן טאָדער האָט עס אַליין געהערט.

דאַכט זיִך, אַז ס'איז ניִט קײַן גלײַכע זאַך. מע דאַרף ניִט גיין. אַ קראַץ אין פּאַטיליצע.

פֿליִען אום ווערטער, בלאָנדזשען, זיי ווערן אָן זייער באַלעבאָס, און ס'איז אַזש ניִט קאָנטיק פֿונוואַנען זיי גייען:

— אַליין, איִז די נעשאמע ריין!

— וואָס קלענער דער אוילעם, אַלץ גרעסער די סימכע!

— קאָמונע! איינער זייט, דער צווייטער שנײַדט.

און עס רוקט זיך אַרוף אַפּן בינע די לערערקע. און זי רעדט. אָפֿענע אויגן, ברייטע. ניִטאָ אין זיי קײַן טרוימען. טרוימען פֿליִען גאָר איִצטער באַ איִר פֿון מויל, און זיי וויקלען זיִך איִן נעצן, און די נעצן פֿאַרכאַפּן אַלעמען. זי האָט זיִך צעוואַרעמט, זי האָט זיִך צעציִטערט, און עס קלאַפּט איִן איִר, און איִצט שטייט זי, ווי אַ ווולקאַן, און פֿײַער-ווערטער פֿליִען דורכן קראַטער פֿון איִר מויל. ווי פֿײַער-שטיינער טרעפֿן איִרע ווערטער.

יאָ. די קליינע רײַסט זיך איִצט פֿון איִר הויט. די פּויערים קוקן אַף איִר מיִט פֿאַרגאַפֿטע פּנימער און זיי פֿיִלן, ווי זי ווערט גרעסער. זי וואַקסט מיִט יעדן וואָרט. די ווערטער האָבן זיִך ניִט ווו אַהינטאָן איִן איִר קליינעם קערפּער און זיי רײַסן זיִך פֿון איִר. און די ווערטער פֿליִען אַרויס און וואַקסן איִנדערלופֿטן. עפּעס לעבעדיקס שוועבט איִבערן זאַל. און באַ די פּויערים וואַקסן די אויגן. און עפּעס נעמט וואַקסן איִן האַרצן.

— װער איז פֿאַר די מאָסמיטלען פֿון דער סאָװעטנמאַכט צו קאָלעקטיװיזירן דעם דאָרף אַף נײַע לעבן-יעסוידעס, פֿאַר ליקװידירן דאָס באַלעגופֿנטום—זאָל אופֿהױבן די האַנט!

און עס װערן גרעסער די מענטשן. עס װאַקסן באַ זײ אױף אינדערהױך די הענט.

עס װערן גרעסער די הענט, זײ געהערן איצט צו לעבעדיקע מענטשן...

און מע זינגט:

— שטײט אױף איר אַלע, װער װי שקלאַפֿן...

און מע שטײט אױף, אַף ניט בלײַבן שטײן, אַף גײן, אַף ניט זעצן זיך צוריק...

III

לעצטע נײַס פֿון קאָלעקטיװ:

מע שאַפֿט איצטער דעם זריע-פֿאָנד (דאָס איז די הױפּט-נײַס).

עס זײַנען געפײגערט זעקס קעצעלעך.

מיכל האָט אַרױסגעשלעפּט פֿון שטוב אַ זױערן אוגעראָק, און צוגעטראָגן עס אַ מאַטאָנע סטעפּקען דער פּאַסטושקע.

דאָס איז אַלץ צוזאַמענגעבונדן. מיכלען קאָן מען פֿאַר אַן אינטעליגענטן באָכער אין קאָלעקטיװ. ער רעדט אַף רוסיש נאָך בעסער, װי אַף יידיש. האָט מען אים געמאַכט פֿאַר אַ „זאַװכאָז” אין זאַװאָד.

האָט ער ניט קײן צײַט צו שפּילן זיך מיט די קעצעלעך. זײַנען די קעצעלעך געשטאָרבן.

ער איז עפּעס בכלל לעבעדיקער געװאָרן. ער האָט ניט קײן צײַט צו שלאָפֿן. האָט ער געגעבן סטעפּקען אַ זױערן אוגעראָק.

אָט ס'איז דיזעלבע סטעפּקע, װאָס אַז מע גײט צו איר צו און מע װיל זען פֿון װאָס פֿאַר אַ מאַטעריאַל איז געמאַכט געװאָרן איר נײַע קלײד, זאָגט זי אָפּ קורץ און שאַרף:

— הער זיך אײַן: דו װעסט פּאַטיזירן, אַז די אוגערקעס װעלן זױער װערן.

האָט איר מיכל צוגעטראָגן אַ זױערן אוגעראָק.

אַ סימען, אַז מיט מיכלען איז עפּעס פֿאָרגעקומען.

נו, יאָ. עס שאַפֿט זיך איצט דער זריע-פֿאָנד. מע דאַרף אים אופֿקלײַבן. דער דאָרף-ראַט האָט אופֿגעשטעלט „אָפּיסן”, און מע דאַרף פֿאַראַלגעמײנערן די װירטשאַפֿט, ס'איז אָסאַך אַרבעט:

צעשטױבטע, צעבראָקלטע װירטשאַפֿטן. מע דאַרף איצט פֿון קענדלעך װאַסער אופֿגיסן אַ טײַך.

מיכל שטײט אױף פֿאַרטאָג און אַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

צעװאָרפֿן די פֿאַרקנדלעך, װאָס צוטײלן דעם שנײ אַף כאַלאָקים.

עס זײַנען געקומען רױטאַרמײער. אַ רימער-בריגאַדע אַף פֿאַריכטן די סברויעס. און לױפֿנדיק מיט זײ צוזאַמען, דאַכט זיך אים, אַז ער איז אַפֿן פֿראָנט, אַז הײס איז אונטער אים די ערד, און עס ברענט אַף אים דער הימל.

ברענט אַף אים דאָס היטל.

ניט צו דערקאָנען.

אָט זײַנען נאָר װאָס װידער געװען דאָ די שעפֿן—אַרטיסטן. זײ גרײטן אַ פּיעסע פֿון לעבן פֿון די יידישע פּױערים. זײ האָבן זיך שױן צוגעקוקט צום לעבן. זײ װעלן זיך נאָך אַביסל צוקוקן.

אָט דער באָכער מיט די קעצעלעך האָט אַן אינטערעסאַנטע פֿיזיאָנאָמיע.

נאָר די פֿיזיאָנאָמיע באַם באָכער האָט זיך געביטן. עפּעס נײַע שטריכן.

און רעב קושען איז אױך ניט צו דערקאָנען. ער גײט און גיסט אױס דאָס האַרץ פֿאַר אַן אַקטיאָר, גאָר שטיל אַזױ, באַשײדן, קימאַט װי אַ זײַטיקער:

— קאָלעקטיוויזאַציע. איין געשאָמע. און איך טראָג אויך אַרײַן אַ פּײַ פֿון מײַן שטיקל געשאָמע. האָב איך מוירע אָבער מע זאָל ניט צוגיין צו מיר און זאָגן: פּעטערקע, איר האָט אָפּגעלעבט אײַער פּאָרציע, איר קאָנט נאָך אונדז קאַליע מאַכן די יויך. מען דאַרף ניט קײַן אַלטע שקאַרפּעטקע אַף אַ נײַעם קאַסטיום. גייט רוט זיך אָפּ מיט אייערע באַיאָרטע, אָפּגעטופּעטע פּיס.

ניט צו דערקענען אים.

און אַלץ אַרום זעט גאָר אַנדערש אויס. ניטאָ קײַן יידישער קאָלעקטיוו. אַן אינטער-נאַציאָנאַלער. און מע טוט און מע האַוועט. דאָס איז אינטערעסאַנט. דאָס איז אָבער טאַקע אינטערעסאַנט. נאָר דאָס איז גאָר אַן אַנדער מאַטעריאַל.

די טרופּע איז אַוועקגעפֿאָרן. ס'איז פֿאַרלעטערט געוואָרן די פּיעסע, וואָס מע האָט געוואָלט שטעלן, און מע וועט דאַרפֿן שטעלן אַן אַנדערע. מע וועט דאַרפֿן אָנהויבן צוריק פֿון אָנהויב.

---

די לערערקע טוט. די לערערקע האַוועט.

אָט האָט זי אָרגאַניזירט אַן אוטיל-פֿאָנד פֿאַר דער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון לאַנד. מע קלײַבט איצטער בײַ די ווײַבער סאַמאָוואַרן, טאַצן, ליאַקן, בעכערס, לעפֿל, זילבער פֿאַרן אינדוסטריאַליזאַציע-פֿאָנד.

גייט צו רעב קושע צו זײַן ווײַב און זאָגט:

— יאָכע, גיב אָפּ די לײַכטער.

זאָגט אים יאָכע:

— אַלע מײַנע וויסטע און פֿינצטערע כאַלוימעס, וואָס מיר האָט זיך געכאָלעמט הײַנט, נעכטן און אַ גאַנץ יאָר, צו מײַנע סאָנימס קעפּ. ביסט, אַפּאָנים, ניט בײַ זיך.

זאָגט רעב קושע נאָכאַמאָל:

— יאָכע, גיב אָפּ די לײַכטער!

און אַז יאָכע נעמט די הענט אַף די באָקעס, און לאַכט פֿון אים, זאָגט אָפּ רעב קושע שטיל און ניגנדיק, ווי אַ צוואָע פֿאַרן טויט:

— הער זיך אײַן, יאָכע. פֿערציק יאָר האָב איך געלעבט מיט דיר, און מיר זײַנען געגאַנגען האַנט-בײַ-האַנט. איצט ביסטו, יאָכע, אָפּגעשטאַנען פֿון דער עפּאָכע. האָב קײַן פֿאַריבל ניט פֿאַרן גראַם. דו ביסט געבליבן הינטערשטעליק, כאָטש נעם און געט זיך אָפּ איצט אַף דער עלטער.

יאָכע, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, אַזוי האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן.

און רעב קושע האָט זי געמינטערט, און אַז יאָכע איז אָפּגעגאַנגען פֿון כאַלאָשעס, האָט זי אים געזאָגט:

— אַלע מײַנע פֿינצטערע, ביטערע כאַלוימעס. אויב עס גייט נאָר אין די לײַכטער, זאָלן זיי זײַן אַ קאַפּאָרע פֿאַר מיר און פֿאַר דיר און פֿאַרן גאַנצן קאָלעקטיוו...

---

רעב קושע פֿאָרט מיט די זין נאָך וואַפּנע. ניט ער האָט זיי אויפֿגעוועקט. זיי האָבן אים אויפֿגעוועקט: עפּעס רופֿט שוין איצטער ניט אויפֿצושטיין אינדערפֿרי. עס פֿלעגט זיך דוכטן, אַז ס'איז די אייגענע פֿעלד, אַז עס וואַרטן אייגענע פֿערד... איצט דאַכט זיך ניט. רופֿט ניט. אָדער מיט זיי, דאַפּקע איז פונקט פֿאַרקערט, אַפֿילע אָט דער מיכל...

טרײַבט מען די פֿערד, וואָס גיכער. גיכע טעמפּן, זאָגן זיי. פֿליען בײַ זיי די פֿערד ווי די אָדלערס. ווײַטער איז בײַ זיי אַ געוועט מיטן טאַטן.

און רעב קושע שרײַט ווי געוויינטלעך:

— פֿערדל פֿלי!... אָבער זײַן פֿערד צענאַראָװעט זיך, און פֿאַרװאַרפֿט אים אין עלעף־האַשישי.

רעב קושע האָט דאָך די נאַטור פֿון כאַלאָשעס. כאַלעשט ער. און אַז ער קומט צו זיך, זאָגט ער:

— אַפּאָנים, אַז איך בין שוין צו טעמפּ פֿאַר אײַערע טעמפּן. מע דאַרף זיך אָפּגעבן אין אוטיל. כ'דאַרף שוין אָפּרוען, קינדערלעך.

IV

אַזױפֿיל אַרבעט! אַזױפֿיל מי!

פֿאַר זײדעס, פֿאַר עלטער־זײדעס װאָס האָבן ניט דערטאָן, פֿאַר װינטער־נעכט אױס־גײענדיקע פֿון אומעט אַף לעזשאַנקעס.

פֿאַר קינדער, פֿאַר אײניקלעך, װאָס װעלן נאָך דערטאָן, און װעלן באַװוּנדערן זײערע זײדעס.

איז זאָל דערלױבט זײַן הײַנטיקן שנײ, װען ער איז שױן פֿאָרט אַראָפּגעגאַנגען און האָט זיך צעלײגט איבערן גאַנצן פֿעלד ביז ער דערגײט צום הימל, צו די שטערן.

אױבן אַ שװאַרצער הימל מיט שטערן.

אונטן אַ װײַסער הימל מיט שטערן.

איז זאָל דערלױבט זײַן הײַנטיקן אָװנט פֿילן זיך װי צװישן צװײ הימלען. זאָל דער־לױבט זײַן זינגען אין דער נאַכט אַרײַן:

אין דער גרױסער װײַטער פֿעלד װײסן ניט די געזאַנגען װוּהין צו אַװעקגײן, און זײ בלײַבן הענגען איבערן קאָפּ. אַ געצעלט פֿון געזאַנגען איז אַף אײַער קאָפּ, און עס זינגט אַף אײַך די לופֿט.

עס זינגט די לערערקע. זי איז דאָ גאָר אַן אײגענע. און אַז זי זיצט דאָ און זינגט, פֿאַרגעסט מען גאָר, אַז אָט הײַנט, שפּעטער דאַרף זי אַװעקפֿאָרן. און עפּשער גיט אַלע פֿאַרגעסן... אָט, מיכל, ער האַלט דאַכט זיך אַפֿן קאָפּ, אַז ער דאַרף שפּעטער שפּאַנען פֿאַר איר דעם שליטן.

דערװײַלע זינגט ער אױך. דערלױבט אים אױך זינגען, װאָרעם ער האָט געטאָן עפּשער מער פֿאַר אַנדערע. ער איז דער „זאַװוכאָז“ פֿון זאַװאָד: עס קלעקט אים אַרבעט.

עס זינגט עליאָצע אױך. ער קוקט אַף דער לעװאָנע און זינגט. געל איז זײַן פּאָנים אַנטקעגן דער לעװאָנע. געל איז די לעװאָנע אַנטקעגן זײַן פּאָנים.

עס זינגען אַלע.

פֿון אַלע קולעס הערט זיך דער קאָל פֿון דער לערערקע. ער צעגיסט זיך, איר לײכטנ־דיק קאָל, װי אַ רעגן אַנטקעגן דער זון.

און אַלע הערן מיט פֿאַרמאַכטע אױגן, מיט אָפֿענע הערצער.

זאָל איר דערלױבט זײַן הײַנט זינגען.

זי מעג בענקען, װאָרעם זי פֿאָרט הײַנט אַװעק, און זי לאָזט דאָ הינטער זיך מעג דורכגעלעבטע, װי פֿעסער מיט פעך—אָנגעצונדענע, װאָס לײַכטן דערנאָך אַסאַך צײַט אין זיקאָרן, און ס'איז גוט זיך אָן זײ צו דערמאָנען, און עס בענקט זיך, װען מע דערמאָנט זײ מיכל שפּאַנט דעם שליטן...

און דער שליטן האָט איבערגעלאָזן צװײ טיפֿע פּאַסן איבערן װעג, װאָס פֿאַרײניקן נאָך מיטן קאָלעקטיװ...

און מיכל שטײט און קוקט אַף די פּאַסן, פּונקט װי זײ װאָלטן זיך געצױגן פֿון זײַנע אױגן.

יאָ, אים כאַפּט אָן אַ פֿאַרדראָס, װאָס זי איז דאָ געװען אַזאַ צײַט, אַזאַ צײַט, און ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, אַ װאָרט ניט געזאָגט...

און זי האָט דאָך זינגענדיק אַזוי געבענקט.

גיט ער אַ פּאָר טריט מיכל, זעט ער, עס שטייט אַ מענטש אַנטקעגן דער לעוואָנע, און איז געל.

און די לעוואָנע איז אויך געל.

דאָס איז עליאָצע.

צעגייען זיי זיך ביידע אין באַזונדערע וועגן, און נאָךביידן גייט נאָך די לעוואָנע.

---

אַף מאָרגן איז עליאָצע געגאַנגען שפּאַנען אַ פערד, און האָט דערזען אַז איין שפּאַן פעלט, און אַ פערד פעלט.

ווייַזט זיך אַרויס: מיכל פעלט אויך.

קלערט ער: מאָדנע, ווי זייַנען זיי דאָס ביידע געפאַלן אַף איין סייכל.

נאָר אויב מיכל איז ניטאָ, בלייַבט ער. איצט טאָר מען ניט אַנטלויפן.

דער אַלטער טאַטע שפּילט זיך איצט מיט מיכלס קעצעלעך. לעבן זיי ווייַטער די קע-צעלעך. ער אַרבעט שוין מער ניט. און אַרבעט איז דאָ אַסאַך. מיסטאָמע וועט ער, מיכל, אין אַ פּאָר טעג אַרום קומען.

אַזויפיל אַרבעט איז געווען, און אַזויפיל איז נאָך פאַראַן!

מיסטאָמע וועט ער קומען העלפן. דאָס האָט ערשט נעכטן געשען, איז ווער ווייס, ווען ער וועט קומען. נאָר, מיסטאָמע וועט ער קומען. געוויס וועט ער קומען.

## אַנדריי אַלעקסאַנדראָוויטש.

(פֿון ווײַסרוסיש)

* * *

(אויסצוג פֿון פּאָעמע „באָלשעוויק באָכרים״).

עס קלינגט דער פֿראָסט, עס גיט זײַן שאַרפֿער אָטעם,
די קראַפּט פֿון זון זײַן הויך פֿאַרטונקלט און פֿאַרלעשט,
שטראַלן פֿאַלן, פֿאַלן ווי די שטיקער מעש,
און ציטערן דערשראָקענע ווי שאָטנס.

ווי גרינער אײַז איז גרין דעם הימלס הויכן,
דער הימל איז פֿאַרשמידט, ווי ערד, אין קאַלטן אײַז.
און ווי אַ שיף, וואָס שפּאַלט דעם גליוער און צערײַסט,
שפּאַלטן דורך דעם הימל די פֿאַבריקן-רויכן.

הויב זיך! הויב זיך! דרייסטער! העכער דײַנע פֿאַרבן,
וואָס מערער רויך, איז פֿלאַמיקער די פֿרייד.
עס שווימט אַ רויך? דער שטורם פֿון פֿאַבריקן ווייט!
דער שטורם פֿון פֿאַבריקן ווייט? עס לעבט דאָס לאַנד פֿון אַרבעט!

ווינטער! ווינטער! נאָר ס׳אַראַ הייסער גליען,
ס׳ברענט דאָס בלוט, ווי פֿון עלעקטרע-שטראָם.
דעם מענטשנס גאַנג פֿאַרהאַלט ניט אַף קיין טראָט
דער פֿראָסט, דער שטעכיק-קאַלטער גליוער.

לאַנד ווײַסרוסישע געווען אַן אומבאַמערקטע
יאָרן-הונדערטער אין דוירעסדיקן גאַנג;
ווי ווידערקאָל פֿון וואַלד—אַזוי איז אויך זײַן קלאַנג,
געפֿאַלן אַ פֿאַרלאָרענער, פֿאַרשטויבטער און דערדריקטער.

איצט אַ רעפּובליק. פֿאָרויס מיט זיג באַרומפּולט,
שפּאַנט דאָס לעבן אַנדערש, ברענט עס ליכטיק קלאָר!
מיר באַגעגענען דאָס לעבן מיט יוגנט און מיט שטאָלץ,
אין נאָמען פֿונם שטײַגנדיקן קומען!...

יידיש—מ. ליפּשיץ.

קראַפּיווע.

# עס גייט אַ שניי.

ווייך און שטיל שפּרייט זיך אַ ווײַסער פּוך.

אין שײַן פֿון די פֿענצטער זעט מען, ווי עס פֿליִען און שווינדלען דורך, ווי אויסטאַנצנדיק עפּעס אַן אומבאַוווּסטן טאַנץ, ווײַסע פֿליגן—פֿײַנע און צאַרטע, ווי פֿון מידקײַט זעצן זיי זיך אַוועק אַף די באַקן, אַפֿן נאָז, און שטעכן אָדער קיצלען, און דאָ טאַקע שטאַרבן זיי, איבערלאָזנדיק אַ קאַלטע פֿײַכטקײַט. אַרום און אַרום איז אַ מילכיקער נעפּל.

אין עק דאָרף, אַפֿן סאַמע ברעג, בײַם וועג האָט זיך צוגעזעצט אַן אַלטע אײַנגעהויקערטע שולכל און קוקט, גיט ניט אַ פּינטל אַפֿילע מיט די טונקעלע-געלבע, בלינדלעכע אויגן אַף די אײַנגעבראָכענע ברעטער פֿון דעם צאַם, וואָס שטעקן אַרויס פֿון הינטער דעם שניי, קוקט זיך אַרײַן אין דער מילכיקער ווײַס, ווי ווע‏לנדיק דערזען די געווינטע טונקעלע וואַנט פֿון דעם וואַלד. און אינעווייניק אין שול גייט אַקוראַט אַ הייסער געשפּרעך וועגן דעמזעלבן וואַלד. די זאַך איז אין דעם, וואָס די טונקעלע וואַנט פֿון וואַלד איז שוין ניט אַזוי טונקל, ווי זי זעט אויס פֿון דער ווײַט. אַסאַך שווערע מינוטן האָט דער אַלטער וואַלד איבערגעלעבט פֿאַר די לעצטע יאָרן. אַסאַך צאָרעס האָט ער איבערגעטראָגן און איז אויסגעקראָכן געוואָרן, האָט באַקומען היפּשע פּליכעס. יעדער פֿון די אָרטיקע פּויערים, וועלכער געדענקט דעמראָזיקן וואַלד אַן אַנדערן, קוקט מיט מיטלייד אין האַרצן אַף זײַנע פּליכעס. עס איז אַ שאָד דער וואַלד, און דעריקער איז אַ שאָד, וואָס עמיצער אַנדערש האָט האַנאָע געהאַט, און אים אַליין איז גאָרניט אָנקומען, אָדער עס איז אָנגעקומען זייער ווייניק.

אָפּט האָבן די פּויערים געטומלט אַף זייערע פֿאַרזאַמלונגען:

— אַלע טײַוואָלים פֿון גאָר דער וועלט דרייען זיך דאָ אַרום, און דו ווינסט אין וואַלד און האָסט ניט קײַן שטיק האָלץ, מען קען דאָך צעפּלאַצט ווערן פֿון קאַעס!...

און אַליין איז מען געפֿאָרן און מען האָט געהאַקט. עס האָט געהאַקט, ווער עס האָט געהאַט קויעך און דרייסטקײַט אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע, מען האַקט אויך איצט ביגנייווע, אין ציטערניש, אָבער מען האַקט.

אָט וועגן דעם האָבן טאַקע איצטער גערעדט אין דער שולכל זיבן יונגע יאַטן—דאָס דאָרפֿישע קאָמיוגישע קעמערל. דער סעקרעטאַר פֿון קעמערל, אַ הויכער טרוקענער יאַט, זייער אַ פֿריילעכער, האָט איצט, פֿאַרשטייענדיק די גאַנצע וויכטיקײַט פֿון דעם מאָמענט, געמאַכט אַף זײַן געזיכט אַ פֿריילעכן אויסדריק און האָט גענומען אַ וואָרט.

אָנגעהויבן האָט ער פֿון טעאָריע און שיִר ניט דערפֿירט דערצו, אַז קאַרל מאַרקס אַליין וואָלט ניט אויסגעהאַלטן, צוקוקנדיק אַזעלכע פֿאַראָנדקעס. אָבער אַ קוק טאָנדיק אַף זײַן פּאָרטרעט, האָט ער זיך פֿאַרשעמט און איבערגעגאַנגען צו דעם פּראַקטישן טייל. אויסרעכענדיק וויפֿל פֿרישע שטאַמען דער וואַלד-וועכטער האָט אָנגעציילט פֿאַר דער לעצטער וואָך, האָט ער פֿאָרגעלייגט: אויפֿהויבן דיזאָזיקע פֿראַגע אַף דער ערשטער דאָרף-פֿאַרזאַמ-

לונג, איבערצײַגן די פּויערים, אַז זיי ברענגען דערמיט זיך אַליין אַ שאָדן, דערשלאָגן זיך, אַז זיי זאָלן אַליין באַשטימען, מער ניט גאַנווענען קײַן וואַלד און נאָכשפּירן איינער נאָכן אַנדערן. קיינער האָט זיך ניט אַרויסגעזאָגט קעגן דעקרעט, פֿאַרקערט, אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן—איינע אײַנגעהאַלטן, די צווייטע ווײַטער.

העכער פֿאַר אַלעמען האָט באַם אָפּשטימען אויפֿגעהויבן די האַנט דער שוואַרצלעכער יאַט יאַקוב מאַרקאַטשאָו. ער איז ערשט ניט לאַנג אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג און האָט זיך שטענדיק געסטאַרעט אַרויסווײַזן זײַן קאָמיוגישע אויסגעהאַלטנקײַט און אַקטיווקײַט. ער האָט שוין איצטער זיך געזען, שטייענדיק פֿאַר אַ גרויסער פּויערישער פֿאַרזאַמלונג, אויפֿמערקזאַם הערן אים די וואָנציקע פּויערים, אַרויסנעמענדיק די ליולקעס און פּאַפּיראָסלעך פֿון די מײַלער. זיי הערן און זײַנען מאַסקים: „יאַקוב זאָגט ריכטיק“. און ווען ער טראָגט אַרײַן דעם פֿאָרשלאָג: ניט גאַנווענען מער קײַן וואַלד און אַליין אויפֿדעקן די גאַנאָווים,—הויבן אַלע ווי איינער אויף די מאַזאָלישע צוזאַרטע הענט. אַף מאָרגן גייען אַלע פּויערים, מיט אויגן אַראָפּגעלאָזענע פֿון כאַרפּע צו דער ערד, איינער נאָכן אַנדערן צו יאַקובן און ווי באַם מיסוואַדע זײַן זיך באַם גאַלעך, דערציילט אים יעדערער, וויפֿל ער האָט אָנגעהאַקט בוימלעך.

זיי זײַנען זיך מיסוואַדע און ער זאָגט צו—קיינעם וועגן דעם ניט דערציילן, וויבאַלד זיי דעקלאַרירן מערער דאָס ניט צו טאָן.

אויפֿגעכאַפּט האָט ער זיך פֿון זײַנע אָנגענעמע געדאַנקען ערשט דאַן, ווען דער סעקרעטאַר האָט געמאָלדן, אַז מיט די פֿראַגן איז שוין פֿאַרענדיקט, און די יאַטן האָבן אָנגעהויבן אויפֿשטיין פֿון די בענק. יאַקובן איז דעמלט געקומען אַפֿן זינען, אַז אים וואַרט היינט אָפּ נאָך אַן אָנגענעמע זאַך—אַרײַנגיין צו די דמיטרעווס.

און באַ די דמיטרעווס ברענען העל אַפֿן קאַמין די קינעלעך און שרעקן איבער פֿון צײַט צו צײַט די מיידלעך, שיסנדיק אַף זייער קליידער.

„ס'וועט זײַן אַ מאַטאָנע“, טרייסטן זיי איינע די אַנדערע.

אַליין פֿון זיך באַוועגן זיך אַף די פֿוסהאַלטערס די רעכטע פֿיס זייערע, עס גיסן זיך צונויף אין איין קרײַז די שפּיצעס, גיך דרייען די פֿײַכטע פֿינגער די גרויע באָרד פֿון דעם ליין. די גאָפּלען קען מען איינגאַנצן ניט באַמערקן: זיי דרייען זיך מיט אַ מעשוגענער גיכקײַט, קוים באַווײַזנדיק אָנצודרייען אַף די שפּולן דעם פֿײַכטן פֿאָדים.

לאַנג האָבן שוין מיידלעך אויסגעדערציילט אַלע דאָרפֿישע נייס, איבערגעזונגען אַף אַ שיר לידער און איצט זײַנען זיי אַביסל שטיל געוואָרן. איינע פֿון זיי, וואָס זיצט נעענטער צום קאַמין, קוקט זיך אַרום אַלע ווײַלע אַפֿן טיר, איר בלוי געקויפֿט קליידל און די בלאָנדע עטוואָס געקרײַזלטע האָר, פּאַסן איר זייער צום געזיכט. די לינקע באַק האָט זיך אָנגעוואַרעמט פֿון קאַמין, זי איז ברויניק און פּוכקע. אָט דאָס איז יענער מאַגנעט, וואָס האָט אַ צי געטאָן יאַקובן צו די דמיטריעווס.

עס איז אַרײַן יאַקוב מיט נאָך אַ יאַט, מע האָט געכויזעקט, געלאַכט און „געהאָלפֿן“ די מיידלעך שפּינען, אַראָפּוואַרפֿנדיק פֿון די רעדער די שטריק און אָנגעדרייט קודזעל אַף די וואָנצן.

אָבער די מיידלעך האָט זיך גיך פֿאַרוואָלט שלאָפֿן, באַזונדערס יענער, וואָס אין דער בלויער קלייד, און נאָך איינער, מיט וועלכער עס האָט מער ווי אַלץ געשפּאַסט יאַקובס כאַווער. זיי האָט זיך אַזוי פּלוצלונג פֿאַרוואָלט שלאָפֿן און עס איז אַזוי נויטיק געווען מאָרגן פֿרי אויפֿשטיין, אַז יאַקוב האָט כיטרע אַ ווונק געטאָן וואָלטין (דער, וואָס אין דער בלוי קליידל). און אין געדאַנק געליבט די מיידלעך פֿאַר זייער קלוגשאַפֿט און פֿאַרשטאַנד.

גייענדיק אַהיים, האָט יאַקוב גענומען אַף די פּלייצעס די מאַשין, און זי האָט גענומען די פּריאַסניצע. פֿריילעך האָט מען געטראָטן דעם ווײַסן פּוך, איבערלאָזנדיק צוויי פּאָר

שפּורן, לעבן טויער פֿון וואָלטיס שטיבל האָט יאַקוב אָוועקגעשטעלט דעם וועב-שטול אָפֿן שניי. און ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַ היטער אַף אַ וויכטיקן פּאָסטן, פּילבאַר אויסשטעלנדיק דעם איינציקן לעדערנעם אויערל, שטיל האָט געדרעמלט די קודזעלע, זיך צוטוליענדיק צום ווינקל, און איר באָרד איז פֿון גרוי ווײַס געוואָרן. זיי האָבן זיך אַלץ ניט געהאָלט שיידן. באַ איר אַף די ברעמען און האָר פֿאַלן שנייעלעך שטילע און צאַרטע. אירע אויגן, די גרויסע און טונקעלע, קוקן אַף אים אין דער מילכיקער טונקלקייט פֿונגנטן. זיי קישעפּן און ציען צו זיך.

— אַ שניי גייט—די קודזעלע ווערט פֿייכט, עפּשער וועלן מיר שוין גיין,—באַומרויקט זי זיך אַלע ווײַלע.

דעמלט בויגט ער זיך אָן צו איר, ציט זי צו צו זיך, און די טונקעלע אויגן ווערן אַף אַ מינוט פֿאַרגאָסן און די ליפּן טרינקען אַ שיקערע וואַרעמקייט, וועלכע צוגיסט זיך איבערן גאַנצן קערפּער און פֿאַרנעפּלט דעם מויעך.

— עס גייט אַ שניי...—ווידער ווערן אַף אַ מינוט פֿאַרצויגן די טונקעלע אויגן.

אַ זויערע, שווערער רייעך האָט אַ זעץ געטאָן אין נאָז, ווען יאַקוב איז אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פֿון זײַן היים, ער האָט אָנגעצונדן אַ לעמפּל און זיך זעצנדיק לעבן אויוון אָפֿן „פּאָל“ האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפֿן די שטיוול. אַף איין בעט איז געשלאָפֿן די מאַמע מיטן קלענערן קינד און אַף דער צווייטער נעענטער צום אויוון—דרײַ גרויסע. דער טאַטע איז, דאַכט זיך, געשלאָפֿן, אָדער סטאַם געלעגן אָפֿן אויוון ניט קיין אויסגעטאָנענער.

— עס גייט אַ שניי?—האָט ער פֿרעג געטאָן, ניט אופֿהויבנדיק דעם קאָפּ.

— עס גייט.

— וואַרט צו, טו זיך ניט אויס.

ניט אופֿהערנדיק זיך אויסטאָן, האָט יאַקוב אופֿגעהויבן דעם קאָפּ.

— פֿאַרוואָס?

— מ'דאַרף פֿאָרן אין וואַלד. איך האָב מיר אויסגעקליבן אַ טרוקן בוימעלע, זייער אַ גוטינקע, פֿוניבן פֿאַרפּעכיקט—ס'קען אַף אַ וואָכן דרײַ סטײַען אַף קינעלעך און פֿון קאַמעל אַרויסקומען גוטע סלופּעס—מ'דאַרף אין שטאַל אָפּצאַמען די בעהיימעס.. אָט איז אַקוראַט גוט, וואָס ס'גייט אַ שניי—די שפּורן וועלן איבער נאַכט צוגעדעקט ווערן. יאַקובס אַלע ליכטיקע געדאַנקען זײַנען מיטאַמאָל פֿאַרשוווּנדן, דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אָפּט און אומרויק. פֿאַר די אויגן זײַנען פּלוצלונג געקומען אַלע מיטגלידער פֿון קעמערל מיט אַן אַנטשליסנדיקן אויסדרוק אָפֿן געזיכט און מיט אופֿגעהויבענע הענט.

— כ'וועל ניט פֿאָרן... איך וויל ניט... איך קען ניט גאַנווענען—איך בין אַ קאָמיוניסט—האָט ער געזאָגט און האָט גיכער גענומען פֿאַנאַנדערוויקלען די שמאַטעס פֿון די פֿיס.

— איך ווייס דאָך, אַז דו וועסט ניט פֿאָרן. ביסט דאָך אַ קאָמיוגיסט, אַ גרויסע צאַצע, דאַרף איך דאָך ביזן עלטער דיך האָדעווען... דו אַליין דאַרפֿסט מער ניט, ווי געשמאַק עסן און גוט אָנטאָן זיך, און דער טאַטע—נעמט אים דער טײַוול—זאָל ער זיך אַליין שטיקן. איך אַליין האָב אַפֿילע קיין רעכטע לאַפּטשעס ניט צו אָנטאָן יאָנטעוו, און דיר דאַרף איך מאַכן שטיוול... געשטיקט זיך, קיין נעכט ניט געשלאָפֿן באַ דער אַרבעט, געהאָרעוועט, געטראַכט—אַף דער עלטער וועט עפּשער זײַן עטוואָס לײַכטער. איז ניין—ניט דערוואַרטן זיך מיסטאָמע. נו, מיילע, ווילסט ניט, מיט גוואַלד וועל איך דיך ניט נויטן—ביסט שוין שטאַרקער פֿאַר מיר, איך וועל שוין אַליין ווי ס'איז... קאָלומאַן מ'לעבט, דאַרף מען ווי ס'איז רירן מיט אַ גליד.

ער איז אַראָפּגעקראָכן פֿון אויוון, זיך אָנגעטאָן און גענומען די הענטשקעס. די שמאָלע אײַנגעהויקערטע פּלייצעס אין פֿאַרלאַטעטן פעלצל און דער שאַליק אָפֿן האַלדז, האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסזען פֿון אַ קראַנקן.

דער פֿאָטער האָט גענומען פֿון הינטערן באַנק די האַק און אַרויסגעגאַנגען, ניט זאָגנדיק מער קיין וואָרט, און יאַקוב האָט אַלץ לאַנגזאַמער און לאַנגזאַמער פֿאַנאַנדערגעוויקלט די נאַסע שמאַטעס, אויסטוענדיק איין פֿוס, האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן און האָט אָנגעהויבן פֿאַרטראַכטערהייט קוקן אַף דעם קעגן-איווענדיקן פֿענצטער. ניטווילנריק זיינען אַרויסגעפֿלויגן צוויי טרערן, האָבן אַ קיצל געטאָן דעם נאָז און איינע האָט אים אַראָפּגעקאַפּעט אַף דער האַנט. ער האָט צוגעהאַלטן אין די הענט די נאַסע שמאַטע, גענומען פֿאַר די עקן, פֿאַנאַנדערגעשפּרייט זי און עפּעס אַ קוק געטאָן אַף איר קעגן לעמפּל און לאַנגזאַם אָנגעהויבן פֿאַרדרייען זי צוריק אַפֿן פֿוס. אָנטועדיק זיך, האָט ער ניט איילנדיק גענומען די זאַכן, אַראָפּגעשנעלט אַ פּרייס, וועלכער איז איינזאַם געלאָפֿן איבערן טיש, פֿאַרלאָשן דעם לעמפּל און איז אַרויסגעגאַנגען.

דער פֿערד איז שוין געשטאַנען געשפּאַנט אין אַ פּראָסטן שליטן—און דער פֿאָטער נעמענדיק די לייצעס, האָט זיך געגרייט אַוועקזעצן. יאַקוב האָט זיך שווייגנדיק אַוועקגעזעצט פֿונהינטן. דער שליטן איז שטיל אַוועקגעשווומען איבערן ווייסן יאַם.

וואָס קלערער ס'האָט זיך אויסגעצייכנט פֿון דער פֿינצטערניש די טונקעלע וואַנט פֿון וואַלד, אַלץ נידעריקער האָט זיך יאַקוב איינגעבויגן זיצנדיק אַפֿן וואָגן, פּונקט ווי די דאָזיקע פֿינצטערע וואַנט וואָלט זיך אַלץ מיט אַ גרעסערער שווערקייט אַוועקגעלייגט אַף זיינע פּלייצעס. ווען מען איז אַריינגעפֿאָרן אין וואַלד, האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט אינדערהויך געזאָגט:

— שטעלט זיך אָפּ, טאַטע!

דער פֿאָטער האָט איינגעהאַלטן דעם פֿערד און פֿאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן אַף יאַקובן.

— וואָס איז דאָרט?

— עמיצער איז געגאַנגען, דאַכט זיך—האָט יאַקוב אַ ליגן געזאָגט, קעדיי ווי ניט איז פֿאַרטייטשן דעם טאַטן דאָס, וואָס עס האָט זיך באַ אים ניט ווילנדיק אַרויסגעריסן, און דאָ איז פֿאַר אים פּלוצים קלאָר געוואָרן, אַז דערדאָזיקער „עמיצער איז געגאַנגען", דאַרף אים אַרויסראַטעווען... כאָטש אַף דעמדאָזיקן מאָל, און ווייטער וועט מען זען.

— ווו איז דאָרט ווער געגאַנגען—האָט זיך אָפּגערופֿן דער פֿאָטער, ניט ווערלנדיק גלויבן יאַקובס ווערטער—דיר האָט זיך מיסטאָמע אויסגעדוכט?

— ניין, איך האָב גוט געזען, ווי עמיצער איז איבערגעגאַנגען איבערן וועג און זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים.

— וואָס פֿאַר אַ טייוול קען דאָ איצט גיין אין אַזאַ צייט—האָט דער פֿאָטער מיט קאַעס געזאָגט, אָבער טרייבן דעם פֿערד האָט ער שוין ניט געוואַגט.

— ווער ווייס אים—עפּשער היט עמיצער בעקיון... אָבער צו וואָס דאַרפֿן מיר עס—גיט אַליין אַ טראַכט. מ'שטיינס געזאָגט, די נוצן דערפֿון, ניט מער, ווערסט זיך מאַכן אַ שלעכטן נאָמען, אויב מ'וועט כאַפּן, און ס'וועט נאָך אויסקומען באַצאָלן.

— גיין אין וואַלד—דאָס איז ניט קיין ביזאָיען, ניט קיין נאַרישער מענטש האָט אויסגעטראַכט דעם וואָרט: „ווער ס'איז ניט קיין גאַנעוו אין וואַלד, יענער איז ניט קיין באַלעבאָס אינדערהיים".

— ס'איז אַן אַלטער שפּריכוואָרט, און אַלטע מענטשן האָבן אים אויסגעטראַכט, איצט טויג עס ניט. מיר גאַנווענען אַליין באַ זיך.

— מענטשן קוקן ניט אַף אַזעלכע אָרנטלעכע, ווי איך מיט דיר—אָט וואָס פֿאַר אַ הייזער מען האָט זיך דאָרט אויסגעבויט—האָט געזאָגט דער טאַטע, שוין אויסקערעווענדיק דעם פֿערד אַף צוריק.

לאָזט עס צורו, טאַטע: דידאָזיקע סלופּעס וועלן מיר אַליין פֿונם האָלץ אויסקלייבן, ווען מיר וועלן האַקן. און אַף גאַזע וועלן מיר פֿאַרברענען נאָך אַ גילדן.

אָבער נאָך איינרײדן דעם טאַטן האָט מען ניט באַדאַרפט. די פינצטערע וואַנט פונם וואַלד האָט זיך צוביסלעך דערווײַטערט און ווי צעגאַנגען איז דער כאַשכעס און צוזאַמען דערמיט איז געוואָרן פרײלעכער באַ יאַקובן אַפן האַרצן.

דעם פערד איז אויך געווען פרײלעך. ער האָט ליב געהאַט אַ דרעמל טאָן, שטײענדיק אינם וואַרעמען שטאַל, איבער די הויפנס שמעקעדיקן היי, און איצט איז ער האָפערדיק געלאָפן איבערן ווײכן וועג, פרײלעך ניסנדיק און צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. אים האָט נאָר געוווּנדערט איין זאַך: פאַרוואָס האָבן דאָס די באַלעבאַטים אָן קײן שום סיבע פאַרטראַכט זיך דורכפאָרן אַף אים אין וואַלד, און נאָך אין אַזאַ שפעטער צײַט.

---

אײַזיק קאַהאַן

# „עלעקטריע“.

1

פֿאַרפֿרי נאָך גייט אַרויס בערע דער שמיד, די וואָנצעס, ווי הערנער פֿון אַ בעהיימע, פֿאַרדרייט אַרוף, מיט אַ גראָבן פּאַפּיראָס אין מויל (אַ פּאַפּיראָס אין מויל זויגט ער צוליב בעוואָינהײַטן, אַפֿילע אָן אויסגעלאָשענעם, אַפֿילע אין שלאָף אָפּטמאָל), קוקט אַרום די קוזניע און זעצט זיך אַנידער כאַפּן אַביסל פֿרײַע פֿאַרטאָגעדיקע לופֿט.

אָפּן פּריזבע זעצט ער זיך, בערע, און טראַכט. קײַן וועלטן טראַכט ער ניט אויס און קערט זיי ניט איבער אין זײַן ענגן מויעך, קײַן פּאָר רעדער וועלן זיך דאָרטן ניט אויס-דרייען, אַ וועלט אַ גאַנצע געוויס ניט.

בערע אַליין איז זיך מיסוואַדע:

— דאָס, וואָס איך גיי אַרויס פֿון דער מישפּאָכע שמידײַלעס, דאָס אַרט מיר ווייניק. דער ראָוו אַליין וואָלט איצט גערן געוואָלט זײַן כאָטש אַ „פּאָדשמידל“, אַ בלעטער טאָן כאָטש אַ ווײַלע דעם בלאָזאַק. אָבער פֿאַרוואָס האַלט מען אונדז, שמידן, פֿאַר גראָבע מענטשן, אַי, האַמערס זיי אין די זײַטן, אַזויפֿיל מיסט זיי אין די קעפּ, וויפֿל סייכל באַ אונדז איז. באַר יע, וואָס טראַכט איך, נאַראָניס באַרימען זיך אַליין.

אין סאַמע עק פֿון שטעטל שטייט זי, די קוזניע, און זעט אויס, ווי אַ קופּע סאָזשע פֿון אַן אָפּגעברענטן סטויג היי. די בערווענעס זײַנען שוין אַלט און צעפֿוילט, און ווען ניט דער דיקער שיכט אָנגעקאָוועטע סאָזשע, וואָס האַלט זיי אויפֿגעקלעפּט איינס צו די אַנדערע, וואָלטן די בערווענעס שוין לאַנג פֿאַנאַנדערגעפֿאַלן.

— ווי האַלסטו, זאַליע בערעב שמיד, אָט אַ נאָש בראָט. מיר ציגײַנער-שמידן וואָלטן אַשטייגער עפּעס געקאָנט אַ דאַבער טאָן אַזוי, עס זאָל שפּאַרן, ווי פֿון אַ בלאָזאַק...

זאַליע איז דער צווייטער שמיד פֿון שטעטל (דאָ איז קײַן אײַנהאָרע אַ גרויסע גערע-טעניש אַף שמידן) און באַזוכט אָפּט בערעס שטוב, איבערהויפּט פֿאַרפֿרי, ווען מען פּאַקט נאָך אַ פֿיר-פֿינף גלעזער וואַרעמס.

— כ׳ווײ, מיר שמידן,—גיט זאַליע אַ טאַנץ אַף דער הינקעדיקער פֿיסל,—כ׳ווײ, מיר קוסטאַרעס, „ליסים ראָדילסיאַ, אי, ליסים פּראָפּאַדיאָש“.

בערע איז מיט אים ניט מאַסקים, ער וואָלט אים געוויס דערוויזן, אַז ער איז ניט גע-רעכט, קאָן ער אָבער ניט. פֿילן, פֿילט ער עס, נאָר גיי צעשנײַד דאָס האַרץ, און ער זאָל דאָרטן איבערלייענען:

— זאַליע, דו ביסט אַזוי גערעכט, ווי דער פֿערד, ווען ער וויל ניט שטיין בעשאָס מען שמידט אים. דאַכט זיך וואָס, זײַן טויווע, אים זאָל זיך בעסער גיין... נו איז ער דאָך אַ פֿערד. אָבער דו צווייפֿיסיקער?

גאָרניט, זאַליע האָט זיך אָפּגעטרונקען דעם טיי און איז אַוועק. נאָר בערע טראַכט ווײַטער. דערזעט סאָרע-לייע און מאַכט קוילעס:

— אַלע בייזע יאָרן צו מײַנע סאָנימס קעפּ, דו וועסט זיך דאָך רירן פון זינען, סט׳וועט געהערט, א מענטש ט׳זיך אַרײַנגעגנומען אַ מאַנגל אין קאָפּ און מיינט, אַז מיט זײַן שמידישן קאָפּ ווערט ער אַ גאַנצער לײַט...

— הער, סאָרע-לייע, דו ביסט טאַקע אַ ווײַב מײַנע, נאָר דורע ניט קײַן קאָפּ. אַז איך וועל מעשוגע ווערן, וועסטו דעמלט זײַן קלאָרער...

זינט ער, בערע, איז געקומען פון דער שטאָטישער קאָנפערענץ, קאָן ער ניט אײַנרוען. ווי פויגלעך פליען אַרום די געדאַנקען, פּיקען אים מיט די שנאָבעלעך אין קאָפּ און לאָזן אים ניט אָפּ. די געדאַנקען שטייען ניט אַף איין אָרט, זיי קוליען זיך איבער, ווי פון אַ הויכן לייטער און בערע שפּײַט אויס דעם פּאַפּיראָס פון מויל צוזאַמען מיט די אַראָפּגעפאַלענע געדאַנקען אינם פײַכטן שטויב.

אָפּגענעצט.

צערונען.

אָט נעכטן איז דאָס געווען, איז צו אים געקומען שמועלקע דער אַלמאָנעס און זיך אַזוי געבעטן באַ אים, ער זאָל אים נעמען אין קוזניע אַרבעטן.

בערל האָט זיך מיט דעם שמידישן קאָפּ אַרײַנגעגראָבעט צו זיך אין האַרצן און פון דאָרטן אַרויסגענומען שמועלקעס נעכטיקע רייד:

— בערע, אײַך קאָסט דען געלט, טאָ וואָס זשאַלעוועט איר, זאָל איך גיין גאַנווענען, וואָס? די מאַמע וויל דאָך עסן און די שוועסטער און די ברידער, איז וואָס זשאַלעוועט איר?

— ער איז דאָך גערעכט,—טראַכט זיך בערע,—אַ יינגל וויל האָרעווען, אַן אָפּגעריסענער יאַטל וויל פאַרציִען דאָס לײַב, וויל דער אָרעמער מאַמען אַ שטיקל ברויט פאַרדינען. איז פאַרוואָס דען ניט?..

טוט ער זיך ווידער אַ דריי:—אָבער וואָס בין איך? איך קאָן אים ניט העלפן, מײַן „פּוטילאָווקע“ קאָן עס ניט פאַרטראָגן. ניין, איך קאָן ניט.

זיצט ער אַ ווײַלע, נעמען די געדאַנקען צוריק אַרופקלעטערן אַפן הויך פון מאַרך-לייטער. און פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט נעמען און אויסלערנען אַ מענטשן די אַרבעט? וואָס, ס׳וועט קײַן פונקען ניט קלעקן? אָדער עס וועלן קײַן האַמערס ניט סטײַען? זאָל נאָך אַ קאוואַלטשיק צוקומען אין אונדזער קאוואַלנער מישפּאָכע.

בערע האָט אָבער ליב—אויב געקאָוועט, זאָל זײַן געקאָוועט—אַ רויך זאָל גיין. וואָס זשע, נעמען אַן אַרבעטער, ער זאָל אומוויגן דעם בלאָזאַק—דאָס וועט ער ניט טאָן. וואָרעם ווי וועט זײַן, אַז די הויכע טעכניקע וועט אַהער אין שטעטל קומען און אָנהויבן אומוויגן דעם בלאָזאַק אן הענט, דעמלט... איז שמועלקע אַ פאַרטיקער קאַנדידאַט אַף דער בירזשע.

ער וויל נאָך עפּעס טראַכטן, ווערט אָבער דער שטערן אויפגעדרייט, אויפגעלאָפענע קנייטשן, ווי שווערע רייפן הויבן אים אָן אויפצודריקן און ער שפּרײַזט גיך-גיך אַוועק מורמלענדיק:

— עך, מיט מײַן פאַרקוסטאַרעוועטן קאָפּ וועל איך ווײַט ניט פאַרפאָרן. מען דאַרף, ווי יענער רעדנער האָט געזאָגט, מען דאַרף אים פּראָלעטאַריזירן...

גייענדיק שטויסט ער זיך אָן אָן פילִיפּן, אַ פויער פון היגן דאָרף.

— בערקא, בעדאַ.

בערע גיט אַ קוק און זעט שוין, אַז דאָס פערדל זײַנס, פילִיפּס, הינקט.

— אַ-אַ-אַ, מען דאַרף פאַדאָשוועס לייגן דעם פערד?—כאַדזים.

און בערע מיט פילִיפּן זײַנען אין קוזניע אַרײַן.

2

דער גאַנצער אַרום ווייס פֿון בערע דעם שמיד. פֿאַרוואָס זאָל מען ניט וויסן, אַז קימאַט קיין איין פֿייער, קיין איין שטעטלדיקער באַלעבאָס האָט ניט אַרויסגעוואָרפֿן עפּעס אַן אָפּגעניצטע זאַך, עס זאָל פֿריִער אַ פּאָר מאָל ניט דורכגיין דורך בערעס הענט. אַ הויכער איז ער, בערע דער שמיד, מיט אַ שוואַרץ-סאַזשע-באָרד. ווער ווייס, עפּשער האָט זי, די באָרד, שוין באַדאַרפֿט זײַן גרוי, נאָר באַם בלאָזאַק, באַם קאַוואַדלע שטייענדיק, סאַזשעט זיך די באָרד זײַנע און איז שטענדיק שוואַרץ.

פֿון דער זון וואָלט עס עפּשער אַראָפּגעקראָכן, איז אָבער בערע דעם שמיד ווייניק אויסגעקומען צו זײַן אַף דער זון. לײַט לאַכן פֿון בערען, אַז ער וועט שטאַרבן אַ יונגער, אָן אַ ווײַסער האָר אַפֿן באָרד. נאָר בערע האָט שוין אַף דעם אַן ענטפֿער:

— בעסער שטאַרבן מיט אַ שוואַרצער באָרד אַן אַלטער, ווי מיט אַ גרויער באָרד—אַ יונגער. אַ שווערער געדאַנק. האַ? בערע, אַז ער וויל קאָן ער.

— זאָלסטו מיר געזונט זײַן, סאָרע-לייע. גיב מיר עסן. אויב ס'איז ניטאָ קיין שוואַרץ ברויט, אַרט מיר ניט, אַז אַ ווײַסע בולקע, אַבי אַ גרויסע...

די אַלע כאָכמעס זײַנען אָנגעגאַנגען אַמאָל, אַזוי זאָגט בערע דער שמיד, דאָס הייסט, מע קאָן זיי זאָגן איצטער אויך, נאָר איצט דאַרפֿן זיי שוין טראָגן אַן „אַנדער“ כאַראַקטער, און אַזוי, ווי קיין אַנדער כאַראַקטער האָט ער נאָך צו זיי ניט צוגעשמידט, האַלט ער די צונג אין שלאָס פֿון מויל, אַז זי זאָל גלאַט אַזוי ניט פּלאַפּלען.

הײַנט איז בײַ בערען מער אַרבעט, ווי אַלעמאָל, עס טרעפֿט אָפֿט אַזוי, אַז פּונקט מע וואָלט זיך אַלע צונויפֿגערעדט און קומען דאַווקע אין איין טאָג.

און, אַז עס ווערט אַ קריגערײַ אַביסל, ווער פֿריִער, גיט בערע אַ זעץ מיטן האַמער איבערן קאַוואַדלע און צעשרײַט זיך:

— ערשטנס איז דאָ פֿאַראַן שמידן אַכוץ מיר, זאָל מען גיין אַהין, און צווייטנס, וועל איך פֿריִער פֿאַריכטן די „קאָלעקטיוו־ניקעס“ און דערנאָך די „יעדינאָליטשניקעס“, יאָ, אַזוי טוט זיך אומעטום און בײַ מיר אין קוזניע אויך... אין דער „פּערוווער אָטשערעד“ די קאָלעק-טיוו-ניקעס...

בלײַבן אַלע שטיין פֿאַרווּנדערט מיט בליקן „פֿון וואָס טוט זיך הײַנט“, נאָר בערע גייט גלײַך צו דער שנײַר-מאַשין, וואָס געהערט צו דעם נאָענטן קאָלעקטיוו, און נעמט זיך, ווי אַ דאָקטער, באַטראַכטן איר פּעקל אײַזערנע ביינער.

אַז בערע אַרבעט, צעציִען זיך טונקעלע שנירלעך שווייס איבערן פּאָנים, ווי זיי וואָלטן אים געהאַלדזט און הייס אַרומגענומען מיט די וואַסערדיקע פֿינגער. בערען אַרט ניט, זאָלן זיי זיך שווימען, זאָלן זיי האַנאָע האָבן. און אַז ער ווישט אַראָפּ מיט דעם פֿאַרסאַזשעטן אַרבל אָט די וואַסערדיקע שנירלעך, לאָזט ער איבער אַביסל, אינגאַנצן אָפּווישן טראָגט אים, אַפּאָנים, ניט דאָס האַרץ, זאָלן זיי...

— טפֿו, טפֿו—אַזאַ געוואוינהייט האָט שוין בערע בײַ דער אַרבעט, שטענדיק שפּײַען, ווע מע דאַרף און ווען מען דאַרף ניט. בעשאַס ער אַרבעט, דאַכט זיך, אַז אַ גראָבער מעגושעמדיקער שאָטן באַוועגט זיך אַרום פֿײַערדיקן גריבל, אַ גריבל, וועלכע לעבט דורכן בלאָזאַק. הערט אויף דער בלאָזאַק צו אונטערגעבן אָטעם, איז אויס פֿײַער, אויס לעבן.

די באַוועגונגען פֿון בערעס האַנט זײַנען אַזוי גיך, ווי ער וואָלט אומגעוואָרפֿן אַ שפּענדל און ניט קיין שווערן האַמער. באַם יעדן זעץ פֿון האַמער זעצט זיך אַרויס פֿון דער טיף אַ ווידערקאָל:—אַ-הע-ע-ק. אַ-הע-ע-ק. ווען אַ נײַער מענטש הערט דאָס ערשטע מאָל דעם „אַהע-ע-ק“, באַליידיקט ער זיך און נעמט עס אַפֿן אייגענעם כעשבן—„אַווע-ע-ק, אַווע-ע-ק“... כאָטש בערען אַרט עס גאָרניט. אַדעראַבע, זאָל אַ מענטש שטיין און זיך צוגעוואוינען צו דער אַרבעט.

יאָשקע דער קאָלווירטניק (אַגעוו דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיוגישער קעמערל) האָט בערען הײַנט געבראַכט פאַריכטן צוויי רעדער. מ׳דאַרף אַף זייערע הילצערנע לייבער אָנציִען אײַזערנע קליידער-שינעס. ער האָט בערען, ווי דער שטייגער איז, גענומען אין דער אַרבעט:

— נאָך אַלץ בערע אַ באַלעבעסל פאַר זיך, אַן אינ-די-ווי-דו-אַ-ליסט. שוועכסט זיך נאָך אַלץ אין דער אייגענער שיסל, ע-ע-ך, אָטסטאַלי עלעמענט, ברודערל, אָטסטאַלי...

די בײַוועזנדיקע האָבן זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט, און בערען האָט עס אַפאָנים פאַרדראָסן. פונקט אָנגעשאָטן זאַלץ אַף בערעס צאַפלדיקער ווּנד...

און אַזעלכע טײַנעס הערט שוין בערע ניט דאָס ערשטע מאָל:

נעכטן אין קלוב האָבן קאָמיוגיסטן אונטערגעבורטשעט, ווען ער, בערע, איז פאַרבײַגעגאַנגען:

— ער האַלט זיך נאָך פאַר אַ קעמפער, דער קליינבירגער. קאָן זיך ניט צעשיידן מיט צוויי זאַכן:מיט סאָרע-לייען—דער ערשטער ווײַב, און מיט דער צווייטער ווײַב—די קוזניע. גאָרנישט, פאַר דער ווײַבס אַבידע טראַכט ער זיך גאָרניט אָנעמען. סאָרע-לייע, זאָל געזונט זײַן, קאָן איר אָרט אַליין באַשטיין. אָבער די „צווייטע ווײַב“ מוז ער אָפּנעמען. געװיג.

איצט האָט ער אָבער יאָשקען גוט אַרײַנגעבראָקט, ער האָט אים אונטערגעטראָגן דעם עמעסן צובער רייד:

— הער, ברודערל, אַ רעדע, ווי דו, האָב איך קיינמאָל ניט געהאַלטן, ניט ווײַלע איך וויל ניט, נאָר ווײַלע איך קאָן ניט. אָבער צו מײַן רעוואָלוציאָנערישקײַט האָט עס קײַן שײַכעס ניט. כ׳האָב, ברודערל, געוויג זאַסלוגעס. דו קוק ניט, וואָס איך בין אַ נעסטשאַסטנער קוסטאַר. איך בין שוין דרײַסיק יאָר אַ מאָזאָליסטער קאָוואַל, ווי דו זעסט, מיט מײַנע אייגענע פינף פינגער און מיט מײַן אייגענעם שוויס. גאָר אַמאָל בין איך אַ לערן-ייִנגל געווען באַ אַ שמיד, געהאַט, ברודערל, אויסצושטיין געוויג צאָרעס. דאָס זײַט איר איצטער בעריעס אַף פאַרטיקן, אַז די וולאַסט איז אַ סאָוועטסקע...

— זײַט איר געוויס ווערט שמיק,—גיט אים יאָשקע אַ פאַטש אין דער ברייטער שמידישער פלייצע,—אין אַרטעל, אָט ווו אײַער אָרט איז!

מיט דעם געדאַנק וועגן אַן אַרטעל טראָגט זיך בערע שוין לאַנג אַרום, ווי אַ הון מיט אַן איי, נאָר ער האָט נאָך אַקוראַט ניט באַטראַכט, ווי וועט עס אויסזען די אַרטעל פון די שמידן. אַ שנײַדערישע אַרטעל איז פראָסט און פאָשעט. מ׳טראָגט צונויף די מאַשינעס און פאַרטיק. אַ שוסטערשע—איז צוגויפגעוואָרפן די קאַפּילן אין איין קופּע און—ווײַטער פאַרטיק. אָבער די קוזניעס וועסט דאָך אין איין קופּע ניט אופוואַרפן, איז ווי?

הײַנט באַנאַכט האָט שוין אָבער בערע קײַן וועטשערע ניט געגעסן. גיך אַביסל אָראָפּגעשווענקט די סאַזשע פון פאָנים און אָנגעזאָגט סאָרע-לייען, אַז אויב ער וועט ניט קומען פריער, וועט ער קומען שפּעטער.

— קרוינדעלעך מײַנע, ער רירט זיך דאָך פון זינען. ס׳וועט געהערט, בערע, זאָלסט מיר אַרײַן צו אַ דאָקטער!—האָט סאָרע-לייע אים באַגלייט ביזן סאַמע עק הויף—געדענק, צו אַ דאָקטער און באַווײַז אים דאָרטן דעם קאָפּ.

בערען האָבן די ווערטער אָנגעטראָפן פונקט אין פלייצע, און ער האָט זיי גאָרניט געהערט, זײַנען זיי אַראָפּגעפאַלן אין בלאָטע.

די זון האָט זיך העט-ווײַט הינטער קוזניע אויסגעלייגט אַפן ראַנד פון די פעלדער אין אַ רויטן פלאַקער, און די שטראַלן, ווי רויטע מעסערלעך, האָבן געשניטן בערעס באָרד און ניט איבערגעשניטן, איז זי געבליבן הענגען אונטערן מאָרדע, ווי געווען.

פון די פעלדער האָט זיך געטראָגן אַ פרישער ווינט, אַ דורכגעזאַפּטער מיט צײַטיקע טוועס און זיך געגאַנוועט אונטער בערעס העמד.

אין גאַס האָט בערע באַגעגנט איוואַן ביקן,—אַ שמיד פון דעם שכייניש דערפל. אָפּגעשטעלט אים און עפּעס אַרײַנגערוימט אין האָריקן אויער. איוואַן ביק האָט אַף אים אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר בליקן פון „פּאַרוואָס ניט. אַדראַבע, גוט“ — און זיי האָבן זיך ביידע געלאָזט דורך דער בלאָטיקער גאַס. הינטער באַרג-צו, גלײַך צו זאַליע דעם שמיד.

3

און אַזוי איז סאָפּקאָלסאָף באַשטימט ג׳וואָרן: זיך אָרגאַניזירן.

און זאַליע דער שמיד האָט אונטערהינקענדיק אַף דער רעכטער פיסל צוגעגעבן:

— מימאַנעפּשעך, וועט זיך אײַנגעבן, איז גוט, עלע ניט, איז צוריק געעפנט די אייגענע טיר פון קוזניע.

אויסגעקליבן האָט מען צוויי דעלעגאַטן, זיי זאָלן פאָרן אין שטאָט: בערע דער שמיד און יאשקע דער סעקרעטאַר פון דער קעמערל, דאַווקע ניט קײַן שמיד. אַז יאשקע זאָל פאָרן האָט ער זיך אײַנגעשטעלט, בערע אַליין. אַלס שמיד פאָרט ער, אַלס ריידער דאַרף פאָרן יאשקע, וואָרעם דאָרטן וועט ער קײַן מויל ניט גיין לײַען און אַליין ריידן איז אים שווער. גוט.

די שמידישע מישפּאָכע האָט זיך אָרגאַניזירט. די הענער פון שטעטל האָבן אונטערגעכאַפּט און צוגעגעבן: בערע דער שמיד איז שוין אַוועקגעפאָרן אין שטאָט וועגן דער אַרטעל.

און, אַז ווײַבער האָבן פאַרטאָג, טרײַבנדיק די בעהיימעס צום פאַסטעך, צוליב נײַגעריקײַט געפרעגט בײַ סאָרע-לייען נאָכאַמאָל:

— ווו איז ער ערגעץ, בערע?—האָט סאָרע-לייע קורץ און שאַרף געענטפערט:

— אין סומאַשעטשן דאָם אַוועקגעפאָרן...

שפּעטער באַטאָג איז איוואַן ביק געקומען צו סאָרע-לייען פרעגן. עפּשער הערט זיך שוין עפּעס.

סאָרע-לייע איז געשטאַנען לעבן אויוון אַ נידעריקע, אַ דאַרע אַזאַ, מיט צעלאָזענע האָר און פון גרויסע צאָרעס זיך געקעמט.

— טשטאָ סלישנאָ, בעריכא?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

און דאָ האָט איוואַן ביק איר גענומען דערציילן, נאָך וואָס איז, אייגנטלעך, בערע געפאָרן אין שטאָט און פאַרוואָס, דאַווקע ער, און ניט אַן אַנדערער...

סאָרע-לייע האָט געהערט אויפמערקזאַם, ווי אַ קליין קינד, ווען די מאַמע דערציילט אַ מײַסעלע.

אין שטעטל האָבן זיך שוין געטראָגן וועגן די שמידן פאַרשיידענע קלאַנגען. שמועלקע דער אַלמאָנעס, יענער, וואָס האָט געבעטן בײַ בערען אַרבעט, האָט, דערהערנדיק די געשיכטע מיט די שמידן, זיך געפרייט. געפרייט האָט ער זיך דערפאַר, ווײַל דאָ אין „ריק“ האָט מען אים געזאָגט, אַז איגגיכן, בעשאַס די אַרטעל וועט זיך אינגאַנצן אָרגאַניזירן, וועט מען אים און נאָך אַסאַך צונעמען אַהין אַרבעטן.

די שמידן האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אַף די דעלעגאַטן. אַלע פאַרנאַכט פלעגן זיי זיך אויפקלײַבן הינטערן שטעטל, זיך אויסלייגן אויפן פײַכטלעכן גראָז און פאַרברענגען.

ערשט אין דרײַ טעג אַרום זײַנען זיי געקומען, די דעלעגאַטן.

און בערע האָט געמאָלדן קורץ און שאַרף:

— מע האָט אויבנאָן געזאָגט, מען זאָל דערווײַלע זיך שטעלן אַרבעטן. מעקויעך מעזומאָנים און „שעאָריעראָקעס“ דאַרף מען קומען נאָכאַמאָל.

די כעווריע שמידן האָבן אַ ריִב געטאָן די גראָבע הענט:

— מאָרגן צו דער אַרבעט!

זאַליע דער שמיד האָט צוגעקלעפּט נאָך אַ געדאַנק:

— עס הויבט זיך שוין אָן מיט מאַזל די וואָלאָקיִטע... הײַנט—מאָרגן. מאָרגן—הײַנט...

יוסעפּקע, אַ יונגער שמיד, אַ הויכער, מיט גרויסע צעוואָרפּענע טשופּריִנעס, איז אונטערגעגאַנגען צו זאַליען און אים אַזוי בנייוויִש אַ זאָג געטאָן:

— עס וועט דיר ניִט לוינען, קאנסטו זיך אָפּטראָגן.

---

הייסט עס, איִז טאַקע בערע דער שמיִד געוואָרן דער אָרגאַנאַניִזאַטאָר פון דער שטעטלדיִקער אַרטעל „עלעקטריע". דעם גלענצנדיקן נאָמען האָט צוגעטראַכט ניִט קײַן אַנדערער, וויִ ער, בערע דער שמיד.

עמעס, אַז דערזעלבער יוסעפּקע האָט געגעבן אַן אַנדער פאָרשלאָג, מען זאָל עס אָנרופן „אַרבעט", האָט אָבער איִוואַן ביִק אָפּגעוואָרפן, מאָטיִוויִרנדיִק:—מען וויים, אַז מען אַרבעט, וואָס זשע דען טוט מען...

און אָנגענומען האָט מען טאַקע „עלעקטריע".

פאַרוואָס דאַווקע אַזאַ נאָמען—וועט ער אײַך שוין אַליין דערקלערן:

— אונדזער צוקונפט איִז „אינ-דו-סטריִ-אַ-ליִ-ציִ-זאַ-ציִ-ע." שטיין מיט די הענט און אַרבעטן איז שוין איִצט ניִט קײַן פּלאַן. מיִט פײַער דאַרפן זיך דרייען די רעדער, טעכניִקע. און פײַער קען מען נאָר דערגרייכן מיִט עלעקטריע.

* * *

איִן דער קוזניע, וואָס ניִט ווײַט פון דעם קליינעם טײַכל (דעם סאַמע גרעסטן איִן שטעטל) האָבן זיך אַריִבערגעפּעקלט אַלע שמידן מיִטן גאַנצן קלאַפּער-געצײַג...

און זאַליע איִז אומגעשפּרונגען מיִט דעם היִנקעדיִקן פּיִסל און פאַר איִר קײַן אָרט ניִט געקראָגן:—אַ דערשטיִקעניִש, מען קאָן דאָך צעגיין פון היִץ...

— מע דאַרף גיין איִן „ריִק", ברענגען זיי אַהער צו שלעפּן, זאָלן זיי זען. האָבן זיי געהאָלפן אָרגאַניִזיִרן, זאָלן זיי געבן אַן אָרט, ווער איִז מעכויִעוו...

— פיִ,—וויִ ער מאַכט עס עמיִצן גליִקלעך, נאָך געדאַרפט איִם די ווײַב מיִט דער בעט אַהער ברענגען—האָט איוואַן אַ קנאַל געטאָן.

און אַז ס'איִז דורך אַ פּאָר טעג, האָבן זיך גענומען הערן שטיִמען, האָט מען אַלע ווײַלע געוואָרפן די האַמערס און זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער דושנער ענגשאַפט אַ שלונג טאָן פריִשע לופט.

אַף מאָרגן האָט מען זיך צו דער אַרבעט ניִט געשטעלט, און אַלע שמיִדן האָבן אַוועקגעשפּרײַזט איִן „ריִק".

און בערען מיט איוואַנען האָט מען שטרענג אָנגעזאָגט:

— אויב מע וועט ניט געבן אַ פּאַסיקן אָרט פאַרן אַרטעל, איִז צוריק אָפּגעשמיִדט זיך, און דער איִניִען וועט איִבערגעגעבן ווערן גלײַך אַהיִן...

— צו טשער-וויאַ-קאָ-ווּן...

אַז בערע מיִט איוואַנען זײַנען אַראָפּ פון די טרעפּ, האָט מען נאָך היִנטן אַלץ געשריִען:—שעמט זיך ניט, בראָקט אַרײַן!...

...איִן עק שטעטל, וואָס פיִרט צום וואָקזאַל, האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ געבײַדע, געהיִלץ איִז דאָ שוין געווען פאַרטיִקע.

דער „ריִק“ האָט באַשטימט אָפּגעבן עס פֿאַרן שמידן-אַרטעל.
פֿונוואַנען האָט געבלאָנקט אַ רויט אויסגעקריצטע שילד מיט אַן אויפֿשריפֿט:

<table><tr><td>ערשטער ראַיאָנער אַרטעל פֿון שמידן<br>„עלעקטריע“.</td></tr></table>

די ערשטע צײַט, ווען די אַרטעל האָט זיך אָרגאַניזירט, פֿלעגט בערע אָפּגיין צען טריט אַהינטער (פֿון ווײַטן זעט זיך בעסער), אַ קעם טאָן מיט די פֿינגער די פֿאַרסאַזשעטע באָרד, זיך עטוואָס אָנבויגן, אונטערקאַרטשענדיק די רעכטע אויג, און באַטראַכט די שילד, ווי זעט עס אויס.

און בערע האָט שוין גלײַך אַ דערקלערונג זײַנע קאָלעגעס געגעבן:

— פֿריער בין איך געווען אַ שמיד אַ קאָרנעט. אַליין אָבער אַ מוזיקאַנט איז טאַקע עס... ניט קיין שפּילן. איצט אַלע צוזאַמען: אַ באַריטאָן, אַ טענאָר, אַ קלאַרנעט, אַ פֿלייט... און נאָך און נאָך און עס איז, ברידערלעך, געשפּילט אַ קאָלעקטיווער אָרקעסטער, אַז...

פֿון פֿרייד האָט ער קיין וואָרט ניט געקראָגן און ס'האָט זיך אַרויסגעריסן:

...אַז... די כאָלערע זאָל אײַך כאַפּן!...

איין געדאַנק האָט געדריקט בערען. ווען קריגט מען שוין די עלעקטריע. אַזוי איז שוין אַלץ גרייט. הענט זײַנען דאָ און די אַרבעט, פּרימערנע, גייט שוין אַזוי, ווי אין אַ פֿאַבריק: איינער שמידט, דער צווייטער גליט, דער דריטער נעצט און עס קלאַפּן די האַמערס איבער די אײַזערנע קעפּ פֿון די קאָוואַדלעס, די קלאַנגען פֿלעגן זיך באַ אים איבער שטענדיק צונויפֿגיסן אין רוישיקן מוזיק-אָרקעסטער. אָפּט פֿלעגט ער הערן אין דעם האַמער-געקלאַפּערײַ אַ מיליטערישן מאַרש און אָפּטמאָל אַ געזאַנג-גוס פֿון איין קאָרנעט. ער געדענקט נאָך בערע, ווי ער פֿלעגט דאָס גיין אין די מיליטערישע רייען מיט זײַן קאָרנעטל (און אַ געהער איז באַ אים אַ גוטער) עך...

דעם „עך“ פֿלעגט ער אויסשפּײַען מיט אַ מאָדנעם שוים, ווי ווען עס דערמאָנט זיך וועגן אַ געשמאַקער זאַך.

פֿון שכײניש דערפֿער איז מען שוין געגאַנגען אַפֿילע אַף עקסקורסיעס אין דעם „זאַוואָד“ פֿון די שמידן. דער דערקלערער איז געווען ליפּע, אַ יונגער קאָמיוניסט, אַ שמיד פֿון דערבײַיִקן דאָרף. מען האָט עס אים איבערגעגעבן די אַרבעט פֿון דורכפֿירן די עקסקורסיעס. אַ שעמעוודיקער איז ער, אָט דער יונגער שמיד פֿון דאָרף, פֿלעגט ער זיך פֿאַרויטלען, אַראָפּקאַטשען עטוואָס די פֿאַרסאַזשעטע אַרבל און אַוועקגיין מיט אַ גאַדלעס צו די עקסקורסאַנטן.

דאָס ערשטע פֿלעגט ער אַלעמען אויפֿמערקזאַמקייט ווענדן אַף דער שילד. און ווי אַ געניטער פּעדאַגאָג, פֿלעגט ער אַ פֿרעג טאָן באַ די דאָרפֿישע עקסקורסאַנטן:

— ווער עס קאָן, זאָל איבערלייענען דעם אויפֿשריפֿט אַפֿן שילד?

בערע פֿלעגט שטיין דערבײַ און מאַכן אַ טיפֿן אויסדרוק אַפֿן פּאָנים, אונטערקאָרטשענדיק די רעכטע אויג, ווי אָט די פֿראַגע, וואָס מען האָט געשטעלט די עקסקורסאַנטן, איז שווער, זייער שווער צו באַנעמען.

נו, איז וואָס, הייסט עס, קאָנט איר ניט איבערלייענען?—גייט אונטער בערע מיט אַ שמייכל און פֿרעגט ווידעראַמאָל.

די עקסקורסאַנטן פֿלעגן בלײַבן שטיין און קוקן, ווי ער וואָלט זיי מיט דער פֿראַגע אָנגעטאָן שלעסער אַף די מײַלער. טאָמער וואָלט זיך געפֿינען אַ קענער, איז עפּעס אָט די קליינע פֿראַגעלע געפֿאַלן אַף אַלעמען אַ כשאַר; „בערע וויל אַ כאָכמע אויסברענגען“. ליפּע, אָט דער יונגער שמיד, פֿלעגט אָפּגיין אָנדערזײַט און לאָזן אים:—זאָל בערע דורכפֿירן (אַ מענטש האָט האַנאָע).

בערע פֿלעגט זיך טיפֿער אָנשטרענגען, אויפֿקאָרטשען דעם שטערן, און ווי אין אַ קאָ-וואָדלע אַ קלאַפּ טאָן:—ע ל ע ק ט ר י ע!

דאָ האָט ער זיי שוין געגעבן אַ דערקלערונג. אַז איצט איז נאָך ווייניק פֿאַראַן וואָס צו זען. אַסאַך שמידן מיט באַזונדערע אַרבעטן. און איבערהויפּט, וואָס זיי דאַרפֿן נעמען פֿון דער עקסקורסיע—דאָס איז פֿאַרגעדענקען דעם אויפֿשריפֿט. און אַז הענט זײַנען דאָ, נאָר עס פֿעלט די מאַשין, און בעמיילע פֿעלט שוין יענער פֿײַער, וואָס דאַרף דרייען די רעדער.

די שמידן פֿלעגן פֿאַר אַזאַ גלענצנדיקער דערקלערונג אים הויבן דערנאָך אַף „הוראַ".

געטראַכט האָבן אַלע וועגן דער עלעקטריע. מען האָט שוין אַפֿילע אויסגעשריבן עט-לעכע זשורנאַלן (לויט דער רעקאָמענדאַציע פֿון שטיבלער) „טעכניק און וויסנשאַפֿט". ער פֿלעגט פֿאַר זיי לייענען, און דאָס האָט אַף זיי אָנגעטריבן נאָך מער האַסמאָדע צו עלעק-טריע. זיי אַליין פֿלעגן ווייניק לייענען, די געמעלן פֿלעגן זיי גראָד פֿאַנאַנדערקלײַבן.

דעריקער, האָט איוואַן ביק געזאָגט, איז וויכטיק, אַז דער צענטער זאָל וויסן, אַז דאָ פֿאָדערט זיך עלעקטריע.

פֿלעגט מען נאָר דערהערן, אַז אין שטעטל איז אַראָפּגעקומען אַ מענטש פֿון צענטער, האָט שוין יענער געמוזט באַזוכן דעם אַרטעל. דערנאָך פֿאַרשרײַבן שוואַרץ אַף ווײַס:

„אַ געזונטע אַרטעל. אַלע פּראַצאָוויטע. אַ גוטע אָנפֿירונג. פֿאַראַן אַ פּערספּעקטיוו. מע מוז העלפֿן".

קורץ און שאַרף.

בערע פֿלעגט פֿאַרשיטן מיט בריוו. אַליין שרײַבן קען ער ניט. עס הייסט, קאָנען קאָן ער שרײַבן, נאָר עס איז אים שווער...

איצטער האָט בערע שטאַרק דערפֿילט, אַז אים פֿעלט עפּעס. אַ קלייניקייט, דאַכט זיך, אָנוואַרפֿן אַ פּלאַן, ווי אַויעקשטעלן די עלעקטריע-מאַשין, ווי אַזוי וועט עס גיין, ווי בע-סער צו שטעלן די געבײַדע. אַ קלייניקייט, נאָר ער קען דאָס ניט.

אין קאָפּ שטעלט זיך בערע גוט פֿאָר: דאָ וועט ברענען, דאָ וועלן זיך דרייען די פּאַסן און דאָרט—די רעדער. אָבער אַרויסשלעפּן דעם פּלאַן פֿון קאָפּ און אַוועקלייגן אַפֿן פּאַפּיר איז אים שווער.

מען האָט שוין אַסאַך געטאָן, קעדיי קריגן אַ מאַשין. אומגעפֿאָרן איז מען שוין אויך בענוג.

4

פֿון טאָג צו טאָג האָט מע געוואַרט אַף דער מאַשין. מען איז שוין אַפֿילע נאָך אַ פּאָר מאָל געווען אין שטאָט. קײַנשום ידיעס זײַנען אָבער ניט אָנגעקומען.

— אַ שטיין אין וואַסער!

מיטיק-צײַט, ווען אַלע שמידן זײַנען געזעסן און געריבן מיט גרויס האַסמאָדע דעם שוואַרצן ברויט מיט קאָלבאַס, איז פּלוצלונג אין סאַמע אַרײַנגאַנג באַם טויער אויסגע-בראָכן אַ גרויסע קריג.

זאַליע דער שמיד איז געשטאַנען קעגן בערען. הייסער שוים האָט געשטראָמט פֿון זײַנע פֿאַרויכערטע גראָבע ליפּן. מיט די פֿויסטן האָט ער געקלאַפּט אין האַרצן און גע-שריען מיט די גאַנצע קויכעס.

— האָריקער הונט! סט'ניט געקאָנט, האָסטו זיך ניט באַדאַרפֿט נעמען, ניט געדאַרפֿט צונעמען מענטשן פֿון דער אַרבעט. שוין אַכט וואָכן, אַז מען פֿירט אונדז מיט קרעדיט און ניט מען הערט און ניט מען זעט. גענוג זאָל זײַן צו סטראַדאַיען, גענוג פֿון אונדזערע מאַזאָליעס אַרויסגעזויגן דאָס בלוט.

בערע איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געפּאָרקעט מיט אַ שטיקל בלעך די ציינער, געקוקט אַף זאַליעס פֿלאַקערדיקע אויגן און געשוויגן. געשוויגן דערפֿאַר, ווײַל ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן, ווײַל ער, בערע, האָט געפֿילט, אַז זאַליע איז גערעכט. עס ציט זיך אַזוי, ווי פֿון פּעך, און עס איז נאָך אַדהאַיעם קײַן טאָלק ניטאָ. צווישן אַלע שמידן האָט זיך באַמערקט אַ באַוועגונג. מען האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבן צו שושקען.

יאַנקל, דער יינגסטער פֿון די שמידן, אַ נידעריקער באָכער מיט ברייטע פּלייצעס, גראָבע נידעריקע פֿיס, האָט אַ זעץ געטאָן די פֿלעשל מילך אַפֿן דיל, אַרופֿגעגראַבלט מיט זײַנע שוואַרצע נעגל די צעפּאַטלטע האָר—און גלײַך צו בערען:

— ביסט דאָך אַ פּרעד אַ פֿאַרמאַלאַכעטער, קאָנסט ניט, טאָ נעם זיך ניט אָן. עלעקטריע האָט זיך אים פֿאַרוואָלט. שלעכט וואָלט גאָר געווען אין אייגענע קוזניעס. עס איז גאָרניט געווען פֿונוואַנען צו לעבן... אַרײַנגעשלעפּט אונדז אין בלאָטע...

די שמידן זײַנען נאָך אַלץ געזעסן, געקוקט מיט „שולדיק-ניטשולדיקע" בליקן, נאָר ער איינער, זאַלמען, דער גרויער שמיד, האָט אונטערגעזאָגט:

— מע דאַרף צו קײַן געשלעג ניט דערלאָזן.

בערע איז געשטאַנען און געציגן די שנורן פֿון זײַנע רײַזעס, זיי אויפֿגעוויקלט אין קאָפּ, ווי אין אַ קנויל און ער האָט זיי פֿאַר זיך דערזען לעבעדיקע, צאַפּלדיקע:

— ער שטייט באַם טיר פֿון אַנשטאַלס, עס רוישט אַרום מיט מענטשן, אינעווייניק—קאָרידאָרן, רעכטס און לינקס—טירן. ער גייט אַרײַן אינעווייניק און פֿרעגט אַלץ באַ יעדן דורכגייער, וווהין זאָל ער זיך ווענדן, אַז מען וויל אָרגאַניזירן אַ שמידישן אַרטעל?

— רעכטס, די דריטע טיר!

אַרײַן, און פֿון דאָרטן שיקט מען אים אַף צוויי טירן ווײַטער. געקומען—ערשט אַ דאַ רער פֿאַרשוין מיט גרויע קײַלעכדיקע שוואַרצאַפּלען מעסט אים אַדורך פֿונגנטן אַרויף און הייסט אים שפּעטער אַרײַנקומען, ווײַל דער פֿאָרזיצער איז ניטאָ.

געקומען שפּעטער, האָט דער פֿאָרזיצער געהייסן קומען מאָרגן אינדערפֿרי, ווײַל מארגן דאַרף פֿאָרקומען די זיצונג.

אַף מאָרגן אינדערפֿרי...

איז ער דען, בערע, שולדיק, וואָס דער קרעדיט איז נאָך ניטאָ, וואָס די מאַשין קומט ניט אָן? זאָל ער עס מיט די אייגענע הענט שאַפֿן?

יאָ, ער געדענקט דאָך, אַז אַף דער קאָנפֿערענץ האָט איינער אַ היציקער רעדנער מיט אַ שפּיציק בערדל אַף דער צעצווייטער מאָרדע גערעדט אַסאַך, אַסאַך וועגן שוועריקײַטן-וועגן 5-יאָריקן פּלאַן, און אַז איבערהויפּט—גערולד!

איז וואָס זאָל ער עס גיין דערציילן זיי, אָט די, וואָס שטייען קעגן אים און ווילן אים מיט די פֿויסטן צעמאָלן, גיין זיי דערציילן, אַז ער קאָן ניט ריידן. יאָ, מען דאַרף דאָס אַליין פֿילן און איבערלעבן, אָט ווי ער, בערע, האָט עס געפֿילט און איבערגעלעבט, ווען יענער מענטש פֿון צענטער האָט דאָס גערעדט.

ער וואָלט זיי, דאַכט זיך, אַ זאָג-טאָן יענע ווערטער, יאָשקעס: ע-עך, באַלעבעסלעך, אָטססאַלי עלעמענטי!". האָט זיך אבער די צונג צוגעקלעפּט צום גומען און, ווי אַ ראָד, זיך פֿאַרהראַזניעט אין דער בלאָטע ווערטער, וואָס זאַליע און יאַנקל האָבן דאָ אויסגעפּליוכעט.

איוואַן ביק איז ווי פֿון דער ערד אויסגעוואַקסן, געבליבן שטיין מיט אויסגעשטרעקטע דעמבענע הענט, מיט פֿול אָנגעשאָטענע פֿראַגע-צייכנס אַף די ליפּן, אַף די אויגן, אַפֿן פּאָנים...

— וואָס, איוואַן, מען האָט אונדז גוט אָפּגעפּײַלט?... אַרײַנגעפֿירט אין אַ בלאָטע און געלאָזן!...—האָט זיך צעשריען זאַליע אף אַ קאָל.

יאַנקעלע, דער יונגער שמיד, איז נאָך העפקערדיקער געוואָרן, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, אַ שפּײַ געטאָן אין די פֿאַרסאַזשעטע הויפֿנס, אַ ריב געטאָן די דלאָניע און, אונטערטאַנצנדיק, פֿאַרמאָסטן זיך אַף בערען:

— כ׳וועל דיר אַ קוליע טאָן אין פּאָנים, אַז דו וועסט זיך פֿאַרקײַקלען ווי אַ ראָד.

— אָט-שטאָ!... —האָט איוואַן אַ ברום געטאָן, ווי אַ הונגעריקער בער,—אָט-שטאָ!

ער האָט אַרויסגעקלאָפּט, ווי מיט אַ שווערן האַמער, אַ פּאָר אײַזערנע מאַמעס:

— אײַך לוינט ניט, איז אַרויס און פֿאַרשטינקט אונדז ניט די אַרטעל. וואָס טראַכסטו, בערע, כליופּע זיי אַן אַ פּולן פּאָנים.

איוואַן האָט אַ כאַפּ געטאָן זאַלמענקעס האַנט, אַז זי איז בײַ אים בלוי געוואָרן.

בערע האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אינמיטן. ס׳איז געוואָרן אַ געלאַף פֿון די איבעריקע שמידן.

די אויפֿגעפֿלאַכטענע מאַסע האָט זיך אָבער גיך פֿאַנאַנדערגעפֿלאַכטן, און איוואַן האָט נאָכאַמאָל אַ ברום געטאָן:

— ציק!!!

יאַנקעלע איז אָפּגעגאַנגען אַן אַ זײַט.

בערע האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס שטיק בלעך פֿון די הענט. אין די אויגן האָט זיך אים אָנגעצונדן אַ פֿלאַקער. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַ נעם געטאָן פֿאַר אַ האַמער, פֿאַר אַן אַנדער שטיקל אײַזן, אַ כאַפּ געטאָן זאַליעס רעקל און אים אַ שמיר געטאָן אין פּאָנים:

— וואַרף זיך פּונדאַנעןǃ...

דערנאָך איז בערע צו צו איוואַנען און אים אַ נעם געטאָן פֿאַרן פּלייצע:

— נו, זאָג, ברודער, מיטאַמאָל בויט זיך עס ניט, מען דאַרף געדולד. נאָר גיי גיב זיי צו פֿאַרשטיין, ווען זיי רוקן דיר די פּויסטן אין מויל.

זאַלמענקע מיט זאַלען האָבן אַ כאַפּ געטאָן די רעקלעך אַף די אַקסלען, אויסגעשפּײַט זיך און זײַנען אַוועק, סטראַשענדיק מיט די פֿינגער:

— וואַרט, נעווילעס, איר וועט נאָך קומען בעטן שטיקלעך ברויט.

— מיטן קאָפּ אין דער ערד,—האָט זיי איוואַן ביק אונטערגעיאָגט...

5

אין אַ וואָך אַרום איז אָפּן אַדרעס פֿון דעם אַרטעל-פֿאַרזיצער בערע אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע:

— „די טעג פֿאָרט צו אײַך אין אַרטעל אַרויס אַן אינזשענער, מיקויעך אײַנשטעלן אַ מאַשין“.

באַנאַכט איז די טעלעגראַמע אָנגעקומען. בערע איז שוין געלעגן אין בעט. עמעס, ער איז נאָך ניט אײַנגעשלאָפֿן. ער ווייס אַליין ניט וואָס, עפּעס דרייט דער קאָפּ, ווי ער אַליין וואָלט צו זיך אין קאָפּ אַרײַנגעקראָכן און געקלאַפּט דאָרט אין מאַרך.

איבערלייענענדיק, האָט ער אַרויסגעכאַפּט פֿון שופֿליאַד דרײַ ווײַסע בויגנס פּאַפּיר און אײַנגעוויקלט גוט די טעלעגראַמע.

גיין אין מיטן נאַכט וועקן זײַן אוילעם האָט ער פּונדעסטוועגן ניט געוואָלט. ער האָט אין זיך ניט געקאָנט אײַנקלאַמערן די פֿרייד, האָט ער אַרופֿגעכאַפּט דעם אויבערשטן מאַנטל אַף די אַקסלען און אַוועקגעגאַנגען.

באַם שוועל פֿון הויף-טיר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך צוגעלאָפֿן צום שאָכנס פֿענצטער און שטאַרק קלאַפּן גענומען.

— ניסל, מיר האָבן שוין אַרבעט! דײַן פֿערד וועט שוין מאָרגן פֿירן ציגל. עס וועט קלעקן פֿאַר אַלע באַלעגאָלעס.

אויסגענאָסן דעם שטראָם פרייד, איז ער ווי לײדיקער געוואָרן, און ווי אָפּגעצנדיק זיך אין אַ הייסן זומער-טאָג, איז ער עטוואָס אַן אָפּגעקילטער אין שטוב אַרײַן.

אַף מאָרגן האָט זיך שוין דאָס גאַנצע שטעטל דערוווּסט:

— דער אינזשענער קומט!

— דער אינזשענער קומט!

כאָטש די מאַשין איז נאָך ניט געווען, און דער אינזשענער איז נאָך אין שטאָט געזעסן. איז מען שוין אָבער אָנגעלאָפן זען, ווי זעט עס אויס...

אַ ייד מיט אַ געלער בערדל און אַ צעבראָכענעם דאַשעק אַפן פּלאַטשיקן קאָפּ מיט הויפּנס מאָד-האָר אַרום די ווינקלעך אויער איז געגאַנגען צו אַ רעדל מענטשן, געמאַכט זיך אַ וואַרע און צעפּראַל׳ט די טויערן פון מויל.

יאָ, טויערן, ווײַל יעדע ליפּ איז געווען גרויס און פּלאַטשיק, ווי אַ טויער און די ציינער האָבן אויסגעזען, ווי פאַראָסטעטע קעפּלעך פון טשוועקעס...

די אויגן באַ דעם געלן זײַנען צעקאָסעטע, האָט ער זיי נאָך מער אויסגעדרייט, אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען, אַז די שוואַרצאַפּלען פליען אַרויס אַף דער פרײַער לופט:

— איך זאָג אײַך,—זאָגט ער, דער ייד,—אַז די טעלעגראַמע איז אַ שפּיצל פון אַ יונגאַטש,—מע האָט אָפּגעזשאַלעוועט געלט אַף אָנשרײַבן—און אָנשרעקן. קנאָפּ טרעפן גאָר הײַנטיקע יאָרן אַזוינע פאַלן, און ביכלאַל וועט זיך דאָס אַזוי אײַנהאַלטן, וויפל עס וועט זיך ביכלאַל...

איוואַן ביק האָט אָבער פּלוצים אַרײַנגעשטעקט זײַן אויער פונקט אַנטקעגן יענעמס מויל און אַרײַנגעלייגט אַ הויכן סאָד:

— און ביכלאַל קוקט שוין איין אויג דײַנע אין דרערד און די אַנדערע—צו מיר אין הינטן!..

אַלע האָבן זיךהויך פאַנאַנדערגעלאַכט, און דאָס רעדל מענטשן האָט פאָרגעזעצט דעם שמועס.

שמידן האָבן אָבער קײַן צײַט ניט געהאַט צו ריידן. זיי ווייסן איינס: אַרבעטן.

דער טאָג איז געווען דאַווקע אַ הייס-זומערדיקער טאָג. ווי שוואַכע אויפעלעך האָבן זיך טראָפּענדלעך רעגן געפרוווט אַרויסרײַסן פון די וואָלקנס. עס איז זיי אָבער ניט געלונגען, און זיי זײַנען געבליבן צוגעקלעפּט מיט די פײַכטע מײַלכעלעך צום וואָלקן.

עס האָט געקאָכט די אַרבעט. בערע איז אָן אַ היטל געשטאַנען און געזעגט אַ גרויסע בערווענע. יוסף, דער יונגער שמיד, האָט געצויגן צו זיך בערעס האַנט און אים איבערגעגעבן זײַנע.

אַזוי פלעגן זיי זיך בײַטן מיט די הענט אין דער צײַט פון זעגן. נאָך אַסאַך זײַנען געשטאַנען אײַנגעבויגן און געאַרבעט. אין אַרטעל גופא האָט אויך געהילכט מער, ווי אַלע מאָל, ווי עס וואָלט שוין בעעמעס געאַרבעט די מאַשין.

ליידיקע הענט זײַנען נאָך אין שטעטל פאַראַן. פאַרנעמט מען כאָטש דערווײַל די מײַלער מיט אַנדערע אַרבעטן... מען פלעגט אַזוי אָפּשטיין שאָענלאַנג און ריידן, דערציילן פאַרשיידענע בויך-טוואָרעס ביז... מען פלעגט נאָכאַמאָל פאַרוועלן עסן.

יענעם טאָג, ווען מען האָט זיך געגרייט צום אינזשענערס קומען, האָט אַפילע דער לערער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די קינדער אין שול.

אַפילע זי, די בייזע סאָ־ע-לייע, האָט, גלאַט אַזוי זיך, ניט צוליב וואַרעמקײַט, אײַנגעוויקלט דעם קאָפּ אין אַ קינדערשער קאָלדרע, גענומען איין קינד אף די הענט און איז געקומען אַהער.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ רעדל ווײַבער, וועלכע זײַנען געשטאַנען און פאַרבראַכט: „אַז אייגנטלעך איז „איזשינער“ גאָר ניט קײַן גרויסע גדולע, ווײַל אָט איז מאָטקע דעם שוסטערס אַ גאַנצער יאַטעבעדאַם אַף די פּאָיאַזדן. אַז ער וויל, גייט עס ווײַטער און אַז ניט, שטעלט ער אים אָפּ און פאַרטיק.

סאָרע-לײַע האָט זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין מיטן רעדל, אַראָפּגעלאָזן ס׳קינד אַף דער ערד און זיך צעטײַנעט מיט די הענט, אַז דער אינזשענער, וואָס איר בערע האָט אַראָפּגעטרעבעוועט, איז ניט אַזאַ, ווי מאָטקע רעם שוסטערס, ער איז אַן אַנדערער און, אַז ער איז אַ געקומענער פֿון יענער זײַט—פֿון מאָסקווע, און אַז ער פֿאָרט טאַקע אין די ווייכע וואַגאָנעס, און אַז ער זאָל וועלן, צינדט זיך אָן די עלעקטריע איבערנאַכט אין אַלע הײַזער...

פּלוצלונג איז געוואָרן אַ גרויסער אײַנגעלאָף און אַ טומל. ביניאָמין, דעם באַלעגאָלעס בענאָק, איז געלאָפֿן אַ פֿאַרסאָפּעטער, אין איין ה׳נט געהאַלטן דאָס היטל, אין דער צווייטער—אַ בײַטש און זיך געריסן אַף אַ קאָל: „אָן פֿאָרט ער, מײַן טאַטע פֿירט אים!..

— ער פֿאָ־ט!

— ער איז שוין אָפֿן בריק!

— ער איז שוין דאָ נאָענט!

שמידן זײַנען געשטאַנען יעדער באַ זײַן אַרבעט, נאָר מיט מער ברען און מיט מער פֿײַער אָנגעהויבן אומגוואַרפֿן די הענט... עס האָט זיי אָבער געריסן פֿון אָ־ט און אײַנציקווײַז, אײַנציקווײַז האָט מען זיך דורכגעריסן אָפֿן גאַס און זיך געשטעלט אַנסקעגן ווען, פֿונוואַנען עס דאַרף אָנקומען דער אינזשענער...

6

אַ מיטלוווקסיקער איז דער אינזשענער. אַסאַך שטעטלדיקע האָבן אַפֿילע געזאָגט, אַז מע האָט אים ערגעצווו געזען, פּונקט ער, עס זאָל פֿעלן אַ האָר. דיזעלבע קליינע וואָנצעלעך, ווי אָנגעשמירטער שוואַרצער טינט, דיזעלבע רימענע הענטשקעס אַף די הענט, און אַפֿילע די שפּאַקולן—אָט פּונקט מיט דיזעלבע שוואַרצע רעדער אַרום און אַרום.

בערע האָט זיך מיטן אינזשענערס אָנקומען צעבליט, ווי דער אינזשענער וואָלט אין אים אַרײַנגעגאָסן דעם גאַנצן יונגן פֿרילינגדיקן ווײַן. ער ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר אַז עס ווערט אים גוט אַפֿן האַרצן, פֿליט אַרום אַ לײַכטער ווינטעלע און קיצלט אים דאָרט מיט דינינקע נעגעלעך.

און גראָר איצט האָט ער זיך אָנגעהויבן דערמאָנען דאָס, וואָס איז פֿאַרלאָפֿן אין 1920 י.

אַ זומערדיקער טאָג. די זון האָט אַזויפֿיל געבערענט, ווי זי וואָלט ניט געהאַנגען אין טיפֿן הימל, נאָר געלעגן דאָ נאָענט אַף דער ערד. בערע איז געגאַנגען אַהיים. דאָס שטעטל איז געווען באַוואַקסן, ווי אַן אַלטער בוים מיט מאָך,—מיט פּוילישע לעגיאָנערן.

די רויטע כאַיאַלעס האָבן זיי געטריבן אין נאַקן, די פּוילישע, און דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט איבערכאַפּן דעם אָטעם. פֿונוויַטן האָבן צוויי הויכע מענטשן געטריבן אַ שאָטן, מיט די מײַלער פֿון ביקסן געצילט אין אים. בערע האָט דערקענט—ס׳איז אַ פּויער-אַ פּאַרטיזאַן.

בערען האָט זיך אַרײַנגעגאָסן דאָס בלוט אין די פּיס, ווײַל ער האָט אין דעם גאַנצן קערפּער דערפֿילט אַ ליידיקײַט, נאָר אין די פּיס איז אים שווער געוואָרן.

ער איז דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ און אַרײַנגעוואָרפֿן אַ פּאָר בליקן אין די גריבלעך-אויגן פֿון דעם פּאַרטיזאַן און זיי בײדע האָבן זיך פּלוצים, ווי הונגעריקע וועלף, זיך אַ וואָרף געטאָן אַף די צוויי פּוילישע.

איוואַן-ביק דערמאָנט נאָך אים איצט יענעם געראַנגל מיט די צוויי פּוילישע. איוואַן, דער דרייסטער פּאַרטיזאַן, האָט דעמלט צוגעלייגט גוט זײַנע „יאָראַים". אַף זײַן כיילעק איז אויסגעפֿאַלן האַרגענען אָנדערהאַלבן פּוילישע. אַ האַלבן, האָט ער אָפּגענומען פֿון בערען און האָט אים שוין אַליין דערענדיקט.

אָט איצט, ווען דער אינזשענער איז געקימען, האָט בערע דערפֿילט די אַמאָליקע גוורע זײַנע. ער האָט דערפֿילט, אַז ער איז ייִנגער געוואָרן. די גאַנצע צײַט ליגן אין אים אָנגעגאָסענע פֿעסלעך ווײַן, וועלכער ברויזט און שוימט און לאָזט אים ניט צורו.

... פֿאַרפֿרי נאָך איז ער אַרײַן אין שמידערײַ, זיך אָפּגעשטעלט אָװײַלע באַ דער טיר, באַטראַכט די אַרבעט, אַרומגעגאַנגען אַביסל איבער דער שמידערײַ, דערנאָך אַרויס און באַטראַכט דעם אויסן. קײַן װאָרט האָט ער מיט קיינעם ניט אויסגערעדט, װי ער װאָלט שטום געװען, און—אַװעק צום שטעטלשן מאַרק.

אַפּאָניִם, אַז „דער פֿרעמדער“ האָט ניט געװאָלט שטערן אין דער אַרבעט, אָפּשטעלן די רײַסנדיקע באַװעגונגען פֿון די גראָבע שמידישע הענט.

און די שמידן האָבן שוין אויסגעטײַטשט:

— ס'איז פֿון צענטער - אַ קנאַקער עפּעס...

— הײַנט װעט שוין זײַן נײַס.

ביז האַלבן טאָג האָט מען דעם „קנאַקער“ ניט אַרויסגעלאָזן פֿון מויל.

ערשט שפּעטער איז צו בערען פֿון ריק אָנגעקימען אַ צעטל:

— „עס איז געקומען פֿון שטאָט אַן אינסטרוקטאָר מיקויעך אײַער אַרטעל, הײַנט 4 אַזייגער װעט פֿאָרקומען אַ זיצונג—אײַער אָנװעזנהײַט איז אָבליגאַטאָריש“...

צו דער באַשטימטער צײַט איז בערע אַװעק אָף דער זיצונג.

באַנאַכט איז צונויפֿגערופֿן געװאָרן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע אַרטעלשטשיקעס, װו דער אינסטרוקטאָר האָט איבערגעלייענט:

— דער ערשטער ריַאָנער אַרטעל פֿון די שמידן „עלעקטריע“ דאַרף איבערגעבויט און פֿאַרברייטערט װערן. צוליב דער מעכטיקער פֿאַנאַנדערװיקלונג פֿון קאָלעקטיװיזאַציע (טראַקטאָר-קאָלאָנעס, מאַשיניזאַציע) איז נייטיק די אַרטעל טייקעף אָנצוהייבן מאַשיניזירן...

---

עס איז באַשטימט געװאָרן אָװעקלאָזן די מאַשין דעם 11-טן יול *).

און די אַרבעט איז אַװעק.

מע האָט געפֿירט הונדערטער פֿורן ציגל. דאָס שטעטל האָט זיך באַפֿאַרבט מיט אַ רויט ציגל-שטויב.

פֿון טאָג צו טאָג האָט דאָ אַלץ מער גערוישט, און ליידיקע הענט האָבן דאָ פֿאַר זיך אַרבעט געפֿונען. דאָס קאָמיוגישע קעמערל האָט שוין צװיי שאַבעסניקעס אָרגאַניזירט לעטויװעס דער בויונג פֿון זאַװאָד. און װי אַ קלאָרער פֿאָדעם האָט זיך איבער שטעטל און שכײַנישע דערפֿער אַ יעדיע געװיקלט:—גרייט הענט!

— און הענט זײַנען דאָ.

דער טאָג פֿון 11-טן יול האָט זיך אַלץ דערנעענטערט. די זומער-טעג האָבן זיך אײַנ-צײַטיק דערװײַטערט. טעג האָבן מיט אויסגעשטרעקטע הענט זיך געצויגן צו יענעם ליכטיקן טאָג, צום ערשטן סירענע-פֿײַף פֿון זאַװאָד.

די געבײַדע האָט פֿגן צו טאָג פֿאַרהויבן די אַקסלען. בערען זײַנען אָבער די טעג אויסגעקומען מאָרנע. יעדער טאָג ציט זיך לאַנג, װײַל ער װאָלט שוין װעלן אַרײַנעטעמען דעם ערשטן רויך פֿון הויכן קוימען, דערהערן דעם רויש פֿון רעדער-געקלאַפּערײַ. יעדער טאָג איז קורץ, מע זאָל כאָטש באַװײַזן ביז דעם יאָנטעװ.

אין אַ קורצער צײַט אַרום זײַנען פֿון שטאָט עקספּערטן געקומען, מע האָט באַטראַכט די אַרבעט, אַרומגעזען און באַגיטיקט.

בערע, און אים האָבן אונטערגעהאַלטן אַלע אַרבעטער, האָט אָנגעזאָגט די מענטשן פֿאַרן אָפּפֿאָרן אין שטאָט:

---

*) אין דעם טאָג, װען װײַסרוסלאַנד האָט זיך באַפֿרײַט פֿון די װײַסע פּאָליאַקן.

— און איר וועט נאָך זען. אַז פֿון אונדזער ריַאָנער שטעטל וועט אַ שטאָט ווערן, זאָל נאָר די וולאַסט שטאַרקן זיך. דערביַי האָט ער אויסגעדרייט די הענט אַזוי, אַז מע זאָל דערזען די מאַזאָליעס, וואָס זיַינען געווען אויסגעלייגט, ווי קליינע בערגעלעך באַ אים אַפֿן האַנט.

---

... די ציַיט פֿילט זיך בערע זייער מיד. פֿאַרנאַכט, ווען ער קומט אַהיים אויסרוען, דערפֿילט ער ערשט, אַז ער האָט ביינער. אַ סימען, אַז זיי ברעכן אים.

אַן ענגע שטוב איז באַ אים, באַ בערען, וואַרפֿט ער זיך אַריַין אין בעט, ציט זיך אויס און גליַיכט אויס די ביינער. קליין איז זיַין שטיבל, די פֿענצטער זיַינען געבויגן צו דער ערד.

לעבן דער אַלטער שטיבל בויט שוין בערע פֿון קאַמע-יאָרן אַ נייַע שטוב און קאָן דערגאַנגען ביזן דאַך. מער דערוויַילע איז ער ניט בעקויעך.

אָט איצט ליגט בערע און טראַכט, אַז באַגליַיך מיטן זאַוואָד וואָלט געווען גוט אָנטאָן אַ היטל אַפֿן גוף פֿונם הויז.

7

דער ייִד מיט דעם געלן בערדל—דער אַמאָליקער מעל-הענדלער האָט אומגעשפּאַצירט מיטן גאַבע פֿון שול, אַ הויכער פֿאַרוואַקסענער אַלטער מאַן און האט עפּעס גע-טיַיטלט מיט די פֿינגער אַפֿן בעסמעדרעש און אַפֿן בויענדיקן זאַוואָד. איין האַנט האט ער פֿאַרהויבן, די צווייטע געבויגן אַראָפּ און צום סאָף—די אונטערשטע האַנט—דעם בעס-מעדרעש—אַראָפּגעקוועטשט גאָר נידעריק.

דערנאָך האָט ער האַסטיק אַ שפּיַי געטאָן און גוט צעריבן די שפּיַיעכץ מיט די פֿיס, ווי ער וואָלט אונטערן טראָט עמיצן צעקוועטשט...

דער גאַבע האָט אונטערגעשאָקלט מיט דער האַלב פֿאַרשמאָלצענער קוטשמע און געריבן מיט די הענט, ווי עס וואָלט אים פּלוצלונג שטאַרק פֿאַרביסן.

פֿון צווייטן עק שטעטל האָבן זיך געטראָגן טויבע געקלאַנגען פֿון האַמערס, אַ געקלאַ-פּעריַי פֿון רעדער און הילכיקער לידער פֿון בויער.

פֿון בלאָטע-גאַס איז געגאַנגען דער אינזשענער מיט בערען און איוואַן ביקן. זיי זיַינען געגאַנגען צו דער ריכטונג פֿון „ריק", מעסטנדיק פֿעסטע ברייטע טריט און ס'איז קאָנטיק געווען, אַז זיי ריידן מיקויעך זייער אַ וויכטיקן איניען, וויַיל בערע האָט ניט באַוויזן ענדיקן אויסרויכערן איין פּאַפּיראָס און אין צווייטן ווינקל פֿון מויל איז שוין געווען גרייט אַ צווייטער.

דער אינזשענער איז אויך געווען צערודלט. זיי האָבן גיך אַריַינגעשפּריַיזט אין ריק פֿריער דער אינזשענער און דערנאָך זיי ביידע מיטאַמאָל.

אַלע דריַי זיַינען אַריַין צום פֿאָרזיצער.

דער אינזשענער האָט גיך אַראָפּגענומען דאָס היטל, זיך העפֿלעך פֿאַרנייגט און אַריַינ-געריקט די שפּיצן פֿון די פֿינגער דעם פֿאָרזיצער אין די ברייטע הענט. בערע און איוואַן האָבן דערלאַנגט פֿון אונטער טיש צוויי שטולן און מען האָט זיך ברייט צעזעצט רויכערן, לאָזנדיק קנוילן רויך דעם אינזשענער און דעם פֿאָרזיצער אין פּאָנים.

— וואָס וועט זיַין מיט געהילך?—האָט איוואַן אַריַינגעבראָכט דעם פֿאָרזיצער אונטער-קלאַפּנדיק מיטן גראָבן פֿינגער אָן טיש.

— יאָ, יאָ, כאַווער פֿאָרזיצער, די לאַגע איז אַזאַ: מיר שטייען פֿאַר אַ געפֿאַר, יאָ, יאָ, כאַווער, איר מעגט עס וויסן,—האָט דער אינזשענער צוגעגעבן אַ פּאָר ווערטער, קיַילע-כיקע, גרינגע, ווי געפּרעגלטע אַרבעס.

— געהילך-בערוועגעס,—האָט, ענדלעך, בערע צוגעגעבן,—דער 11-טער יול וואַרט ניט, כאָווער פאָרזיצער.

דער פאָרזיצער האָט אָפּגעווישט מיט דעם ווײַסן נאָזטיכל דעם פלאַטשיקן שטערן, וועלכער פאַרנעמט אַ האַלבן קאָפּ (מיטן פלעך צוזאַמען), פאַרוקט דעם קליינעם פינגערל אין אויער און אים דאָרטן אומגעדרייט גלאַט אַזוי, ווי ער וואָלט דאָרטן אָנגעדרייט אַ זייגער.

— פון דעם אויער וועט איר קיין געהילך ניט אויסדרייען, נעמט אַ בוך און שרײַבט,— האָט איוואַן ווידער אַ ברום געטאָן.

— לייגט אַוועק די כסימע, וועט ווערן געהילך!

— נאָר ניט פון וואַלד, ניין, ניין, פון וואַלד אַראָפּהאַקן איז אַ צו לאַנגע דרייעניש, מע באַדאַרף פון ערגעץ נעענטער, ניין, ניין פון וואַלד אַרויסהאַקן וועט ניט טויגן...

בערע מיט איוואַנען האָבן אַרײַנגעשלונגען דעם אינזשענערס לעצטן געדאַנק „עס טויג ניט“ און עס טייקעף אָפּגעשלוקערצט:

— עס טויג ניט!

— עס טויג ניט!

— שוין, באַלד קריגט איר אַן ענטפער,—דער פאָרזיצער האָט זיך אַנטשולדיקט און איז אַוועק אַף רעכטס אין אַ צווייטן צימערל.

זיי זײַנען זאַלבעדריט געבליבן זיצן, זיך דורכגעוואָרפן מיט שטומע בליקן און נאָכאַנאַנד געראַכבערט.

דער אינזשענער איז געזעסן אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אַף דער רעכטער האַנט און אַרומגעפירט מיט אַ פלאַטשיקן בלײַער איבער אַן אַלטער צײַטונג, וועלכע איז געלעגן אויסגעשפרייט אַפן טיש.

די טיר האָט זיך מיטאַמאָל ברייט צעעפנט, און זאַלמען מיט יוספן זײַנען אַרײַנגעפאַלן פאַרסאָפּעטע:

— מען האָט אונדז געשיקט, געשיקט האָט מען אונדז זען, וואָס הערט זיך מיט די בערוועגעס, די אַרבעטער ווילן שוין וויסן, ווען וועט מען צוריק צוטרעטן צו ׳ער אַרבעט.

— איר קאָנט גיין ווײַטער... וואָס מיר שפּילן דאָ, אַניט... וואַרט... אַלע צוזאַמען וועלן מיר גיכער פויעלן... מערער מענטשן איז גאָר אַנדערש.

אין אַ האַלב שאָ אַרום איז דער פאָרזיצער אַרײַן, און ריטשקעלעך שמייכלעך האָבן אַרומגעריזלט בײַ אים אַף די ליפּן, אַז ער איז נעענטער צוגעגאַנגען, האָט פלוצלונג דער פּנים געקראָגן אַן אַנדער אויסזען.

פינף פּאָר אויגן האָבן זיך אין אים אַרײַנגעגעסן און געזען: דער שטערן איז אויפגעקאָרטשעט, די אויגן אָנגעשטרענגט און זאָגן: ס׳איז גאָרניִשט, ברידערלעך, גאָרניִשט...

— וו-אָ-ס?

— נ-ו-ו?

— ז-אָ-ג-ט?

— פאַרטיק. פאַראַן געהילך, די עמעסע גוטע, פרומע בערוועגעס... פאָרט אין נאָענטן דאָרף, און דעם גאַלעכס ניטגעענדיקט הויז וועט אקוראַט זײַן גוט פאַר אײַך. מע דאַרף עס איבערפירן.

זאַלמען, דער אַלטער שמיד, האָט אויסגעשריען:--ניט!

אַף בערעס פּאָנים איז אויך געווען אויסגעגאָסן אַן אומצופרידנקייט.

— עפּשער וואָלט מען אַן אַנדערע געקראָגן,—האָט ער פאַר זיך אויסגעמורמלט און זאַלמען איז אָפּגעגאַנגען אַנדערזײַט און אַרײַנגעשאָטן שטילערהייט צו זיך אין באָרד אַ פּאָר ווערטער: ביי הייב זיך אָן מיט אים... עס פעלט נאָך עפּעס...

איוואַן ביק איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער גרויסער שמידישער האַנט און דערנאָך אַ זעץ געטאָן:

— איִך פאָר! פאַכדאָניִם! ס'איִז זיַין שטוּב דען? ער האָט דען געבויט? מאַזאָליעס. אָט ווער. אוּנדזערע... כאַוועך פאָרזיִצער, גיט אַ לייג אַ כסיִמע און מיִר פאָרן.

זיַינען אַלע אַרויס פוּן „ריק". פריִער איִוואַן, נאָך איִם בערע מיִטן איִנזשענער און גאָר היִנטן זאַלמיַין דער אַלטער. ער איִז אַלץ געגאַנגען און געוואָרפן אומצופרידענע בליִקן אַף איִוואַנען.

איִן שמיִדעריַי האָט מען די באַשטימונג אוּפגענוּמען מיט היִלכיִקע הוּראַ-געשרייען און מיִט אַ פאַטשעריַי פוּן הענט, ווי איִן בלעכן.

אַ̄ן דריִטן טאָג, איִן סאַמע באַגיִנען, ווען עס האָבן זיִך גענומען אויסלעשן די לעצטע שטערן, איִז איִוואַן ביִק מיט צוואַנציק פוּרן געפאָרן איִן דעם דאָרף.

די טוּנקלקייַט האָט ביִסלעכווייַז גענוּמען צעריִנען און עס האָט אָנגעהויבן עטוואָס צו העלן. די וועגענער האָבן געסקריִפעט איִבער דעם שטויביקן וועג און געלאָזן היִנטער זיִך גרויע וואָלקנס.

— היַינט באַדאַרף מען מיִט דעם פאַרענדיִקן,—האָט איִוואַן אַ זאָג געטאָן צום שאָכן, דעם יונגן פויער, וואָס איִז מיִט איִם געזעסן אַפן וואָגן,—מאָרגן דאַרף אַ טייל בערוועגעס שוין אָוועקגיין איִן דער אַרבעט.

— ס'אַ פלאַמיִקע זון גייט היַינט אוּף. ווי עס וואָלט דער גאַנצער וואַלד געברענט, איִך זע דעם ערשטן מאָל אַזאַ זון-אוּפגאַנג.

דער יונגער פויער האָט אוּפגעהויבן דעם דאַשעק פוּן אַריִבער די אויגן, זיך אָנגענייגט און אַוועקגעמאַכט מיִט דער האַנט. כ'ווייס, אַ זון ווי אַלע טאָג".

איִוואַן האָט זיך אוּפגעקאָרטשעט און איִז רויק וויַיטער געפאָרן. אַרויספאָרנדיִק פוּן וואַלד, האָט דער יונגער פויער זיִך אַ כאַפּ געטאָן און אָנגעהויבן וועקן איִוואַנען, וועלכער האָט שוין שטאַרק אוּנטערגעדריִמלט.

— ס'איז ניִט די זון... אַ סרייפע איִנעם דאָרף...

צוויִשן די גאַנצע פויערים איִז געוואָרן אַ טומל. מע האָט אָפגעשטעלט די פערד און געמאָלדן איִוואַנען:—איִצט דאַרף מען ניִט פאָרן. מען וועט איִן סרייפע אוּנדזערע פערד פאַרמוּטשען, מיִר וועלן דאָ צוואַרטן ביִז עס וועט זיִך אָפלעשן אַביסל דער פיַיער.

— קעפ פערדיִשע! מענטשן ברענען, גוּטס ברענט און איִר וועט שטיין אָט דאָ און קוקן

די ערשטע פוּר האָט זיך פליִנק געלאָזן, און איִוואַן האָט געריִבן מיִט די לייצעס אַף וואס די וועלט שטייט. די רעדער האָבן אַזש אוּנטערגעשפרוּנגען. אַלע היִנטערשטע פוּרן זיַינען געשטאַנען אַ ווייַלע, דערנאָך זיך ביִסלעכווייַז גענוּמען רוּקן און ווי ניִטווילנדיִק! זיך צעיאָגט נאָך איִוואַנען.

אַריַינפאָרנדיִק איִן עק דאָרף, האָט מען זיך דערוווסט: מע האָט אוּמיִשנע אוּנטערגע-צוּנדן, שיִין איִנגאַנצן אָפגעברענט דעם גאַלעכס הויז...

און איִוואַן האָט זיִך צעפאָכעט מיִט די הענט, ווי ער וואָלט מענטשן געקלאַפט איִנ-דערלוּפטן.

— ט-יַי-וו-אָ-לים! שיִסן דאַרף מען זיי...

8

פריִער, ווי אַלעמאָל האָט מען היַינט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. דער איִנזשענער איִז אוּמ-געגאַנגען מיִט אַ פאַק פאַפיִר איִן די הענט און באַטראַכט די בויוּנג אַרום און אַרום, אַ טייל אַרבעטער האָבן געגרייט איִן אַ זייַט פוּן וועג אָן אָרט פאַר די בערוועגעס—אַזאַ קוּרצע צייַט געבליִבן צום 11-טן יוּל וואָלט כאָטש איִוואַן מיִט די פוּרן זיך דאָרט ניִט פאַרהאַלטן.

אַלע ווייַלע פלעגן די בערעס מיִט די ביִקעס אַרויסגיין צום וועג צו, עפשער פירט מען שוין דאָס געהיִלץ.

צוועלף באַטאָג האָט מען באַמערקט. עס טראָגן זיך וואָלקנס שטויב פֿונדערווײַטנס.

די יעריִע, אַז מען פֿירט דאָס געהילך, האָט אַלעמען אָפּגעריסן פֿון דער אַרבעט, מע איז געשטאַנען און געוואַרט, ביז די פֿורן וועלן זיך דערנעענטערן.

---

און גיך האָט זיך שוין דאָס גאַנצע שטעטל דערוווּסט:

— אָפּגעברענט...

— מיט אַ קיִען...

דער אינזשענער האָט מיט פֿאַרביסענע ליפּן געמאָלדן:

— צו יאַנטעוו וועלן מיר עס ניט פֿאַרענדיקן. די ווערטער האָבן זיך ווי טשוועקעס פֿאַרשטאָכן אין די מויכעס פֿון די אַרבעטער. בערע איז בלייך געוואָרן, ווי דער אינזשענער וואָלט מיט די ווערטער הויפֿנס אַש אַרײַנגעשאָטן בערען אין די אויגן. ער האָט דערפֿילט, אַז די פֿיס הוידן זיך אים און נעמען זיך אַרונטערבויגן. די יעריִע האָט זיך איבערגעגעבן פֿון איין ריִשטאָוואַניע אַף דער צווייטער, און אַלע אַרבעטער האָבן ביסלעכווײַז די אינסטרומענטן גענומען אַרויסלאָזן. אַלע האָבן געוואַרט אַף הילף פֿון אינזשענער.

איוואַן ביק האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דער ערד. די אויגן האָבן זיך ברייט צעוויקלט ווי מעסערס, און ער האָט מיט זיי מעסטן גענומען דעם ניטפֿאַרענדיקטן זאַוואָד.

דער רעגנדל האָט אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו טריפֿן, ניט וועלנדיק אָפּנעצן די פֿײַערדיקע הערצער. און איבער שטעטל האָבן ווידער הענער געקרייעט: אויס יאָנטעוו.

— הייסט דאָס,—האָט בערע דער שמיד זיך געווענדעט צום אינזשענער, און ווײַטער ניט געוווּסט מיט וואָס צו ענדיקן.

דער אינזשענער האָט געשוויגן, עס איז קאָנטיק געווען, אַז עס טוט אים שרעקלעך וויי:

בערע האָט גיך, גיך גענומען אַוועקשרײַען פֿונדאַנען, געמאָסטן טריט. ווי גלאָט אין דער וועלט אַרײַן, ער איז געגאַנגען און האָט זיך געפּלאָנטערט און אַלץ געקוקט אַף הינטער.

לעבן זײַן ניטפֿאַרענדיקטער הויז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגעריסן אַ פּאָר הויפֿנס מאָך פֿון די בערווענעס און עס צעריבן מיט די הענט.

פּלוצים האָט ער זיך, ווי אַ פֿײַער, אָנגעצונדן, גענומען זיך טראָגן צוריק צום זאַוואָד, אויפֿגעהויבן הויך די שווערע וויִעס, ברייט, ברייט צעעפֿנט די אויגן, די טונקלקײַט האָט זיך גענומען קלאָרן, און אַלע האָבן באַמערקט, ווי עפּעס אַ נײַע קראַפֿט צינדט ווידער אָן לעמפּעלעך אין בערעס אויגן.

ער איז אונטערגעגאַנגען צו איוואַנען, אים אַ נעם געטאָן פֿאַרן אַקסל און מיט אַ פֿיבער אַף די ליפּן אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, ברודער, כ׳גיב אַוועק מײַן שטוב, ט׳גוט זײַן, נאָך אַ נײַע... עס וועט קלעקן דאָס געהילך.

הונדערטער אויגן האָבן זיך ווידער צעבליט, ווי אָקאָרשט באַגאָסענע מיט פֿרישן זאַפֿטיקן רעגן. הייסע בליקן האָבן אַרומגעאָרעמט דעם בלייענדיקן דעמב—דעם בויענדיקן זאַוואָד און געשאָטן מיט העלע שטראַלן...

סאָרע-לייע איז געשטאַנען אָנדערזײַט, געקוקט אַף בערען און איינציקע טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבערן שטילן און פֿאַרקלערטן געזיכט...

מינסק, 1929 יאָר.

---

א. י.

# דרייַכווידעשניק פֿון דער ווייסרוסישער פּראָלעטאַרישער קולטור און פּראָלעטאַרישער קולטור פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

דער צ. ק. פֿון ווייַסרוסישן קאָמיוג האָט גענומען אַף זיך אַ זייער גרויסע און וויכטיקע אויפֿגאַבע: דורכפֿירן פֿון 1-טן יאַנוואַר ביזן 1-טן אַפּרעל אַ דרייַכווידעשניק פֿון דער ווייַסרוסישער פּראָלעטאַרישער קולטור און פּראָלעטאַרישער קולטור פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייַטן.

דאָס דורכפֿירן דעם דרייַכווידעשניק פֿון דער ווייַסרוסישער און נאַצמינדישער פּראָלעטאַרישער קולטור פֿאַלט אויס אין אַ זייער וויכטיקן היסטאָרישן מאָמענט. מיט אַ מעכטיקן אַנטוויקלונג-טעמפּ גייט די קאָלעקטיוויזאַציע, הונדערטער-טויזנטער העקטאַר פֿון די ווייַסרוסישע בלאָטעס ווערן פֿאַרוואַנדלט אין בליִענדיקע קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן. איבער גאַנץ ווייַסרוסלאַנד שפּרייט זיך פֿאַנאַנדער אַ ראַכוועס פֿון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע. דער פּראָלעטאַריאַט מיטן אַרבעטנדיקן פּויערטום אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער אויסגעפּרוווטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז צוגעטראָטן ענדגילטיק פֿאַרניכטן די קלאַסנגעזעלשאַפֿט אַף אַ זעקסטל פֿון ערדקויל, איז צוגעטראָטן עקאָנאָמיש ליקווידירן דעם באַלעגוף אַלס עקספּלואַטאַטאָרישן קלאַס.

ניט מיט קיין קלענערע אַנטוויקלונג-טעמפּן גייט די אינדוסטריע. מיליאָנען אַרבעטער, פֿאַרכאַפּט מיטן שעפֿערישן ענטוזיאַזם פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, פֿאַרצייכנען טאָגטעגלעך נייַע ניצכוינעס און דערגרייכונגען.

צוזאַמען מיט די דאָזיקע ניצכוינעס אַפֿן ווירטשאַפֿטלעכן פֿראָנט זייַנען אויך פֿאַראַן גרויסע דערגרייכונגען אַפֿן קולטורעלן פֿראָנט, אַפֿן געביט פֿון בויען אַ נייַע קולטור, וואָס זאָל זייַן פּראָלעטאַריש לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַל לויט איר פֿאָרם.

מע דאַרף אָבער זאָגן, אַז דער אַנטוויקלונג-טעמפּ פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור שטייט באַדייַטנדיק אָפּ פֿון דעם גיכן טעמפּ, מיט וועלכן עס גייט די אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט. דער קולטור-פֿראָנט איז נאָך אַלץ פֿאַרבליבן דער דריטער פֿראָנט פֿון אונדזער בויונג. אָבער דער גוואַלדיקער וווּקס פֿון אונדזער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפֿט, דער פֿאַרשאַרפֿטער קלאַסנקאַמף, וואָס דרינגט אַרויס פֿונם ווידערשטאַנד, וועלכן עס ווייַזן אַרויס דער נעפּמאַן און באַלעגוף, פֿאָדערן, דער דריטער פֿראָנט זאָל ווערן אַן אַלגעמיינער פֿראָנט פֿון אונדזער קאַמף און בויונג, אַז די קולטור-אַרבעט זאָל ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פֿון אונדזער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער בויונג.

דער קלאַסנקאַמף, וועלכער האָט זיך פֿאַר דער לעצטער צייַט פֿאַרשאַרפֿט אַפֿן ווירטשאַפֿטלעכן פֿראָנט, האָט אַקטיוויזירט דעם קלאַסנסוינע אויך אַפֿן אידעאָלאָגישן פֿראָנט, וואָס האָט זיך אין די באַדינגונגען פֿון ווייַסרוסלאַנד אויסגעדריקט קודעמקאָל אין דער אַקטיווּיזירונג פֿון דעם יידישן שאָוויניזם און פֿון ווייַסרוסישן נאַציאָנאַל דעמאָקראַטיזם.

פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דעם קלאַסנסוינע אַפֿן אידעאָלאָגישן פֿראָנט, פֿאַר אַ ריינער, אויסקריסטאַליזירטער פּראָלעטאַרישער קולטור—דאָס איז דער ציל פֿונם דרײַיכוידעשניק. אין דעמדאָזיקן קאַמף דאַרפֿן אין פּעריאָד פֿון דרײַיכוידעשניק אַרײַנגעצויגן ווערן די ברייטסטע קרײַזן פֿון דער אַרבעטער-יוגנט און פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט. דער דרײַיכוידעשניק דאַרף דעריאָגן די טעמפּן פֿון דער קולטור-בויונג צו די אַנטוויקלונג-טעמפּן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט. די אויפֿגאַבע פֿון דערפֿירן די טעמפּן פֿון דער קולטור-בויונג צו די טעמפּן פֿון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויונג, שטייט נאָך פֿאַר סאָוועטנווײַסרוסלאַנד זייער שאַרף. אין פּעריאָד פֿון קאָלאָסאַלן סאָציאַליסטישן וווּקס, איז די פֿראַגע פֿון קולטור-רעוואָלוציע געוואָרן נאָכמער אַקטועל און וויכטיק.

דער דרײַיכוידעשניק פֿון פּראָלעטאַרישער קולטור שטעלט ניט פֿאַר זיך דעם ציל ענדגילטיק צו לייזן די דאָזיקע אויפֿגאַבע. די קולטור-רעוואָלוציע קאָן מען ניט דורכפֿירן אין דער פֿאָרם פֿון אַ קאַמפּאַניע, דעריאָגן די טעמפּן פֿון דער קולטור-בויונג קאָן מען ניט אין אַ פּעריאָד פֿון דרײַ כאָדאָשים. דער דרײַיכוידעשניק דאַרף אָבער מאָביליזירן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון די ברייטסטע פּראָלעטאַרישע מאַסן אַפֿן אָפּגעשטאַנענעם פֿראָנט פֿון אונדזער בויונג—אַפֿן קולטור-פֿראָנט. דער דרײַיכוידעשניק דאַרף אַרײַנציען די ברייטסטע קרײַזן אַרבעטער, אַרבעטנדיקע און קאָלווירטישער יוגנט אין דער אַקטיווער בויונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור. אין דער אַרבעט פֿון פֿאַרווירקלעכן דעם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן פֿון דער קולטור-בויונג. דער דרײַיכוידעשניק דאַרף מאָביליזירן די אַרבעטנדיקע מאַסן אין קאַמף מיט די סאָציאַל-פֿרעמדע שטימונגען, מיט דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער און שאָוויניסטישער אידעאָלאָגיע אין דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער בויונג.

דער דרײַיכוידעשניק דאַרף אַקטיוו מיטהעלפֿן דער פּאַרטיי אין צוגרייטן קאַדרען, פּראָלעטאַריזירן די הויכשולן און לערן-אַנשטאַלטן, ליקווידירן די אַמעראַצעס צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן. אין פּעריאָד פֿון דרײַיכוידעשניק דאַרפֿן ברייט פּאָפּולאַריזירט ווערן די דערגרייכונגען פֿון דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער בויונג פֿון ו.ס.ס.ר. אין די אַנדערע רעפּובליקן פֿון פֿאַרבאַנד, און די אַרבעטנדיקע פֿון ו.ס.ס.ר. דאַרפֿן באַקאַנט ווערן מיט די אויפֿטוען אַפֿן קולטורגעביט אין ב.ס.ס.ר. מיט דעם ציל וועט אײַנגעאָרדנט ווערן אין ווײַסרוסלאַנד אַ וואָך פֿון דער אוקראַינישער ליטעראַטור און אין מאָסקווע און אַף אוקראַינע—אַ וואָך פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור.

איינע פֿון די גרונט-אויפֿגאַבן אינם דרײַיכוידעשניק פֿון דער ווײַסרוסישער און נאַצמינדישער פּראָלעטאַרישער קולטור איז דאָס דערלערנען די ווײַסרוסישע שפּראַך און ליטעראַטור. מיט דעם ציל וועלן דורכגעפֿירט ווערן איבערקוקן, אַף וויפֿל עס איז ווײַסרוסיזירט דער סאָוואַפּאַראַט, און וועלכן אָרט עס פֿאַרנעמט די ווײַסרוסישע שפּראַך און ליטעראַטור אין אונדזערע לערן-אַנשטאַלטן. צוזאַמען דערמיט וועט דורכגעפֿירט ווערן אַ ברייטע אַרבעט אַף פּאָפּוליאַריזירן און גרינטלעך דערלערנען דעם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן פֿון ו.ס.ס.ר.

קעדיי צו פֿאַרסאַכאַקלען די דערגרייכונגען פֿון דרײַיכוידעשניק אַף דעמדאָזיקן געביט, וועט דורכגעפֿירט ווערן אַ ברייטע אַלווײַסרוסישע „פּאָליט-שלאַכט“, וועלכע וועט ענג פֿאַרבונדן ווערן מיט קאָנקרעטער ווירטשאַפֿטלעכער און קולטורעלער אַרבעט.

אינם דרײַיכוידעשניק וועט דאַרפֿן ברייט פּאָפּוליאַריזירט ווערן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור (ווײַסרוסישע, יידישע פּוילישע, רוסישע, לעטישע), און דורכגעקוקט ווערן די טעטיקײַט פֿון די ליטעראַטור-אָרגאַניזאַציעס („בעלאַפּפּ“ „אוזוווישאַ“ און „פּאָלימיאַ“) און די טעטיקײַט פֿון ווײַסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. ס'וועלן אײַנגעאָרדנט ווערן באַגעגענישן פֿון די שרײַבער מיטן לייענער, ווו ס'וועט ברייט קריטיקירט ווערן זייער שאַפֿן. אין די צײַטונגען „טשירוואָנאַיאַ זמענאַ“, יונגער אַרבעטער“, אָקטיאַבר“, „ראַבאָטשי“ „סאָוועצקאַיאַ בעלאַרוס“, „אָרקאַ“ וועט דורכגעפֿירט ווערן אַ קאָנקורס אַף דער בעסטער קאָלעקטיווער און אינדיווידועלער רעצענזיע וועגן אַ ליטעראַרישן ווערק.

אַ גרויסע אַרבעט דאַרף דורכגעפֿירט ווערן מיט די שרײַבער-אָנפֿאַנגער, באַזונדערס מיט די, וואָס קומען פֿון דער אַרבעטער און באַטראַקישער יוגנט. מיט דעם ציל וועלן אָרגאַניזירט ווערן ליטעראַרישע קרײַזן, קאָנסולטאַציעס. א. אַ. וו.

אַ באַזונדערס גרויסע אויפֿמערקזאַמקײַט וועט געלייגט ווערן אַף די ביבליאָטעקן. און-זערע קלובישע. און באַזונדערס שטעטלדיקע ביבליאָטעקן זײַנען נאָך זייער אָפֿט פֿאַרמיסטיקט מיט שעדלעכע שונד-ביכלעך, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן ווי ליטעראַטור-מוסטערן. עס וועט דערפֿאַר אָרגאַניזירט ווערן אַן אַלווײַסרוסישער אָנפֿאַל אַף די ביבליאָטעקן, קעדיי דורכצוקאָנטראָלירן, אַף וויפֿל די ביבליאָטעקן זײַנען באַזאָרגט מיט דער נײַסטער ליטעראַטור און אַף וויפֿל די ביבליאָטעקאַרן זײַנען צוגעפּאַסט צו זייער אַרבעט.

אַפֿן געביט פֿון קונסט וועט דורכגעקוקט ווערן די אידעאָלאָגישע און קינסטלערישע שטופֿע פֿון דער טעאַטער-פּראָדוקציע. פֿון די קינאָ-פֿילמעס און פֿון דעם רעפּערטואַר פֿון די דראַמקרײַזן. ס'וועט אויך דורכגעפֿירט ווערן אַן איבערקוק אַף וויפֿל די מוזיקאַלישע דערציִונג אין די שולן איז אַ קלאַסן-אויסגעהאַלטענע.

גרויס אַכט דאַרף געלייגט ווערן אַף שאַפֿן אַ נײַ רעוואָלוציאָנער ליד. אַסאַך רעוואָלוציאָנערע לידער (טעקסטן) ווערן נאָך געזונגען מיט די מאָטיוון פֿון צאַרישע לידלעך, פֿון גאַסן-לידלעך. דאָס ליד „Мы комсомол“ ווערט געזונגען מיטן מאָטיוו פֿון „Мы кавалі“. דאָס ליד „Свой уголок я убрала цветами“ ווערט געזונגען מיטן מאָטיוו „Мы шансонетки стреляем метко“ א.אַ.וו. אין די מאָטיוון פֿון אונדזערע מאַסן-לידער באַגעגענען זיך מאָטיוון פֿון קירכן-מעלאָדיעס און נאַציאָנאַלע הימנען. בא אונדז האָבן נאָך אַן אָרט כסידישע ניגונים. דאָס יידישע ליד האָט נאָך ניט דעם רעוואָלוציאָנערן מאָטיוו.

אַף דעם געביט וועט דאַרפֿן געפֿירט ווערן אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט פֿון די דיכטער מיט די קאָמפּאָזיטאָרן. אַ נײַ ליד מיט אַ רעוואָלוציאָנערן מאָטיוו מוז געשאַפֿן ווערן!

דער סאַמע וויכטיקסטער פֿראָנט אין דעם דרײַכוידעשניק פֿון דער ווײַסרוסישער און נאַצמינדיקער פּראָלעטאַרישער קולטור איז דער קאַמף מיט אַמעראַצעס.

אַף דעמדאָזיקן געביט—איינער פֿון די סאַמע וויכטיקסטע געביטן אין אונדזער קולטור-אַרבעט איז נאָך פֿאַראַן אַ זייער גרויסע אַרבעט. אַ הונדערטפּראָצענטיקע ליקווידאַציע פֿון אַמעראַצעס—דאַרף ווערן א שלאָג-אויפֿגאַבע פֿאַר דער שטודירנדיקער יוגנט אין קאָמיוג. ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען פֿאַראַן צווישן דער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג 51,3 פּראָצ. אַמעראַצים, קעדיי זיך צו איבערצײַגן, וואָס פֿאַר אַ גרויסע אָפּגעשטאַנענקײַט ס'הערשט נאָך אַף דעם געביט. אין פּעריאָד פֿון ברייט-פֿאַנאַנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער בויונג פֿילן מיר מער, ווי ווען ניט איז, דידאָזיקע קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקײַט.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט דערפֿאַר געשטעלט אַ שלאָג-אויפֿגאַבע פֿאַר אַלע סאָוועטישע, פּראָפֿעסיאָנעלע און קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס און פֿאַר דער גאַנצער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט פֿולשטענדיק ליקווידירן אין משעך פֿון 1930 יאָר די אַמעראַצעס צווישן די אַרבעטער, באַטראַקעס און קאָלווירטניקעס. צווישן דער איבעריקער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג דאַרף די אַמעראַצעס ליקווידירט ווערן אין משעך פֿון די נאָענטסטע דרײַ יאָר.

די געזעלשאַפֿט „נידער מיט אַמעראַצעס“ און די פּראָפֿאַריינען האָבן אין לויפֿנדיקן יאָר אָנגעמערקט ליקווידירן די אַמעראַצעס צווישן 280.490 מענטשן, און אַרומכאַפּן 25.000 מענטשן אין די שולן פֿאַר ווייניק-איזורעדיקע. מען וועט דאַרפֿן אָרגאַניזירן ניט ווייניקער ווי 15-10 טויזנט נײַע ליקפּונקטן און שולן. אַף דער ליקווידאַציע פֿון אַמעראַצעס איז אין לויפֿנדיקן יאָר אָפּגעלאָזן געוואָרן אַ מיליאָן מיט 82 טויזנט רובל, דאָס פֿיט אָבער נאָר אויס די אָנגעמערקטע פּלענער אַף 60 פּראָצ. די איבעריקע מיטלען דאַרפֿן שאַפֿן די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פֿירן אָן מיט דער אַרבעט.

דיִדאָזיִקע קאָלאָסאַלע אַרבעט. אַפֿן געביִט פֿון ליִקוויִדיִרן דיִ אַמעראַצעס וועט פֿאָדערן אַן אַרבעט-טעמפּ איִן 4 מאָל גרעסער, וויִ ביִז איִצט.

איִן פּעריאָד פֿון דרײַכוידעשניִק האָבן דיִ קאָמיוגיִשע אָרגאַניִזאַציעס און קעמערלעך זיִך געשטעלט פֿאַר אַן אופֿגאַבע אָרגאַניִזיִרן נײַע 500 ליִקפּונקטן און אַף אַן איִנדיִוויִדועלן אופֿן אויסלערנען איִבּורע 5.000 אַמעראַציִם. ס'וועלן אויך מאָביִליִזיִרט ווערן 500 קאָמיוגיִסטן אַף אַרבעט איִן דיִ ליִקפּונקטן און איִן דיִ שולן פֿאַר וויניִק-איִבּורעדיִקע. איִן דערדאָזיִקער אַרבעט וועלן אויך דאַרפֿן אַרײַנגעצויגן ווערן דיִ ברייטסטע קרײַזן פֿון דער שטודיִרנדיִקער יוגנט.

אַ באַזונדערס גרויסן אָנטייל איִנם דרײַכוידעשניִק נעמען דיִ פּראָלעטאַריִשע שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד, דיִ מיטגליִדער פֿון דער ווײַסרוסיִשער, ייִדיִשער און פּויליִשער סעקציע פֿון „בעלאַפּפּ". איִן דיִ קלובן און אַף דיִ אונטערנעמונגען ווערן דורכגעפֿיִרט ליִטעראַריִשע מאַסן-אָוונטן, ס'ווערן אָרגאַניִזיִרט אַרויספֿאָרן פֿון דיִ שרײַבער איִן דיִ שטעט און שטעטלעך פֿון ווײַסרוסלאַנד. אומעטום טרעטן אַרויס געמיינזאַם דיִ שרײַבער פֿון דיִ פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע סעקציעס פֿון „בעלאַפּפּ", און יעדער אָוונט ווערט פֿאַרוואַנדלט איִן אַ דעמאָנסטראַציע פֿון דער איִנטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריִשער ליִטעראַטור. דיִ פּראָלעטאַריִשע שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד נעמען דעם סאַמע אַקטיִווסטן אָנטייל איִן דורכפֿיִרן דעם דרײַכוידעשניק.

אַזוי אַרום שטייען פֿאַרן דרײַכוידעשניִק פֿון דער ווײַסרוסיִשער און נאַצמיִנדיִשער פּראָלעטאַריִשער קולטור קאָלאָסאַל-גרויסע אופֿגאַבן. ס'וועט דאַרפֿן געפֿיִרט ווערן אַ ברייטפֿאַרצווײַגטע אַרבעט אַף אַלע געביִטן פֿין דער פּראָלעטאַריִשער קולטור, באַקעמפֿנדיִק אַנטשיידן אַלערליי שאָוויִניִזמען.

דער דרײַכוידעשניִק וועט דאַרפֿן פֿאַרשטאַרקן דיִ פּאָזיציעס פֿון דער פּראָלעטאַריִשער קולטור, וועט דאַרפֿן שאַפֿן אַ קעמפֿעריִשן אַקטיִוו, וואָס זאָל שטענדיִק רעאַגיִרן אַף דיִ פֿאַרשיידענע אָפּנויגן אַפֿן איִדעאָלאָגיִשן פֿראָנט.

דער דרײַכוידעשניִק פֿון דער ווײַסרוסיִשער און נאַצמיִנדיִשער פּראָלעטאַריִשער קולטור, וועלכער ווערט דורכגעפֿיִרט וויִ אַ קאַמפּאַניע, וועט דאַרפֿן שאַפֿן דיִ באַדיִנגונגען פֿאַר אַ שטענדיִקער פּלאַנמעסיִקער פֿאַרשטאַרקטער אַרבעט אַפֿן פּראָלעטאַריִשן קולטור-פֿראָנט.

א. ב.

# די ייִדישע פּראָלעטאַרישע קולטור אין וו. ס. ס. ר.

(אייניקע סאַכאַקלען)

קעדיי בוילעטער זען דאָס בילד פון וווּקס אַף דעם געביט, וועלן מיר ברענגען אייניקע יעדיעס פון די פאַריקע יאָרן. מיר וועלן זיך דאָ באַנוצן מיט אַ ציטאַטע פונם בוך „די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע אין ווײַסרוסלאַנד״ (אַרויסגעגעבן צום צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע).

„ווי אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט און געוואַקסן די ייִדישע שול-נעץ אין ווײַסרוסלאַנד אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע? ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין 21—1922 לערן-יאָר האָבן זיך אין אַלע שולן פון ווײַסרוסלאַנד, אויסער האָמעל און רעטשיצע, געלערנט סאַכאַקל 10,745 קינדער, אין 24—1925-טן לערן-יאָר האָבן מיר שוין געהאַט 141 שולן מיט 19,095. אין 26—1927 האָבן מיר אַף דערזעלבער טעריטאָריע, ד. ה. אויסער האָמעל און רעטשיצע—184 שולן מיט 21.083 קינדער. אין 5 יאָר איז די שול אויסגעוואַקסן מער ווי אַף צוויי מאָל״.

און ווײַטער:

„אין רעזולטאַט פון דער זעקסיאָריקער טעטיקײַט האָבן מיר אַ שול-נעץ, וואָס באַשטייט אין 26-1927-טן יאָר פון 147 שולן פון דער ערשטער מאַדרייגע, אין וועלכער עס לערנען זיך 11.940 קינדער און 59 זיבניאָריקע שולן, וועלכע באַדינען 15641 קינדער. אויסערדעם לערנען זיך אין די אַלגעמיינע שולן 33.127 ייִדישע קינדער. אין די גרענעצן פון הײַנטיקן ווײַסרוסלאַנד מיט אַ ייִדישער באַפעלקערונג פון אַן ערך 400.000 לערנען אין די שולן 60.708 קינדער״.

דער אַווטאָר פונם דאָ ציטירן אַרטיקל, כ' מאַק, ברענגט ווײַטער אַן אינטערעסאַנטן ציפער-פּאַראַלעל: ער פאַרגלײַכט די צאָל קינדער, וואָס האָבן זיך געלערנט באַם צאַרישן רעזשים און באַ דער סאָוועטנמאַכט, און קומט צום אויספיר, אַז „אין צאַרישן רוסלאַנד איז אַף יעדע 1000 ייִדישע אײַנוווינער געווען אינגאַנצן 25 שילער, אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד האָבן מיר אַף יעדע 1000 ייִדישע אײַנוווינער מער פון 100 שילער—מער ווי אין פיר מאָל איז אויסגעוואַקסן דער אַרומכאַפּ פון די ייִדישע קינדער דורך דער שול״. צו דעם דאַרף מען בלויז צוגעבן, אַז די סאָציאַלע אָפּשטאַמונג פון די קינדער אין די שולן האָט זיך אויך געביטן. אויב פאַרן צאַריזם האָבן באַזוכט שולן די קינדער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע און גאָר אַ נישטיקע ברוכצאָל פון דער אַרבעטנדיקער טייל, איז די סאָוועטישע שול, אַ שול פאַר די קינדער פון אַרבעטנדיקע אין דער ערשטער ריי.

לאָמיר זען, וואָס פֿאַר אַן אַנטוויקלונג די ייִדישע שול האָט ווײַטער דורכגעמאַכט, אַף וויפֿל איז אויסגעוואַקסן די צאָל ייִדישע קינדער אין די שולן, און וועלכע פּערספּעקטיוון זײַנען דאָ אַף ווײַטער, אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿינפֿיאָריקן פּלאַן.

אָט זײַנען ציפֿערן פֿון דינאַמיק (באַוועגונג. אַנטוויקלונג) פֿון דער מאַסן-שול אַף ייִדיש:

| מין שולן | 1927—26 שולן | 1927—26 קינדער | 1928—27 שולן | 1928—27 קינדער | 1929—28 שולן | 1929—28 קינדער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 4-יאָריקע | 129 | 10.327 | 130 | 9.682 | 154 | ניטאָ קיין |
| זיבניאָריקע | 46 | 12.208 | 54 | 14.391 | 70 | ציפֿערן |
| סאַכאַקל . . . . . | 175 | 22.535 | 184 | 24.073 | 224 | |

וואָס זעען מיר אין דערדאָזיקער טאַבעלע: ערשטנס, זעען מיר אַ סיסטעמאַטישן וווּקס פֿון דער צאָל שולן. באַזונדערס גרויס איז דער וווּקס צום 1929 יאָר, סײַ אין דער 4-יאָריקער, אַזוי אין דער זיבניאָריקער שול. עס וואַקסט אויך די צאָל קינדער אין דעם אַלגעמיינעם סכום. אַ מיספֿאַרשטייעניש רופֿט בלויז אַרויס דער פֿאַקט, וואָס אין דער זיבניאָריקער שול איז דאָ אַ גרעסערע צאָל קינדער, באַ אַ באַדײַטנדיק-קלענערער צאָל (אַ דריטכיילעך) שולן. דאָס דערקלערט זיך מיסטאָמע דערמיט, וואָס אַ טייל שולן פֿיר-יאָריקע—געפֿינען זיך אין קליינע פּונקטן און זײַנען ניט גענוג קאָמפּלעקטירט, בײַס די 7-יאָריקע שולן זײַנען דאַווקע מיסטאָמע גענוג אָנגעפֿילט. און עס איז דאָ אַ פֿאַרדאַכט, אַז אין דידאָזיקע שולן, באַזונדערס אין די עלטערע גרופּן, שפּאַרן אָן קינדער פֿון די ניטאַרבעטנדיקע עלעמענטן, וועלכע קענען אין דער רוסישער אָדער ווײַסרוסישער שול ניט אָנקומען און קריגן זיך לײַכט אַרײַן אין דער ייִדישער שול. אַן אומנאָרמאַלער פֿאַקט איז אויך דאָס, וואָס באַ אַ געוויסער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער צאָל פֿיריאָריקע שולן (פֿון 129 ביז 130), איז דאָך די צאָל קינדער געוואָרן קלענער אַף 700.

די שולן ווערן באַזאָרגט מיט לערנביכער: די שולן פֿון ערשטן קאָנצענטר (4-יאָריקע) זײַנען באַזאָרגט אין דער פֿולער מאָס, די שולן פֿון צווייטן קאָנצענטר (7-יאָריקע)—אַף 60—70 פּר.

עס ווערט אויך פֿאַרבעסערט סיסטעמאַטיש די מאַטעריעלע לאַגע פֿון דער ייִדישער שול. אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך זײַנען פֿאַר די ייִדישע שולן אָפּגעגעבן געוואָרן גרויסע געראַמע געבײַדעס, און אין פֿיל שטעטלעך זײַנען שוין אויסגעבויט געוואָרן נײַע געבײַדעס פֿאַר די ייִדשולן.

ביז דעם 1929-טן יאָר האָבן אין ווײַסרוסלאַנד עקזיסטירט דרײַ ייִדישע פּעדטעכניקומס (איצט איז איינער דער האָמלער—איבערגעפֿאָרן אין סמאָלענסק און עס זײַנען געבליבן בלויז 2 פּעדטעכניקומס). כוצדעם האָט עקזיסטירט אַ ווירטשאַפֿטלעכע פּראָפֿשול און אַ גרופּע באַ אַ מינסקער פּראָפֿטעכנישער שול. פֿאַרן 1929-טן יאָר זײַנען אָפּגעעפֿנט געוואָרן צוויי נײַע פּראָפֿטעכנישע שולן. אַף ייִדיש—פֿאַר כימיקער (אין מינסק) און פֿאַר מעטאַליסטן (אין מאָלעוו). די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע שול (קוראַסאָווששינע, לעבן מינסק) איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכן טעכניקום. עס איז אויך אין 1929-טן יאָר אָפּגעעפֿנט געוואָרן אַ פּאַראַלעלער 4-טער קורס באַם מינסקער פּעדטעכניקום (ערשטע פּאַראַלעלע קורסן עקזיסטירן באַ ביידע פּעדטעכניקומס) און אַ ייִדאָפּטייל באַם וויטעבסקער אַרבפֿאַק (30 מענטשן).

די ייִדישע לערערשאַפֿט ציילט אָן צום 1929-טן יאָר אַן אַרמיי פֿון 1000 מאַן, פֿון זיי האָבן 38% מיטעלע בילדונג, 11% האָבן העכערע בילדונג, 18%—מיטעלע-פּעדאַגאָגישע, העכערע פּעדאַגאָגישע בילדונג—17%, געענדיקטע פּעדקורסן—13% און אָן בילדונג-צענז 3%. די לערערשאַפֿט איז שוין אין אַלגעמיין אַ געשולטע—דאָס זײַנען שוין מערסטנטייל מענטשן, וואָס האָבן געענדיקט פּעדטעכניקומס און אויך אוניווערסיטעט-פֿאַקולטעטן.

עס איז דאָ אויך אינטערעסאַנט ברענגען אייניקע ציפערן וועגן סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער יידישער לערערשאַפט. אָט זײַנען זיי (עס זײַנען גענומען געוואָרן יעדיעס איבער דרײַ קרײַזן פון ווײַסרוסלאַנד): פון פראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג—12,5%, פון פויערים—7,5%, פון אָנגעשטעלטע—50%, פון קוסטאַרן—20%, פון דעקלאַסירטער אָרעמקײַט—2%, פון ניט אַרבעטנדיקע עלעמענטן—5%, פון קלייקוירעש—4%. די דאָזיקע ציפערן זײַנען זייער וויכטיק. זיי ווײַזן, אַז עס איז זייער קליין דער פראָצענט פון אַרבעטער און פאָדערן אויף צו אַ שטרענגערן סאָציאַלן אָפּקלײַב באַם ווערבירן אין די ביטעלע און הויכשולן, קעדיי זיך פאַרזיכערן פראָלעטאַרישע קאַדרען.

עס עקזיסטירט אַ יידישע סעקציע באַם פעדפאַק פון ווײַסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט. דאָרט לערנען זיך 182 מאַן (אין 1917-טן יאָר זײַנען דאָרט געווען 216 מאַן—די צאָל איז קלענער געוואָרן). די דאָזיקע סעקציע האָט די אויפגאַבע גרייטן יידישע לערער פאַר די גרופן פון צווייטן קאָנצענטר. דער סאָציאַלער באַשטאַנד איז ניט גאָר קײַן באַפרידיקנדיקער (אַף 28—1929-טן יאָר): קינדער פון אַרבעטער—11,5%, פויערים—5%, אָנגעשטעלטע (אין דער רובריק איז די גרעסטע מערהײַט לערער) 56%, קוסטאַרן—17%, הענדלער—3,1%, קלייקוירעש 4,4%, דעקלאַסירטע עלעמענטן 30%. ווי עס איז צו זען, איז ביז דעם 1929-טן יאָר צוגעלאָזן געוואָרן אַ געוויסער עלעמענט, וואָס האָט פאַרמיסטיקט די סעקציע. כוצדעם זײַנען קײַן אַרבעטער לאַכלוטן ניט געווען (בלויז 11,5% קינדער פון אַרבעטער). דער אויפנאַם פון 29—1930 לערניאָר האָט שוין געגעבן אַן אַנדער בילד: אַרבעטער—18,6%, פויערים 14%, קוסטאַרן—18,6%, לערער—18,6%, קינדער פון הענדלער אָדער וואַל-געפּאַסלטע זײַנען בכלל ניט צוגעלאָזן געוואָרן.

דאָס אַלץ איז שײַעך דער יידישער סטודענטשאַפט אַף דער ייד. סעקציע פון פעדפאַק. וואָס שײַעך בכלל דעם אָרט פון דער יידישער סטודענטשאַפט אין דער אַלגעמיינער נעץ מיטעלע און הויכע לערן-אַנשטאַלטן, קענען מיר דאָ ברענגען עטוואָס פאַרעלטערטע ציפערן פון 26-1927-טן יאָר. ווי זיי זײַנען ניט פאַרעלטערט, גיבן זיי דאָך אַ בילד אַן אינטערעסאַנטן. מיר נעמען די טאַבעלע פון דעם שוין דערמאָנטן אַרטיקל פון כ׳ מאַץ אינם בוך „די אָקטיאַבר-רעוואָלוציע אין ווײַסרוסלאַנד“.

צאָל סטודענטן אין די הויכשולן, טעכניקומען און ארבפאַקן אַפן 27—1928 לערניאָר.

| נעמען פון די לערן-אַנשטאַלטן | אַלגעמיינע צאָל | יידישע. |
|---|---|---|
| 1. ווײַסרוסישער מעלוכע-אוניווערסיטעט | 9565 | 1049 |
| 2. „ „ אַקאַדעמיע | 1391 | 187 |
| 3. „ „ װעט. אינסטיטוט | 315 | 24 |
| 4. מינסקער אַרבפאַק | 388 | 102 |
| 5. אָרשער „ | 195 | 43 |
| 6. האָרקער „ | 215 | 26 |
| 7. וויטעבסקער אָוונט-אַרבפאַק | 60 | 13 |
| 8. טעכניקומען | 4736 | 1355 |
| **וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער.** | | |
| ווײַסרוסישער מעלוכע-אוניווערסיטעט | 2473 | 94 |
| „ „ אַקאַדעמיע | 141 | 9 |
| „ „ װעט. אינסטיטוט | 42 | 3 |

ווי געזאָגט, זײַנען די ציפערן פאַרעלטערטע. די צאָל טעכניקומען איז אויסגעוואַקסן, עס זײַנען צוגעקומען אַרבפאַקן א. ד. גל. אַגעוו. זײַנען אין דער טאַבעלע ניט אַרײַן די אַנשטאַלטן, וואָס גייען איבער דער ליניע פון פאַרטיי-בילדונג (קאָמ. אוניווערסיטעט א.א.), וואָס גרייטן אויך קאַדרען. דאָס וואָלט נאָך אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס פאַרגרעסערט די אַלגעמיינע צאָל און אויך די ציפערן וועגן ייִדישע סטודענטן. די ציפערן ווידער וועגן די וויסנשאַפטלעכע טוער האָבן מיר געבראַכט, קעדיי צו ווײַזן, אַז אין דעם זין האַלטן מיר נאָך גאָר שלעכט. די פראַגע וועגן וויסנשאַפטלעכע טוער איז זייער אַן אָנגעווייטיקטע.

אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד עקזיסטירן צוויי ייִדישע מעלוכע-טעאַטערס. איינער, דער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער, עקזיסטירט שוין 8 יאָר און האָט שוין דורך זײַן אַרבעט דערוואָרבן זיך אַ נאָמען אין ווײַסרוסלאַנד און אין גאַנצן פאַרבאַנד. דער צווייטער—דער ייִדישער מעלוכישער וואַנדער-טעאַטער, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1928-טן יאָר און האָט שוין אין ערשטן יאָר באַדינט די פּראָווינץ (אין אַ גרויסער מאָס, אַדאַנק דער הילף און אָנפירונג פונם ייִדישן מעלוכע-טעאַטער אין ווײַסרוסלאַנד, באַזונדערס פון איינציקע זײַנע טוער). דער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד האַלט אַלץ אין שטײַגן און זײַנע קרעפטן ווערן אַלץ מער פאַנאַנדערגעוויקלט. עס ווערט אויסגעבעסערט דער רעפּערטואַר. עס ווערן גענומען טעמעס פון דעם אַקטועלן סאָוועטישן הײַנט („מאַשינעס-געראַנגל", „דער שאָס"), עס ווערן געשטעלט רעוואָלוציאָנערע פּיעסן, וואָס שילדערן דעם קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט מיטן פאַשיזם און אימפּעריאַליזם („הירש לעקערט", „האָפּליאַ, מיר לעבן", „באַטווין", „דזשים קופּערקאָפּ"). דער טעאַטער האָט אין זײַן 5-יאָריקן פּלאַן אײַנגעשלאָסן אַ ריי טעמעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און שטייגער. אַ באַזונדערס וויכטיקע דערשײַנונג אין דער אַרבעט פונם טעאַטער איז דאָס, וואָס ער איז פאַרבונדן מיט די מאַסן און באַדינט כוץ מינסק אויך די קרײַז-שטעט פון ווײַסרוסלאַנד (דערווײַל ניט אַלע). עס זײַנען באַזוכט געוואָרן: וויטעבסק, האָמעל, מאָלעוו, באָברויסק. דער טעאַטער נוצט אויס דעם מעטאָד פון דיספּוטן, קאָנפערענצן, עס ווערן פּראַקטיקירט שמועסן אין דער צײַט פון איבערײַס אַף די אונטערנעמונגען, די אַקטיאָרן ווערן אויסגענוצט אַלס אָנפירער אין די דראַמקרײַזן בײַ די אַרבעטער-קלובן.

דער ייִדישער וואַנדער-טעאַטער איז איצט צוגעטראָטן צום צווייטן יאָר פון זײַן אַרבעט. אַלס דירעקטאָר איז אַרויסגערוקט געוואָרן אַן אַרבעטער פון פאַבריק „אָקטיאַבר". דער קאָלעקטיוו באַשטייט אין אַ היפּשן טייל פון אַרבעטער, פאַראַן קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. אינם טעאַטער ווערט געפירט אַ סטודעישע אַרבעט. אַף דעם 1929-טן יאָר איז געהעכערט געוואָרן באַדײַטנדיק די דאָטאַציע פאַרן טעאַטער און ער איז געזיכערט מיט מעגלעכקײַט פאַר עקזיסטענץ.

עס עקזיסטירט אויך אַ ייִדישע מעלוכע-כאָר-סטודיע, קאָמפּלעקטירט אין גרעסטן טייל פון אַרבעטער. די סטודיע האָט זיך דערוואָרבן פּאָפּולאַריטעט מיט אירע אַרויסטרעטונגען אין קלובן און אַף אָוונטן. דער רעפּערטואַר פון דער סטודיע איז נאָך דערווײַל אַן אָרעמער און ניט שטענדיק איז ער אידעאָלאָגיש און מוזיקאַליש אויסגעהאַלטן. אָבער עס זײַנען אויך דאָ אין רעפּערטואַר גוטע פאָלקלידער און אַרבעטער-געזאַנגען.

איינציקע ציפערן וועגן דעם צושטאַנד פון דער ייִדישער פּרעסע. אין צענטער שטייט דאָ די צײַטונג „אָקטיאַבר" און דער זשורנאַל „שטערן". די צײַטונג „אָקטיאַבר"—אָרגאַן פון צ.ק. ק.פּ.ו.—וואַקסט אַלץ מער אין איר טיראַזש און פאַרשפּרייטונג. די צײַטונג ווערט איצט פאַרשפּרייט אין 10,000 עקזעמפּליאַרן. דער זשורנאַל „שטערן" גייט אַרויס אין אַ טיראַזש פון 2000 עקזעמפּליאַרן. עס האָט זיך אויך ווידער פאַרפעסטיקט דער „יונגער אַרבעטער" (4000 עקזעמפּליאַרן און עס האָט אַפּסנײַ אין 1929-טן יאָר אָנגעהויבן דערשײַנען די קינדער-צײַטונג „יונגער לענינעץ" (7000 עקז.).

עס וואַקסט פֿון יאָר צו יאָר די אַסיגנירונג פֿון געלט-מיטלען אַף דער ייִדישער פּרעסע. אָט וואָס עס זאָגן וועגן דעם ציפֿערן: אין 1929-28 יאָר איז פֿאַר דער ייִדישער פּרעסע אין ווײַסרוסלאַנד אויסגעטיילט געוואָרן אַ סומע פֿון 126000 רובל, אַפֿן 1930-29-טן יאָר איז אויסגעטיילט געוואָרן 165000 רובל, דאָס הייסט, אַ פֿאַרגרעסערונג אומגעפֿער אַף 25%.

די פֿאַרלאַג-אַרבעט ווערט פֿון יאָר צו יאָר גרעסער. יעדער יאָר פֿאַרגרעסערט אויך דעם אָרט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור-פּראָדוקציע אין דעם אַלגעמיינעם פֿאַרלאַג-פּלאַן. דאָ ווילן מיר בלויז ברענגען איין ציפֿער: אַפֿן 1930-29-טן ווירטשאַפֿט-יאָר, איז פֿאַר ייִדישער פֿאַרלאַג-אַרבעט אויסגעטיילט געוואָרן 800 דרוק-בויגן, דאָס איז אַ פֿאַרגרעסערונג אין באַצוג צום פֿאָריקן יאָר אַף 300%.

אַ באַזונדער קאַפּיטעלע שטעלט פֿאָר מיט זיך די ייִדישע ליטעראַרישע אַרבעט. די-דאָזיקע אַרבעט ווערט אָנגעפֿירט דורך דער ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ“ (ווײַסרוסישע אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער). באַם הײַנטיקן טאָג שטעלט די-דאָזיקע סעקציע מיט זיך פֿאָר אַ געזעלשאַפֿטלעך-פּאָליטישן קרײַז, אַף וויפֿל זי איז ניט בלויז אַן אָרגאַניזאַציע פֿון שטודירנדיקע יונגע שרײַבער, נאָר איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס באַטייליקט זיך אַקטיוו אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און פֿירט אַ סיסטעמאַטישע ליטעראַרישע מאַסן-אַרבעט, אָרגאַניזירט אַרויספֿאָרן אין די שטעט און שטעטלעך, טרעט אַרויס אין אַרבעטער-קלובן, נעמט אַף זיך די איניציאַטיוו פֿון אָרגאַניזירן ליטעראַרישע דיספּוטן, פֿירט אַן אַרבעט מיטן ליטעראַרישן אַרבעטער-יונגוואַלד א. ד. גל.

מיר האָבן דאָ ניט באַרירט די גרויסע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט, וואָס ווערט געפֿירט דורך דעם ייִדסעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע. דאָס איז אַ געביט, וועלכער איז ווערט מע זאָל אים באַזונדערס אויסטיילן, אַף וויפֿל ער האָט זייער ערנסטע אויפֿגאַבעס פֿון פֿאָרשן, דערלערנען און פֿאַרעפֿנטלעכן וויסנשאַפֿטלעכע ווערק. פֿאַר דער צײַט פֿון זײַן עקזיסטענץ האָט דער ייִדסעקטאָר (פֿריִער ייִדסעקטאָר פֿון „אינבווײַסקולט“), אַרויסגעגעבן צוויי גרויסע בענדער „צײַטשריפֿט“, אַ בוך „רויטע בלעטער“, אייניקע ווערק איבער ליטעראַטור און טעאַטער-פֿאָרשונג, באַזונדערע אויסגאַבעס איבער שפּראַך און טערמינאָלאָגיע. עס אַרבעטן באַם ייִדסעקטאָר אַ ריי קאָמיסיעס.

די אַרבעט פֿון ייִדסעקטאָר ווערט באַנײַט. עס זײַנען פֿון אים דערווײַטערט געוואָרן די עלעמענטן, וואָס האָבן אין דער וויסנשאַפֿט-אַרבעט אַרײַנגעטראָגן בורזשואַזן אָביעקטיוויזם, נאַציאָנאַליזם און אָפֿט קלעריקאַליזם. עס זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צו מיטאַרבעט יונגע קאָמוניסטישע קרעפֿטן און בכלל ספּעציאַליסטן-מאַרקסיסטן (ווי, למשל, דער ליטעראַטור-פֿאָרשער מאַקס עריק). עס איז גענומען געוואָרן אַ קורס אַף דערנענטערן די אַרבעט פֿון סעקטאָר צו דער סאָציאַליסטישער בויונג און צו די ברייטע מאַסן. דאָס וועט אָן סאָפֿעק שטויסן פֿאָרויס די אַרבעט און איר פֿירן אַף ריכטיקע מאַרקסיסטיש-לעניניסטישע וועגן.

אַזאַ איז אין קורצע שטריכן דער אַלגעמיינער בילד פֿון דער סאָוועטישער בילדונגס-אַרבעט אַף דער ייִדישער שפּראַך אין ווײַסרוסלאַנד. מיר זעען, ווי צעוואַקסן עס איז די-דאָזיקע אַרבעט. די אַלע רעזולטאַטן האָבן נאָר געקענט קומען אַדאַנק דער אַקשאָנעסדיקער ליניע פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו באַפֿרידיקן אין דער פֿולסטער מאָס די באַדערפֿענישן פֿון דער ייִדישער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג, ניט שוינענדיק דערבײַ קיין מי און געלט, געדענקענדיק די צענטראַלע אויפֿגאַבע—מיטהעלפֿן דעם ייִדישן אַרבעטער און האָרעפּאַשניק אויפֿשטײַן צום אַקטיוון אַנטייל אין דער סאָציאַליסטישער בויונג פֿון אונדזער סאָוועטן-לאַנד.

ניקאָלײַ אַלעכנאָוויטש.

# ברעטלעך פון קאמף און זיג.

(פאַרצייכענונגען וועגן דער ווײַסרוסישער סעקציע „בעלאַפפ).

פּאָדלויפּיק זײַנען מיר נאָך ווייניק באקאַנט מיט די ברידערלעכע, פּראָלעטאַרישע ליטעראַטורן, וואָס אַנטוויקלען זיך באגלײַך מיט די ווײַסרוסישע ליטעראַטור אין וו.ס.ס.ר. דאָס שאַפן פון די יידישע דיכטער און פּראָזאַיקער (אין דער ערשטער ריי די פּראָלעטאַרישע) זײַנען נאָך ווייניק באקאנט דעם ווײַסרוסישן לייענער.

מיט דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור איז דער יידישער אַרבעטער-לייענער מער באקאנט, נאָר אויך דאָ קאָן מען זיך ניט באַרימען מיט גרויסע דערפאָלגן.

אין דעמדאָזיקן קורצן אַרטיקל ווילן מיר באקאָנען דעם יידישן לייענער, דעם יידישן אַרבעטער און אַרבעטנדיקן מיט דער געשיכטע און שאַפן פון דער ווײַסרוסישער סעקציע „בעלאפפ", וואָס פירט באגלײַך מיט די איבעריקע סעקציעס פון פּראָלעטאַרישע ליטעראַטורן (יידישע, פוילישע, ליטווישע, לעטישע) דעם קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון דער פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור.

די ווײַסרוסישע נאָכאָקטיאבערישע ליטעראַטור האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן פון מ. טשאַראָטס פּאָעמע „די באָרוועסע אַף שײַטערס", וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געדרוקט געווען אין 21-טן יאָר אין דער צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ בעלארוס" און איז אין 1922-טן יאָר ארויס אין א באזונדער אויסגאַבע. מע קאָן דאָך ניט רעכענען פאַר ווערק, וועלכע זײַנען אין איינקלאַנג מיט אונדזער גרויסער עפּאָכע די ביכלעך פון די עלטערע שרײַבער, וואָס זײַנען דעמלט דערשינען. ווײַל זייערע מאָטיוון זײַנען דאָך אין טאָך געווען אַ פאָרזעצונג פון די מאָטיוון פון דער „נאַשאַ ניוואַ"-עפּאָכע (די צײַט, ווען עס איז דערשינען די נאַציאָנאַל-דעמאקראטישע צײַטונג „נאַשאַ ניוואַ" 1906—1915-טן יאָר). די גרופּע פון די אַלטע שרײַבער וויס נאָך דעמלט ניט קלאָר אירע פּאָזיציעס. זײַענדיק דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַל-דעמאקראטישע אידייען, מיט די אַלטע פאָלקיסטישע טראַדיציעס, האָבן זיי ניט באמערקט, אַז דאָ אין ווײַסרוסלאנד. אין פויערישן לאנד, איז אויסגעוואקסן אַ נײַער קויעך, דער קויעך פון די פאַבריקן און זאַוואָדן—דער פּראָלעטאריאט. דער פּראָלעטאריאט, אונטער וועמעס אָנפירונג און צוזאמען מיט וועמען דאָס פויערטום האט געדארפט גיין—איז פאַר זיי „היסטאריש" ניט געווען בארעכטיקט.

גאר דאס לעבן האט געפאָדערט. דאס לעבן האט קלאר געשטעלט די פראגע וועגן אַ נײַער ליטעראטור.

און אט איז דערשינען טשאראטס פאעמע „די בארוועסע אף די שײַטערס". א פאעמע, אין וועלכער עס ווערט געגעבן די רעוואָלוציע אין איר עמעסן געשטאַלט און מיט אירע אַלע שטימונגען, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווײַסרוסלאַנד (איגנאַטאָווסקי). די פּאָעמע האָט קלאָר אויסגעדריקט די אידעישע ריכטונגען פון דער נײַער ווײַסרוסישער ליטעראַטור. פון דער צײַט הויבט זיך אָן די גרופּירונג פון נײַע קויכעס.

די פּאָעמע איז געווען דער קערפּונקט אין דער ליטעראַטור פאַר 1920—1923-טן יאָרן. זי האָט קלאָר אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן אַ נײַער פאָרם און אַ נײַעם אינהאַלט, זי האָט דאָס ערשטע מאָל אַרויסגערוקט אַף דער ליטעראַרישער סצענע דעם ווײַסרוסישן „באָרוועסן", דעם ווײַסרוסישן פּראָלעטאַריאַט.

אַף די שפּאַלטן פון אונדזער פּרעסע באַווײַזט זיך אַ ריי נײַע נעמען פון שרײַבער און דיכטער, וואָס זײַנען שוין געבאָרן אין פײַער פון רעוואָלוציע. עס ווערט צײַטיק די פראַגע וועגן אַן אָרגאַניזאַציע פון ליטעראַרישע קרײַזן, וואָס נעמען אײַנגאַנצן אויף דעם „אָקטיאַבר" און וועלכע פאַרטיידיקן אין זייערע ווערק זײַנע פּאָזיציעס. און אָט אָרגאַניזירט זיך אין מינסק, דעם 28-טן נאָיאַבר, 23-טן יאָר די ערשטע אין דער געשיכטע פון דעם ליטעראַרישן לעבן אין ווײַסרוסלאַנד—די גרופּע „מאַלאַדניאַק".

די שאַפונגען פון די „מאַלאַדניאַקאָווצעס" אין דעם עטאַפּ זײַנען אײַנגאַנצן צונויפגעבונדן מיט די אידייען פון דער אָקטיאַבר-רעוולוציע. די מאָלאָדניאַקישע ליטעראַטור, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסן-באַוווסטזײַן, גיט אַן אָפענעם קאַמף די שרײַבער נאַשע-ניווצעס, וואָס טראָגן די רעשטלעך פון דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם.

צוזאַמען מיט דעם גייט אַרום דער גרופּע אַ האַסטיקע צונויפזאַמלונג פון די קרײַזן. פון אַ קליינער גרופּע ווערט דער „מאַלאַדניאַק" פאַרגרעסערט און ציילט שוין אָן צום אַלווײַסרוסלענדישן צוזאַמענפאָר (נאָיאַבר 1925-טן יאָר) 507 מיטגלידער. עס זײַנען שוין קימאַט פאַראַן אין אַלע שטעט פון ווײַסרוסלאַנד פיליעס, סטודיעס און קרײַזלעך. דאָס איז געווען דער פּעריאָד, ווען עס האָבן זיך געקליבן די ליטעראַרישע קרײַזן. דער וווּקס פון דער ווײַסרוסישער קולטור, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרבעסערונג פון פאָלקווירטשאַפט, האָט מיטגעהאָלפן אַנטדעקן און אַרויסברענגען פעיקע און טאַלאַנטפולע פּאָעטן און שרײַבער, פון דער אַרבעטער און פּויערישער סוויווע.

עס גייט אַ ברייטע קולטורעל-ליטעראַרישע אַרבעט. די אָוונטן און אַרויספאָרן, די אַרויסטרעטונגען פון די מאַלאַדניאַקאָווצעס מיט זייערע ווערק אַף זאַוואָדן און אונטערנעמונגען, אין קלובן, טעכניקומס און שולן, באַקענען ברייט די אַרבעטער-מאַסן מיט דער נײַער ווײַסרוסישער ליטעראַטור, דער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם, די שטרעבונג פון די פּאָעטן און שרײַבער אָפּשפּיגלען אין זייער שאַפן דעם הײַנט—האָט מיטגעהאָלפן שאַפן צו זיי אַ גוטע באַציונג מיצאַד דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקײַט.

לויט זײַן סאָציאַלן באַשטאַנד און קלאַסן-פּסיכאָלאָגיע איז אָבער דער „מאַלאַדניאַק" ניט געווען אייניהײַטלעך. צום ערשטן איז דאָס געווען ניט אַזוי קענטיק, אָבער, ווען די אָרגאַניזאַציע איז פון קאַמף אַריבער צו אַן ערנסטער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט, קעדיי אויפשטעלן די ווײַסרוסישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, זײַנען די פאַרשיידנאַרטיקײַטן און ווידערשפּרוכן בולטער געוואָרן.

דעם האָט אויך מיטגעהאָלפן דאָס, וואָס עס איז שאַרפער געוואָרן די קלאַסן-צעטיילונג סײַ אין דאָרף און סײַ אין שטאָט.

אין דעם אָנוווּקס פון אונדז פײַנטלעכער אידעאָלאָגיע דאַרף מען זוכן די סיבעס, וואָס האָבן געשטויסן איינציקע מיטגלידער פון דער גרופּע אַרויסגיין פון איר אין 1926-טן יאָר און שאַפן אַ נײַע גרופּירונג „אוזוויישא" (הויכן). עמעס, זייער אַוועקגיין האָבן זיי מאָטיווירט בלויז מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע טײַמים. די „אוזווישא" האָט גענומען אַ קורס אַף שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון וואָרט-קינסטלער „בעעמעס פעיקע יעכידים", וואָס זײַנען נים באַלעסטיקט מיט פיליעס און קרײַזלעך. לויט זייער מיינונג, האָט דער „מאַלאַדניאַק" ניט געקענט, ווי געהעריק איז שאַפן, צוליב זײַן ברייטער פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקײַט דורך פיליעס, סטודיעס און קרײַזלעך.

די שאַפונג פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל „אוזווישאַ", האָט אָבער דערוויזן, אַז די געפאַרן, וועלכע עס האָט נאָך פריער אָנגעמערקט די קריטיק,

האָבן זיך באַרעכטיקט. דאָס אָפּזאָגן זיך פֿון דער פּאַרטיי-אָנפֿירונג, דאָס סאָפּעקן אין דער מעגלעכקייט פֿון אַ פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע שטימונגען, אַ נײַע בורזשואַזע-אידעאָלאָגיע אין אַ ריי ווערק פֿון באַזונדערע שרײַבער—אָט וואָס מיר האָבן געהאַט אין די ווערק פֿון דער אָרגאַניזאַציע ביז די לעצטע טעג.

דער קער אַף רעכטס איז פֿאַר אונדז פֿאַרשטענדלעך, ווען מיר ווילן זיך דערמאָנען, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אײַנגעאַנצן אָפּגעריסן פֿון דעם ברייטן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און האָט ביז דער לעצטער צײַט אײַנגעאַנצן ניט קריטיקירט די אייגענע פֿעלערן.

די ווײַטערדיקע אַרבעט פֿון „מאַלאַדניאַק“ איז אָבער אַוועק ניט גאָר אַף אַ ריכטיקן וועג, ווײַל אָנשטאָט אויפֿדעקן נײַע ליטעראַרישע, קינסטלערישע קויכעס און אָנשטאָט פֿאַרטיפֿערן זיך אין שעפֿערישער אַרבעט, הויבט זיך אָן אין דער אָרגאַניזאַציע אַ ליטעראַרישער קאָמאַנדעווען. אייניקע מאַלאַדניאַקאָווצעס, וואָס זײַנען ניט מאַסקים מיט דער טאַקטיק פֿון אָרגאַניזאַציע, טרעטן פֿון איר אַרויס.

גייענדיק אַף אַ גליטשיקן וועג, זעט די אָנפֿירנדיקע גרופּע דעם קומענדיקן קריזיס און קוקט דורך דעם באַשטאַנד פֿון דער אָרגאַניזאַציע. אָנשטאָט 500 מיטגלידער בלײַבן אין איר 60. דאָס האָט אָבער ניט געלייזט די פֿראַגע. דאָס, וואָס די לידערן האָבן זיך ניט געוואָלט פֿאַרנעמען מיט אַן ערנסטער שעפֿערישער אַרבעט און האָבן זיך ניט באַצויגן אויפֿמערקזאַם צו די נײַע אָנקומענדיקע שרײַבער אין דער אָרגאַניזאַציע, שטויסט אייניקע פּאָעטן און שרײַבער אַרויסטרעטן פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

דער אַלטער באַשטאַנד פֿון צ. ב. הערט קימאַט אײַנגעאַנצן אויף אָנצופֿירן מיט די פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען. די לידערן פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿירן שוין דעמלט פֿאַרשיידענע הינטער-קוליסן-אונטערהאַנדלונגען, וועגן שאַפֿן אַ נײַע גרופּע „פּאָלימיאַ“, וואָס דאַרף פֿאַראייניקן אַ טייל מאָלאָדניאַקאָווצעס מיט די שרײַבער נאַשע-ניווצעס. דאָס, וואָס עס פֿעלן אין יענער צײַט קלאָרע פֿאָרמעס פֿון אַרבעט, און דאָס, וואָס די אָרגאַניזאַציע איז פֿאַרקראָכן אין אַ טעמפּן ווינקל, שטויסט די מיטגלידער פֿון דער מינסקער און פּראָווינציעלע גרופּן אויפֿהויבן די פֿראַגע וועגן ווײַטערדיקער עקזיסטענץ. דעם ערשטן יאַנוואַר 1928 טן יאָר האָט דער „מאַלאַדניאַק“ ווידער אָנגעהויבן דערשײַנען אין אַ נײַער רעדאַקציע רעגולמעסיק.

קעדיי אָנמערקן די הויפּט-וועגן פֿון דער ווײַטערדיקער אַרבעט, איז דעם 15-טן פֿעוראַל 1928-טן יאָר צונויפֿגערופֿן געוואָרן אַן אַלווײַסרוסישע קאָנפֿערענץ. אַף דער קאָנפֿערענץ זײַנען בײַגעווען דעלעגאַטן פֿון 5 פּראָווינציעלע גרופּעס. פֿאָרשטייער פֿון דער מינסקער פֿיליע און אַ פֿאָרשטייער פֿון „וואַפּפּ“—דער כאַווער סעליוואַנאָווסקי.

די קאָנפֿערענץ האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דער „מאַלאַדניאַק“, וואָס האָט איבערגעלעבט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן קריזיס, בלײַבט אַף זײַנע אַלטע פּאָזיציעס פֿון קאַמף פֿאַר אַ ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס קיין פּרינציפּיעלע כלוקע-דייעס צווישן דעם „מאָלאָדניאַק“ און „וואַפּפּ“ זײַנען ניט געווען, און האַלטנדיק, אַז מע מוז שאַפֿן אַן איינהײַטלעכן פֿראָנט פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין פֿ.ס.ס.ר., האָט די קאָנפֿערענץ באַשטימט אַרײַנטרעטן אין „וואַפּפּ“.

נאָך דער קאָנפֿערענץ ווערן גיך אויסגעלעבט די רעשטלעך פֿון קריזיס. דאָס אַרײַנגיין אין „וואַפּפּ“ האָט געהאָלפֿן פֿאַרבינדן און פֿאַראייניקן די ווײַסרוסישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור מיט די ברידערלעכע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטורן פֿון די איבעריקע פֿעלקער פֿון פֿ.ס.ס.ר. דער „מאָלאָדניאַק“ האָט זיך פֿעסט געשטעלט אַף די פּאָזיציעס פֿון קאַמף, פֿאַר דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, שטרעבנדיק פֿאַרוואַנדלען די אייגענע שאַפֿונג אין אַ געווער—אין די הענט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

די ווײַטערדיקע אַרבעט פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז אַוועק אין דער ריכטונג פֿון פֿאַראייניקן די איבעריקע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטורן פֿון די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן אַף דער

טעריטאָריע פֿון ו.ס.ס.ר. די פּראָלעטאַריִשע ליִטעראַטורן פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער, וואָס זײַנען ביז איצט ניט געווען פֿאַרבונדן, האָבן זיך איצטער פֿאַראייניקט, קעדיי מיט אַן איינהײַטלעכן פֿראָנט אַרויסטרעטן אין קאַמף פֿאַר דער העגעמאָניע פֿון דער פּראָלעטאַריִשער ליִטעראַטור. דעם 30-טן נאָיאַבר 1928-יאָר איז אַף דעם אַלווײַסרוסישן צוזאַמענפֿאָר פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער געשאַפֿן געוואָרן די ווײַסרוסיִשע אַסאָציאַציע פֿון פּראָל. שרײַבער („בעלאַפּפּ“), וווּהין דער „מאַלאַדניאַק“ איז אַרײַנגעטראָטן אַלס אַ ווײַסרוסיִשע סעקציע.

דער היסטאָריִשער פֿאַקט האָט דערוויזן, אַז דער „מאַלאַדניאַק“ איז נאָך נעענטער צוגעטראָטן אויספֿילן די הויפּט-אויפֿגאַבעס פֿון דער פּראָלעטאַריִשער ליטעראַטור. די אַטאַקעס מיצאַד דער רעכטער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשער אינטעליגענץ קעגן דער פֿאַראייניקונג מיט מאָסקווע, קעגן די הויפּט-אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן פֿון „בעלאַפּפּ“, זײַנען אָפּגעשלײַדערט געוואָרן, און דאָס האָט נאָך בולעטער באַוויזן, אַז דער אויסגעקליבענער וועג איז דער איינציק ריכטיקער. די אָרגאַניזאַציע פֿירט דורך אַ באַדײַטנדיקן קאַמף מיט די פֿײַנטלעכע שטרעמונגען אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור. אַף די פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער מינסקער פֿיליע אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 1929-טן יאָר זײַנען געשטאַנען די פֿראַגן פֿון שאַרפֿער זעלבסטקריטיק סײַ בענוגייע שטייגעריִשע פֿעלערן פֿון איינציקע מיטגלידער, סײַ בענוגייע פֿאַרשיידענע פֿעלערן אין דער שעפֿעריִשער אַרבעט. צו דער דאָזיקער צײַט איז אויך פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון דער פּראָלעטאַריִשער און פֿון דער ליטעראַריִשער געזעלשאַפֿטלעכקײַט אַף אַ רײ פֿײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען פֿון פֿאַרשיידענע שרײַבער אין ווײַסרוסלאַנד (די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן: זאַרעצקי, דובאָווקע, אַראַמאָוויטש א.) און אין פּ ס.ס.ר. (פּילניאַק, פּאָלישטשוק, פּאַנסקי-סאָלסקי, האַלקין א. אַ.).

אַרום דער סעקציע גרופּירן זיך נײַע קאַדרען אַרבעטער-שרײַבער (קאָבעץ א. אַ.), פֿון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס טרעטן אַרײַן אין „בעלאַפּפּ“ די סאַמע אונדז נאָענטע שרײַבער (אַלעקסאַנדראָוויטש).

די ריכטיקע ליניע פֿון דער אָרגאַניזאַציע בענוגייע אַנדערע ליטעראַריִשע גרופּירונגען, באַזונדערס „אוזוויישאַ“, האָט געבראַכט צו דעם, אַז דעם 3-טן פֿעוראַל 1930-טן יאָר האָט „אוזווישאַ“ פֿאַרעפֿנטלעכט איר באַשטימונג וועגן דעם, אַז זי אַנערקענט אַ רײ גרויסע פּאָליטישע פֿעלערן אין איר ליטעראַריש-פּובליציסטישער אַרבעט.

אין דעם דרײַכווידעשניק פֿון דער ווײַסרוסישער און נאַצמינדישע קולטורן, וועלכן עס פֿירט איצט דורך דער קאָמיוג, האָט די ווײַסרוסישע סעקציע צוזאַמען מיט די איבעריקע סעקציעס גענומען אַ הייסן אַנטייל: עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ שלאַג-בריגאַדע. עס ווערן דורכגעפֿירט ליטעראַריִשע אַרויסטרעטונגען אַף די פֿאַבריקן און זאַוואָדן, ליטעראַריִשע אָוונטן אין דערפֿער, אין ראַיאָנען און קאָלכאָזן.

איצט, ווען די ווײַסרוסישע סעקציע „בעלאַפּפּ“ האָט אויפֿגעהערט צו זײַן דער דורכגאַנג-הויף פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור (ווײַל די אַלע ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ס'עקזיסטירן איצט, זײַנען דאָך אויסגעוואַקסן פֿון „מאַלאָדניאַק“), ווען זי איז בעמעס געוואָרן איינער פֿון די קעמפֿערישע אָטריאַדן אין קאַמף פֿאַר דער העגעמאָניע פֿון דער פּראָלעטאַריִשער ליטעראַטור, איז אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט די שאַפֿונגען פֿון אירע מיטגלידער.

דער ברייטער צוזאַמענבונד מיט דער פּעריפֿעריע, מיט די קרײַזישע פֿיליעס, דאָס, קעגן וואָס עס האָבן אַזוי געקעמפֿט די מיטגלידער פֿון „אוזווישאַ“—דאָס האָט בעמעס געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער דערנענטערונג פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור צו די ברייטע מאַסן לייענער.

אַ רײ פּראָווינציעלע פּעריאָדישע אויסגאַבן: „קאַלינינסקער מאַלאַדניאַק“, אָרשער מאַלאַדניאַק", „מאַלאַדניאַק פֿון באָריסאָוו“, באַזונדערע אַלמאַנאַכן פֿון די קרײַזישע פֿיליעס: „אוזדים“ (באָברויסק), „נאַדזווינע“, „ראָסקוויט“ (פּאָלאָצק), „פּאַטשאַטאַק“ און „סוויטאַניע“

(וויִטעבסק), דער זשורנאַל „מאַלאַדניאַק“ איִן מינסק, וואָס דערשײַנט פֿון 1923 יאָר, אַ ספּעציִעלע מאָלאָדניאַק-ביִבליִאָטעק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מערער פֿון 40 ביִכלעך, אַ באַדײַטנדיקע צאָל ביִכלעך פֿון בעלאַפּאָוצעס, מער פֿון 30, אַרויסגעגעבן דורכן ווײַסרוסיִשן מעלוכע-פֿאַרלאַג)—אָט זײַנען די פֿרוכטן פֿון דער אַרבעט, וואָס די אָרגאַניִזאַציע האָט אָפּגעטאָן.

די גרונט-טעמע איִז—די הײַנטיִקע שטאָט און דאָרף. קלאַסן-קאַמף איִן דאָרף, דאָס לעבן פֿון די אַרבעטער, נײַע פֿאָרמעס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, דער העראָיִשער קאַמף פֿאַרן „אָקטיאַבר“, דער קאַמף מיט נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע טענדענציעס, דער פּאַטאָס פֿון סאָציאַליִסטיִשער בויונג, זעלבסטקריִטיִק, סאָציאַליִסטיִשער געוועט, דאָס נײַע איִנדוסטריעלע ווײַסרוסלאַנד—אָט דאָס איִז דער קאָמפּלעקס טעמעס און מאָטיִוון, וואָס כאַראַקטעריִזירט די שאַפֿונג פֿון אונדזערע פּאָעטן און פּראָזאַיִקער.

צוטרעטנדיק צו אַ קורצן איִבערבליִק פֿון די ווערק פֿון די כ״כ, וואָס געהערן צו דער אָרגאַניִזאַציע, קען מען שוין אָפּמערקן אַ ריי נעמען צוויִשן די פּראָזאַיִקער: גאָלאָוואַטש, גאָלדבערג, קאַוואַל, ליִמאַנאָווסקי, ליִנקאָוו, מוראַשקאָ, ניִקאַנאָוויִטש, סקריִהאַן, כורסיִק און אַנד. אַזוי אויך צוויִשן די פּאָעטן: אַלעקסאַנדראָוויִטש, זוואָנאַק, מאַרקאַווקאַ, מאַראַקאָוו, פּלאַווניִק, סאָלאָגוב, טרוס, פּאָמיִן, כאַריִקאָ, כוועדאָראָוויִטש און אַנדערע.

פֿון די פּאָעטן זײַנען די מער איִנטערעסאַנטע:

אַנדריי אַלעקסאַנדראָוויִטש. זײַן ערשט ביִכל אַפּילע „איִבערן ווײַסרוסיִשן ברוק“ (1925-טן יאָר) האָט שוין אונדז באַוויִזן אַ נײַעם דיִכטער ניִט נאָר לויט דער טעמע, נאָר אויך לויט דער פֿאָרם. די שטאָט, איִר לעבן, דאָס לעבן פֿון זאַוואָד האָט זיִך דאָס ערשטע מאָל נאָכן אָקטיאַבר באַוויִזן איִן דעם ביִכל. זײַנע ווײַטערדיִקע ביִכלעך לידער, „פּראָזאַלאַץ“ און „אוגרון“ האָבן נאָך מערער פֿאַנאַנדערגעאַרבעט דעם הויפּט-מאָטיִוו פֿון אַלעקסאַנדראָוויִטשן. זײַן באַדײַטנדיִקע פּאָעמע פֿאַר דער לעצטער צײַט, „פֿלעקן אַף דער זון“ (ניִט לאַנג פֿאַרענדיִקט), באַווײַזט אונדז אַ ריי „פֿלעקן“ אָפּן פֿאַן פֿון דער „זון“ פֿון אונדזער סאָציאַליִסטיִשער בויונג. פֿאַר דעם לייענער גייען דורך אַ ריי פֿיִגורן, ווו דער אַווטאָר האָט טיפּיִזירט איִן לעבעדיִקע און בוילעטע געשטאַלטן אונטערלעקערײַ, קליינבירגערלעכקײַט און אַנדערע שוואַרצע פֿלעקן פֿון אונדזער שטייגער.

דער ניִט-לאַנג פֿאַרשטאָרבענער דיִכטער פּאַוועל טרוס איִז אַרײַן איִן דער ווײַסרוסיִשער נאָכאָקטיאַבעריִשער ליִטעראַטור, ווי אַ דיִכטער פֿון דער דאָרפֿיִשער אָרעמקײַט. פֿון אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע און קעמפֿעריִשע מאָטיִוון, וואָס זיינען כאַראַקטעריִסטיִש פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּויעריִשער ליִטעראַטור, איִז ער געקומען צו די איִדייען פֿון פּראָלעטאַריאַט און האָט זיִך געשטעלט אונטער זײַן פֿאָן. איִן די פּאָעמעס „דער צענטער גרונטשטיין“ און „רויטע רויזן“ לעבט ער איִבער און ווערט באַגײַסטערט, ווי אַ לעבעדיִקער מענטש, פֿון אונדזער עפּאָכע, מיט די בעסטע איִדייען פֿון אונדזער הײַנט. איִן די לעצטע ווערק שפּיִגלט ער אָפּ דאָס לעבן איִן פּראָצעס פֿון אַנטוויִקלונג, ער פֿאַרשטייט דעם טאָג און די וועגן פֿון אונדזער הײַנט. מיִט די ווערק העלפֿט ער דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער באַוועגט זיִך פֿאָרויס צום סאָציאַליִזם, צוזאַמען מיִט די אָרעמע און מיִטעלע שיִכטן פֿון דאָרף.

מוראַשקאָ, וועלכער האָט זיִך באַוויִזן מיִט דעם זאַמלבוך „דער נאַכטיִקער שאָס איִן וואַלד“, גיִט אַ ריי ביִלדער פֿון פויעריִשן שטייגער, וואָס איִז איִם נאָענט און באַקאַנט. איִן אַ ריי ווערק האָט ער באַריִרט דאָס לעבן פֿון דער ייִדיִשער אָרעמקײַט און גרויסשטאָטיִשן אַרבעטער. איִן דער גרעסערער דערציילונג „איִן זייער הויז“, גיִט ער די איִנערלעכע עמיִגראַציע, וועלכע, בלײַבנדיִק איִן סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, שטרעבט מיִט אַלע קויכעס שטערן אונדזער סאָציאַליִסטיִשער בויונג. דעם אַווטאָר האָבן זיִך אײַנגעגעבן די נעגאַטיִווע טיִפּן. ערגער זײַנען די פּאָזיִטיִווע טיִפּן, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן גאַנץ סכעמאַטיִש. מעגלעך, אַז דאָס דערקלערט זיִך מיִט דעם, וואָס דער אַווטאָר האָט איִבערהויפּט געוואָלט געבן די איִנערלעכע עמיִגראַציע.

די סאָציאַלע באַדײַטונג פֿון דעם ווערק באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער באַריכט אין דער ווייסרוסישער ליטעראַטור די פּראָבלעם פֿון דער עמיגראַציע. דאָס פֿאַנאַנדערוויקלען פון די געשעענישן אין צווייַ פּלאַכן און אינטערעסאַנטע קאָמפּאָזיציאָנעלע מעטאָדן—דערווײַזן, אַז אויך אָפּן געביט פֿון סיוזשעטישן געבוי, איז דער אַווטאָר אַ באַדײַטנדיקער מײַסטער. זײַן לעצט ווערק—דער ראָמאַן „זון" (סין) טראָגט אונדז אַריבער אין דער עפּאָכע פֿון 5-טן יאָר. דעם אַווטאָר האָט זיך אײַנגעגעבן פֿאַנאַנדערוויקלען אַ ברייטע לײַוונט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַף דעם פֿאָן פֿירט ער אַרויס אַן אומבאַוווסטזיניקן פויערישן יונג, וואָס ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ באַוווסטזיניקן רעוואָלוציאָנער.

די ווערק פֿון ג. לינקאָוו זײַנען פּאַקטיש ביז דער לעצטער צײַט געווען געווידמעט צוויי הויפּט-טעמעס: דעם בירגער-קריג, דער רויטער אַרמיי און דעם לעבן פֿון יידישן שטעטל.

דער אַווטאָר וויים אויסגעצייכנט און קען געבן דעם שטייגער און דעם קאַמף פֿון דער רויטער אַרמיי. זײַנע טיפּן פֿון די רויטאַרמייער (וואַנקע ריזאַנסקי, וואַסקע שקעטאָוו) פֿאַרגעדענקען זיך אַף לאַנג.

דאָס לעבן פֿון דעם יידישן שטעטל, די טיפּע אינעווייניקסטע פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעוואָלוציע אין פּאַטריאַרכאַלן שטייגער פֿון שטעטל—דאָס אַלץ געפֿינט אַן אָפּשפּיגלונג אין די ווערק פֿון דעם אַווטאָר (זאַמלונג „גאָי"). אין זײַן לעצטן ווערק גייט שוין דער אַווטאָר אָפּ פֿון זײַנע פֿריערדיקע טעמעס—דאָ וויקלט ער פֿאַנאַנדער אַ ברייטן לײַוונט פֿון דעם אַרבעטער-שטייגער, פֿון דעם לעבן אַף אַ גלאָזאַוואָד. נײַע מענטשן, וואָס בויען אַ נײַעם לעבן און שפּורן פֿון אַלטקײַט, וואָס שטערן—אָט וועגן וואָס עס שרייבט דאָ דער אַווטאָר. דאָס ווערק שטעלט מיט זיך פֿאָר איינס פֿון די בעסטע ווערק אין דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פֿאַר דער לעצטער צײַט.

וואַסיל קאַוואַל. איז אַ שרײַבער פֿון די מיטעלע פויערישע שיכטן, סײַ לויט דער טעמאַטיק און סײַ לויט די בילדער. שוין אין זײַן ערשטן בוך („ווי מען האָט דעם פֿרילינג גערופֿן") גיט ער אַ ריי לירישע שילדערונגען פֿונם פויערישן לעבן אָפּן איבערברוך. דאָ איז נאָך אָבער ניטאָ דאָס דאָרף, וואָס בויט שוין אַף אַ נײַעם אויפֿן די ווירטשאַפֿט. אין דער גרעסטער מערהײַט גיבן די דערציילונגען פֿון דעם פּעריאָד באַזונדערע שילדערונגען פֿונם פויערישן לעבן. די נײַע שפּראָצונגען מערקן זיך קוים. וואָס ווײַטער הויבן אָבער אָן די נײַע מענטשן צו פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן אין זײַנע ווערק. דער אַווטאָר באַווײַזט אונדז קינסטלעריש דאָס נײַע, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע אין דאָרף. אין זײַנע לעצטע ווערק געפֿינען אַן אָפּשפּיגלונג די גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין דעם הײַנטצײַטיקן דאָרף. זײַענדיק נאָענט צו די קוואַלן פֿון דער פֿאָלק-פּאָעזיע, פֿאַרמאָגנדיק אַ עמאָציאָנעלע און לירישע קראַפֿט, איז קאַוואַל איינער פֿון די אינטערעסאַנטע איצטערדיקע שרײַבער.

צו די נײַ-פויערישע שרײַבער קען מען אויך צורעכענען ניקאַנאָוויטשן, וואָס האָט אַלס לערער ביז די לעצטע יאָרן געאַרבעט אין דאָרף און דאָרטן געשעפּט די טעמעס פֿאַר זײַנע ווערק.

י. לימאַנאָווסקי. שעפּט זײַנע טעמעס פֿון די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע. זײַן ראָמאַן „איבערן טהאָם" גיט אַ ברייטן לײַוונט פֿון דעם לעבן אין אַ קליינער פּראָווינציעלער שטאָט בײַם דער דײַטשיש-פּוילישער אָקופּאַציע. אַ גאַנצע גאַלעריי בילדער פֿון פּאַרטעישע און סאָוועטישע אַרבעטער זײַנען באַוויזן געוואָרן סײַ אין דעם ראָמאַן און סײַ אין אַנדערע ווערק. לימאַנאָווסקי שאַצט אָפּ די געשעענישן פֿון אַרומיקן לעבן, ווי אַ באַלשעוויק. אָפּט אָבער פּרוווט ער איבערצײַגן דעם לייענער אין דער ריכטיקײַט פֿון זײַנע געדאַנקען נים דורך קינסטלערישע געשטאַלטן, נאָר מיט דער הילף פֿון פּובליציסטיק. („אַ ווינט פֿון מיזרעך"), וואָס פֿאַרמינערט אָפּט דעם קינסטלערישן ווערט פֿון ווערק.

איז דעם זאַמלבוך „קלייניקייטן פֿון לעבן‟ באַווײַזט אונדז, פ. גאָלאָוואַטש די „קלייניקייטן‟, וועלכע ווירקן אָפֿט אַזוי שלעכט אַף אונדזער לעבן, רײַסן אַרונטער די אַרבעט פֿון אונדזערע סאָוועטישע אַנשטאַלטן. אין זײַן שאַפֿן ווערט אויך אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פֿון שטאָט. אין זײַנע גרעסערע דערציילונגען „דער שולדיקער‟ און „דאָלאַרן‟, באַרירט דער אַוטאָר אַ רײ זייער וויכטיקע פּראָבלעמעס פֿון אונדזער הײַנט.

ריידנדיק וועגן די פּאָעטן מוזן מיר באַמערקן, אַז אַסאַך פֿון זיי גייען אַריבער צו עפּישע זשאַנרען. די פּאָעמע ווערט די הויפּט-פֿאָרם פֿון די ווערק סײַ בײַ זוואָנאַק („שפּאַרבער‟ און אַנדערע) סײַ בײַ מאָריאַקאָון, פֿאָמינען און אַנדערע.

טעמאַטיש איז די הײַנטיקע דיכטונג פֿון די בעלאָפּאָוצעס באַדײַטנדיק ברייט. זי כאַפּט קימאַט אַרום דיזעלביקע טעמעס, וואָס ווערן אָפּגעשפּיגלט אין דער פּראָזע.

מיר קענען אָבער ניט ריידן וועגן די פּאָעטן און פּראָזאַיקער פֿון דער ווײַסרוסישער סעקציע „בעלאַפּפּ‟ ווי וועגן עפּעס אַ גאַנצעס. צווישן די מיטגלידער פֿון דער סעקציע האָבן מיר אַ באַדײַטנדיקן יאָדער פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער: אַלעקסאַנדראָוויטש, מוראַשקאָ, לינקאָוו, טרוס, גאָלאָוואַטש, לימאַנאָווסקי און אַנדערע. אָבער באַגלײַך מיט די פּראָלעטאַרישע שרײַבער האָבן מיר נאָך פּויערישע שרײַבער, וואָס זײַנען נאָענט צום פּראָלעטאַריאַט, וואָס גייען אַריבער אין פּראָצעס פֿון דער אַרבעט אַף רעלסן פֿון פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע. באַנוצנדיק אָבער ספּעציפֿיש-פּויערישע, ליטעראַריש קינסטלערישע בילדער, וואָס זײַנען אומבאַדינגט נויטיק, קעדיי צו ווירקן אַפֿן פּויערטום. צו דער גרופּע געהערן: קאַוואַל, פֿאָמין, ניקאָנאָוויטש, סקריהאַן און אַנד.

עס איז אויך פֿאַראַן ניט קיין באַדײַטנדיקער טייל מיטגלידער, וואָס זײַנען נאָענט דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט אים: מאָריאַקאָוו, כאַדיקאָ און אַנד.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז בײַ אונדז זײַנען נאָך פֿאַראַן אַ רײ פֿעלערן. ניט גענוג איז נאָך די פֿאַרבינדונג מיט דעם אַרבעטער-לייענער, די באַגעגעניש מיט אים קומען מערסטנטייל פֿאָר נאָר אַף פֿײַערלעכע ליטעראַרישע אָוונטן. עס זײַנען נאָך ווייניק אַרויסגעצויגן געוואָרן שרײַבער-קאַדרען, וואָס שטאַמען פֿון דער אַרבעטער-סוויווע. עס איז נאָך ווייניק אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין דער ליטעראַטור דאָס לעבן פֿונם אַרבעטער. דאָס זײַנען אייניקע כעסרוינעס, מיט וועלכע עס קעמפֿט „בעלאַפּפּ‟. פֿאַרברייטערן דעם פֿאַרנעם פֿון דעם פּראָלעטאַרישן שרײַבער, אויספֿאָרמירן זײַן וועלט-אַנשויונג, אַרבעטן איבער זיך, פֿאַרטיפֿטער צוגיין צו שעפֿערישע פֿראַגן—דאָס זײַנען די ווײַטערדיקע אויפֿגאַבן פֿון דער אָרגאַניזאַציע. בײַ דער מיטהילף פֿון דעם אַרבעטער-לייענער, ווען ער וועט רעאַגירן אַף די ווערק פֿון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער; דורכפֿירנדיק אין לעבן דעם לאָזונג: דער שרײַבער—אַף די אונטערנעמונגען—דאָס וועט נאָך מערער און ענגער פֿאַרבינדן דעם פּראָלעטאַרישן שרײַבער מיט זײַן קלאַס און מיט זײַנע לייענער.

דאָס סאָוועטישע ווײַסרוסלאַנד מעג זיך גרויסן מיט אירע דערגרייכונגען. די מאַרינער בלאָטעס, אָסינבוי, באָברויסקער קאָמבינאַט, דאָס אוניווערסיטעט-שטעטל, צענדליקער נײַע זאַוואָדן און פֿאַבריקן, ראַיאָנען און קרײַזן פֿון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע,—אָט מיט וואָס מיר זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דעם נײַעם יאָר. גוואַלדיקע ברייטע פּערספּעקטיוון עפֿענען זיך פֿאַר די ליטעראַטורן אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד. די פּאָעטן און פּראָזאַיקער דאַרפֿן מיט פֿולע הויפֿנס שעפּן פֿון אונדזער גראַנדיעזער בויונג און שעפֿערישער טאָגטעגלעכקייט.

לאָמיר האָפֿן, אַז דאָס יאָר וועט זײַן אַ יאָר פֿון באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען ניט נאָר אַפֿן געביט פֿון אונדזערווירטשאַפֿט, נאָר אַז דאָס יאָר וועט אונדז אויך ברענגען אַ רײ וויכטיקע ווערק, וואָס זײַנען אין איינקלאַנג מיט דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן און שאַפֿן.

כ. דונעץ.

# די אַרבעט פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“.

(אייניקע סאַכאַקלען צום דרײַיאָרטיקן פון פּראָלעטאַרישער ווײַסרוסישער און נאַציאָנאַלער קולטור).

די גרונט-אויפגאַבע פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“—אַ טייל פון אַן איינהײַטלעכער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור-אָרגאַניזאַציע—איז באַשטאַנען און באַשטייט אין קאַמף פאַר אַן עכט-רעוואָלוציאָנערער, פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. די גאַנצע אַרבעט איז דאָרף, אין גרונט, זײַן דורכגעזאַפּט מיט דערדאָזיקער צענטראַלער אויפגאַבע און איר אונטערגעוואָרפן.

ניט געקוקט אַף דער קנאַפּער צאָל שרײַבער אין ווײַסרוסלאַנד און אַף דער לעפּיערעך קליינער צאָל מיטגלידער פון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, ניט קוקנדיק אַף דער ניטגענוגנדיקער פאַרצווײַגונג פון דער אָרגאַניזאַציע אין דער פּעריפעריע (בלויז אייניקע קרײַזן און סעקציעס בײַ די אָרטיקע פיליעס פון „בעלאַפּפּ“ אין אייניקע שטעט פון ווײַסרוסלאַנד), ניט קוקנדיק אַף דעם, איז דאָך די ראָל, אָדער ווי מען זאָגט—דער ספּעציפישער געוויכט—פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ געווען און איז באַדײַטנדיק. אין די שטעט און שטעטלעך פון סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד זײַנען דאָ גרויסע קאָמפּאַקטע ייִדישע פּראָלעטאַרישע און האָרעפּאַשנע מאַסן; עס איז דאָ אַ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע קאָלעקטיווע דאָרף-ייִשוּוים; עס וואַקסט אַלץ מער דער קולטור-ניוואָ פון די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע; עס ווערט פאַרפעסטיקט און פאַרשפּרייט אַלץ אין אַ גרעסערער צאָל און צווישן מער אַרבעטנדיקע די ייִדישע פּרעסע און ליטעראַטור. דאָס אַלץ שטעלט אַרויס גרויסע פאָדערונגען פאַר דער ליטעראַטור ביכלל און רוקט אַרויס פאַר דער ייִדסעקציע פון „בעלאַפּפּ“ גרויסע אויפגאַבעס פון מאַסן-אַרבעט, פון אָנפירן מיט די לעזער-אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע און דעריקער—פון *דערנענטערן די פּראָלעטאַרישע מאַסן צו דער ליטעראַטור און צו איר אָנפירונג*, פון פאַרשטאַרקן די פּאַרטייִשע אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור, פון אויסהאָדעווען קאַדרען יונגע און נײַע שרײַבער, וואָס קומען פון פּראָלעטאַריאַט, פון דערציִען די מיטלויפערישע עלעמענטן.

דעריבער וואָלט געווען פאַלש צו וועלן אויפוואַרפן דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ אין פאַרכאַפּן זיך מיט פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פראַגן און מאַסן-אַרבעט—צוויי געביטן אַף וועלכע די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ קען פאַרצייכענען באַשטימטע קענטיקע דערגרייכונגען. אַ פּראָלעטאַרישע מאַסן-אָרגאַניזאַציע אַפן ליטעראַטור-פראָנט דאַרף (אַף איר אויפן) שטענדיק פּראַקטיש פאַרווירקלעכן די פּאָליטישע לאָזונגען פון דער פּאַרטיי.

מיר וועלן זיך דאָ קוידעמקאָל אָפּשטעלן אַף אייניקע גרונט-מאָמענטן אין דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“. מיר וועלן ווײַטער אויך באַרירן אַ פּאָר פּרינציפּעל-פּאָליטישע מאָמענטן פון דער אַרבעט.

אַלס אַ וויכטיקן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין וו.ס.ס.ר., אַן עטאַפּ, פון וועלכן מיר הויבן אָן דידאָזיקע באַריכט-נאָטיצן, דאַרף

פֿאַרצייכנט ווערן דער שריט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין נאָיאַבר 1928 י. בייס דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בעלאַפּפּ", צו אַרייַנגיסן די גרופּעס פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרייַבער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרייַבער אין ווייַס-רוסלאַנד („בעלאַפּפּ"). דאָס האָט פֿעסט אייַנגעשלאָסן די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַ-טור פֿון ווייַסרוסלאַנד אין דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור—ווייַסרוסישער און אַלפֿאַרבאַנדישער, האָט דערנעענטערט די ייִדישע שרייַבער צו די איבעריקע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, מיטגעווירקט צו אויסהאָבן די נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייַט, נאַציאָנאַלע באַ-רימערייַ און דעם ניהיליזם צו דער ווייַסרוסישער קולטור און ליטעראַטור, וואָס איז געווען צו מערקן בײַ אייניקע שרייַבער. די ייִדישע „בעלאַפּפּ"-מיטגלידער, פֿירנדיק זייער אַרבעט אַף די יעסודעס פֿון אַ סעקציע, האָבן זיך באַטייליקט אין דער גאַנצער אַרבעט פֿון „בעלאַפּפּ", זייַנען געווען פֿאַרטראָטן אין אַלע צענטראַלע און אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען, זייַנען אַקטיוו אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין אַלע קאַמפּאַניעס און וויכטיקע אונטערנעמונגען, וואָס זייַנען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך „בעלאַפּפּ".

קעדיי באַצייכענען די דערגרייכונגען אַפֿן געביט פֿון אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט פֿון אונדזערע פּראָלעטאַרישע שרייבער, איז גענוג צו דערמאָנען דעם שוין פֿאַרפֿעסטיקטן און צום הייַנטיקן טאָג קימאַט טראַדיציאָנעלן אינסטיטוט פֿון אינטערנאַציאָנאַלע אָוונטן און טורנעס איבער די קלובן און שטעט און שטעטלעך, דעם קענטיקן שריט אַפֿן וועג צו—קעגנזייַטיק אינפֿאָרמירן די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן וועגן דער קולטור-בויונג און ליטע-ראַטור-שאַפֿונג פֿון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע סעקציעס (איבערזעצונגען, אַרטיקלען אין זשורנאַלן, ליטעראַטור-זייַטלעך אין די צייַטונגען, סיסטעמאַטישע אינפֿאָרמאַציווע נאָטיצן א. ד. גל.).

דאָס אָנשליסן זיך אָן דער „בעלאַפּפּ"-אָרגאַניזאַציע מיצאַד דער ייִדסעקציע איז געווען אַ ווייַטערדיקער שריט און אַ פֿאָרזעצונג פֿון דער ריכטיקער ליניע, וואָס די גרופּע האָט אויך פֿריער געהאַט געפֿירט. מיר זעען, אַז די דאָזיקע ליניע איז באַקרויִנט געוואָרן מיט דערפֿאָלג. הייַנט זייַנען די רעזולטאַטן קענטיקע, כאָטש עס בלייַבט נאָך אַלץ צו באַקעמפֿן באַזונדערע פֿאַלן פֿון נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייַט בײַ אייניציקע אונדזערע שרייַבער.

איינער פֿון די רייַכסטע קאַפּיטלען אין דער אַרבעט פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" פֿאַרן פּעריאָד פֿון 1-טן „בעלאַפּפּ"-צוזאַמענפֿאָר ביז איצט איז, אָן ספֿק, די מאַסן-אַר-בעט. צום באַדויערן איז ניטאָ קיין פֿולער דיסקאָנט פֿון דער דאָזיקע וויכטיקער און אינטע-רעסאַנטער אַרבעט. מע קען אָן קיין שום איבערטרייַבונג זאָגן, אַז עס איז קימאַט ניטאָ קיין איין גרעסערע שטעטל און גרעסערער קאָלוויִרט אין ווייַסרוסלאַנד—שוין אָפּגערעדט וועגן די קרייַז-שטעט,—וווּ עס זאָל ניט האָבן ווען עס איז אַרויסגעפֿאָרן אַ גרופּע פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ".

באַזונדערס אינטענסיוו זייַנען באַדינט געוואָרן די מינסקער אַרבעטער-קלובן. עס איז גוט „באַאַרבעט" געוואָרן די שטאָטישע פּעריפֿעריע פֿון ווייַסרוסלאַנד: וויטעבסק, האָמעל, באָריסאָוו, באָברויסק, מאָזיר, פּאָלאָצק, אָרשע און אַנד. שטעט זייַנען באַזוכט געוואָרן צו עטלעכע מאָל דורך גרופּעס שרייַבער און זיינען באַדינט געוואָרן אַף אַזאַ אויפֿן, אַז עס איז דורך די אָוונטן און אַרויסטרעטונגען דורכגעלאָזן געוואָרן אַ גרויסער טייל אַרבעטער, די ייִדישע לערן-יוגנט און די דערוואַקסענע שול-יוגנט. דערבייַ האָבן די אַרויספֿאָרן קיינמאָל ניט גע-טראָגן קיין „ריין"-ליטעראַרישן כאַראַקטער, זיי זייַנען שטענדיק געווען פֿאַרבונדן מיט די פּאָליטיש געזעלשאַפֿטלעכע דערשייַנונגען אין דער ליטעראַטור, אָפֿט זייַנען זיי געווען צע-נויפֿגעבונדן מיט פּרעסע און בוך-פֿאַרשפּרייטונג, מיט קאַמף קעגן פֿייַנטלעכע אַרויסטרע-טונגען אין דער ליטעראַטור, מיט קאַמף אַפֿן פֿראָנט פֿון קולטור-בויונג (דרייַכוידעשניק). פֿאַר דער לעצטער צייַט האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דער מעטאָד פֿון בריגאַדעס און

עס זײַנען געווען אָרגאַניזירט אַ רײ אַרויספֿאָרן אין קאָלווירטן און אַף אונטערנעמונגען. וועגן דער צאָל באַזוכער פֿון די אָוונטן וואָלט מען מאַמעש געקענט ברענגען אַסטראָנאָמישע ציפֿערן... כוצדעם האָט די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" אויך אָרגאַניזירט דעם אָנטייל פֿון די ייִדישע שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד אין דעם קולטור-מאַרש אַף אוקראַיִנע (פֿאָריקן ווינטער) און אין דעם אַרויספֿאָר אין מײַרעוו-קאַנט (סמאָלענסק).

וועגן די פּאָזיטיווע זײַטן פֿון דערדאָזיקער אַרבעט איז איבעריק צו ריידן. דאָס האָט טיף צעאַקערט דעם באָדן פֿאַר דער ליטעראַטור, מיטגעהאָלפֿן אויסאַרבעטן בײַ די מאַסן אַ ריכטיקן צוגאַנג צו ליטעראַטור, אָנגערעגט דעם אינטערעס בײַ די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע צו ליטעראַרישע דערשײַנונגען. דער פֿעלער פֿון דערדאָזיקער אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס איז אָרגאַניזאַציאָנעל ניט פֿאַרפֿעסטיקט געוואָרן דער געשאַפֿענער אינטערעס צו ליטעראַטור און עס איז, פֿון דער צווייטער זײַט, ניט דערלערנט געוואָרן די גרויסע דערפֿאַרונג פֿון דערדאָזיקער אַרבעט. די גרעסטע דערגרייכונג וואָלט געווען, ווען נאָך אַן אָוונט אַף אַן אונטערנעמונג אָדער אין אַ שטעטל, ווערט, צום בײַשפּיל, אָרגאַניזירט אַ ליטעראַטור-קרײַז, אַ גרופּע ליבהאָבער-פֿרײַנט פֿון ייִדישן זשורנאַל און פּרעסע א. ד. גל. דאָס איז אָבער ניט געטאָן געוואָרן. די דערפֿאַרונג פֿון דער מאַסן-אַרבעט, ווידער, האָט בלויז געדינט פֿאַר מאָמענטאַלע „אײַנדרוקן" און אימפּרעסיאָניסטישע אויספֿירן, בײַס די סיסטעמאַטישע באַאַרבעטונג פֿון אַזאַ גראַנדיעזן מאַטעריאַל וואָלט געקענט ברענגען גרויסע נוצן פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פֿאַר דערלערנען דעם געשמאַק און די פֿאָדערונגען פֿון אונדזער מאַסן-לעזער. עס איז גענוג בלויז צו דערמאָנען, אַז פֿון אַ רײַזע, וואָס אונדז איז אויסגעקומען דורכמאַכן אין משך פֿון אַ וואָך אין איין קרײַז, זײַנען צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע הונדערט צעטעלעך. אָבער דערדאָזיקער מאַטעריאַל איז געגאַנגען לעיבעד. דאָס מוז מען דיסקאָנטירן אין דער ווײַטערדיקער אַרבעט.

איינער פֿון די בלויזן אין דער אַרבעט פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" איז—די ניטגענוגנדיקע סיסטעמאַטישקײַט, ניטגענוגנדיקע קאָנצענטראַציע און אָרגאַניזאַציע אַף די באַזונדערע אָפּשניטן פֿון דער אַרבעט. דאָ זײַנען פֿאַראַן אַ רײ אָביעקטיווע באַדינגונגען. ניט דער „בעלאַפּפּ", ניט די ייִדסעקציע ביפֿראַט האָבן די געהעריקע אַפּאַראַטן פֿאַר דער אַרבעט. די שרײַבער אַליין זײַנען אין גרעסטן טייל באַשעפֿטיקט אין לערן-אַנשטאַלטן און זײַנען איבערגעלאָדן מיט פֿאַרשיידענע אַרבעטן. דערצו קומט נאָך צו די ספּעציפֿישע צעוואָרפֿנקײַט און דער „פּאָעטישער" אַנאַרכיזם, וואָס האָט אָפּט אַן אָרט צווישן אונדזערע שרײַבער. אָבער בײַ די אַלע אָביעקטיווע און פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן האָבן דאָך געקאָנט אַרײַנגעטראָגן ווערן גרויסע קאָרעקטיוון אין דער סיסטעם פֿון דער אַרבעט. אַזוי, לעמאָשל, קען מען ניט פֿאַרשווײַגן דאָס, וואָס עס איז קימאַט אַבסאָליוט ניט געפֿירט געוואָרן קיין אָרגאַניזירטע סיסטעמאַטישע קאָנסולטאַציע-אַרבעט (אויסער די ווינקעלעך בײַ דער ליטזײַטל פֿון „אָקטיאַבר", „יונגן אַרבעטער"—פֿון צײַט צו צײַט אין זשורנאַל „שטערן"), וואָס עס איז פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די סיסטעם פֿון „ליטעראַרישע מאָנטיקס", וואָס עס איז, קימאַט ווי ניט געפֿירט געוואָרן די קאָלעקטיווע אַרבעט איבער שאַפֿונגפֿראַגן און עס איז שוואַך געווען די מאַרקסיסטישע דערציִונג פֿון די מיטגלידער און, בכלל, פֿון די ייִדישע שרײַבער.

עס דאַרף, ווי אַ פּאָזיטיווער מאָמענט, באַצייכנט ווערן דער וווּקס פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" און די גרופּירונג פֿון אַ באַשטימטן יונגוואַלד אַרום איר. אין מינסק איז דאָ אַ גרויסער צופֿלוס פֿון מיטגלידער. עס זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער אָרגאַניזאַציע אַרבעטער; עס איז גרעסער געוואָרן דער קאָמוניסטישער יאָדער; עס האָבן זיך פֿאַרקרעפֿטיקט אין זייער ליטעראַרישן שאַפֿן אַ רײ יונגע כאַווײרים, וואָס זײַנען ניט לאַנג אין דער אָרגאַניזאַציע (יודלסאָן, עליע קאַהאַן, אײַזיק קאַהאַן, טאַלאַלײַ, גאָרעליק, לאַסקער א. א.);

עס זײַנען געקומען צום וואָרט אַף די שפּאַלטן פֿון אונדזער פּרעסע אַ רײ אַנדערע יונגע כאַווײרים—דורך דער דערמונטערונג און מיטהילף פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“; עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער אָנהויב צו גרופּירן און באַאַרבעטן דעם ליטעראַרישן יונגוואַלד פֿון פֿאַבריקן און לערן-אַנשטאַלט (מינסקער אַלשטאָטישע קאָנפֿערענץ). אין דערזעלבער צײַט איז נאָך אָבער ניט גענוגנדיק די זעלבסטעטיקײַט און אַקטיווע אַרבעט פֿון יעדער באַזונדער מיטגליד פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, באַזונדערס פֿון זײַן יונגן שיכט.

---

באַצייכענענדיק די אַלע באַזונדערע ליניעס פֿון דער אַרבעט אין זייער קאָנקרעטער פֿאָרם, גייען מיר איבער צו אייניקע באַזונדערע מאָמענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פּרינציפּיעלע ליניע פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“. מע דאַרף צוליב דעם דערמאָנען אייניקע פֿאַקטן פֿון געזעלשאַפֿטלעך-פּאָליטישן באַטײַט, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט סײַ אין לעבן פֿון דער אָרגאַניזאַציע גופֿע, סײַ בכלל אין לאַנד און, באַזונדערס, אין דער ייִדישער ליטעראַטור,—מע דאַרף זען, ווי די ייִד'סעקציע „בעלאַפּפּ“, אַלס גאַנצע, איר קאָמוניסטישער טייל און אירע באַזונדערע מיטגלידער האָבן רעאַגירט אַף אַזעלכע דערשײַנונגען.

קוידעמקאָל—פֿאַקטן פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“.

עס איז גלײַכצײַטיק מיטן וווקס און מיט דער אידעאָלאָגישער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער ייִדסעקציע, ווען וואָס עס איז גערעדט געוואָרן אויבן, אויך דאָ צו פֿאַרצייכענען אַ רײ געזעלשאַפֿטלעך-אידעאָלאָגישע פֿאַקטן פֿון נעגאַטיוון באַטײַט. דער ייִדסעקציע איז אויסגעקומען אויסשליסן אירן אַ מיטגליד, אַן אַרבעטער, פֿאַר מאַכן אַ בריס. די ייִדסעקציע האָט געפֿונען פֿאַר ניטדערלאָזבאַר, אַז אַ פּראָלעטאַרישער שרײַבער און סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, זאָל באַגיין אַ רעליגיעזן ריטואַל. אַף אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן אַן אָפּגעדרוקט ווערק פֿון אַ מיטגליד פֿון דער ייִדסעקציע, אַ ווערק מיט בולטע סימאָנים פֿון קליינבירגערלעכער באַווירקונג. אויך דער פֿאַקט, וואָס עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן דורך די זעצער אַ ליד פֿון אַ „בעלאַפּפּ“-מיטגליד (וועגן דעם איז שוין אין „שטערן“ געווען געשריבן), איז סימפּטאָמאַטיש פֿאַרן דאָזיקן פּעריאָד. ס'איז אויך אויסגעקומען פֿאַרפֿיקסירן נאַציאָנאַליסטיש-שאָוויניסטישע אַרויסטרעטונגען פֿון אַ פּאָר מיטגלידער אין דער גרופּע. די אַלע פֿאַקטן זײַנען ניט געבליבן אָן דער רעאַגירונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס בײַ יעדן פֿאַקט איז אָפֿט אויסגעקומען זיך אָנשטויסן אַף אַ ניטפֿאַרשטיין מיצאַד אייניקע כאַווײרים אין דער גרופּע, איז דאָך שטענדיק אין רעזולטאַט פֿון אַזאַ אַרבעט געקומען נאָך אַ גרעסערע קאָנסאָלידאַציע פֿון דער גרופּע און אַ נײַע פֿאַרשטאַרקונג פֿון דעם אַווטאָריטעט פֿון איר פּאַרטיי-אָנפֿירונג.

צוזאַמען מיטן „בעלאַפּפּ“ אַלס גאַנצע, האָט זיך די ייִדסעקציע אויך אַקטיוו באַטייליקט אין קאַמף קעגן דעם ווײַסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער ליטעראַטור, פֿאַרבינדנדיק דעם דאָזיקן קאַמף מיט די דערשײַנונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אָבער מע דאַרף דאָ באַצייכענען, אַז ניט אַלע אַזעלכע פּרינציפּיעלע פֿראַגן פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, זײַנען באַצײַטנס און אין דער גאַנצער ברייט געשטעלט געוואָרן דורך דער ייִדסעקציע פֿאַר די אַלגעמיינע אָרגאַנען פֿון „בעלאַפּפּ“. דאָס איז, אָן ספֿק, אַ פֿעלער.

די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ האָט זיך אַקטיוו אָפּגערופֿן אַף אַ רײ דערשײַנונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד און אויסלאַנד. די „גליטשן“ אין דער אוקראַינישער ייִדישער ליטעראַטור, איניען רייזן-לייוויק, מײַסע-קוויטקאָ, איניען-האַלקין—דאָס אַלץ האָט ניט געקענט דורכגעלאָזן ווערן פֿאַרבײַ. די ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ“ און אירע טוער האָבן אַף דעם אַקטיוו רעאַגירט. ווי עס איז באַוווסט, איז אַף אייניקע פֿון די דאָזיקע

דערשײַנונגען געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו „געבן אַ קאַמף" דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ", דער מינסקער קאָמוניסטישער גרופּע פֿון „בעלאַפּפּ" און די טוער פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ". אַף אייניקע אַזעלכע מאָמענטן דאַרף מען זיך דעריבער גענויער אָפּשטעלן.

בײַם דעם איניען קוויטקאָ האָט זיך לעכאַטכילע געקענט אויסדוכטן, אַז עס האָט זיך אָנגעמערקט דער פֿאַרייניקטער פֿראָנט פֿון דער מערהײַט פּראָלעטאַרישע שרײַבער אַפֿן געביט פֿון ליטעראַטור קעגן דעם אָנגריף פֿון רעכטס און אַז די קאָנסאָלידאַציע איז שוין דאָ, אַז זי „ווערט". מיר ריידן דאָ ניט פֿון קליינע פֿעלערן אין דערדאָזיקער קאַמפּאַניע, וועלכע זײַנען געווען דאָ און דאָרט, (וועלכע זײַנען אויך געווען אין דער ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ", וועלכע זײַנען אָבער פֿאַריכט געוואָרן אין גאַנג פֿון קאַמף, פֿעלערן, וואָס זײַנען בכלל ניט געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אַלגעמיינער ליניע פֿון דער אָרגאַניזאַציע אָדער באַזונדערע כאַווײרים, אַף וויפֿל די ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ" האָט איינע פֿון די ערשטע ריכטיק רעאַגירט אַף דעמראָזיקן דורכרים גענויער וועגן דעם—שפּעטער). די קאַמפּאַניע אַרום דער מײַסע קוויטקאָ האָט געהאַט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן אויך דערמיט, וואָס אויך זי האָט געהאָלפֿן אַ שטויס טאָן דערצו, אַז עס זאָל פֿיקסירט ווערן די אויפֿמערקזאַמקײַט אויך אַף אַנדערע רעאַקציאָנערע, און אַנטיסאָוועטישע אַרויסטרעטונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז רעאַגירט געוואָרן אַפֿן איניען האָפּשטיין, עס זײַנען באַצייכנט געוואָרן שעדלעכע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען, עס איז אָפּגעצייכנט געוואָרן דאָס בכלל פֿון האַלקין „וויי און מוט", וואָס אַנטהאַלט רעאַקציאָנערע לידער און רעכילעסדיקע שורעס אַף דער סאָוועטן-מאַכט.

אינדערעמעסן האָט מען דאָ געדאַרפֿט דערוואַרטן, אַז אין דעם זין זאָל קײַן צוזאַמענשטויס ניט פֿאָרקומען אין די פּראָלעטאַרישע ליטעראַרישע רייען, אַז די טוער פֿון דער דער מינסקער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" זאָלן געשטיצט ווערן, ווײַל אַף וויפֿל אונדז איז באַוווּסט, האָבן אַפֿילע די מער אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַרישע שרײַבער און אויך אַפֿילע מיטלויפֿער געהאַלטן, אַז דאָס בכלל לידער איז לויט זײַן אינהאַלט שעדלעך און רעאַקציאָנער. אויסגעלאָזן האָט זיך ניט אַזוי, און עס איז דורך אַנדערע געעפֿנט געוואָרן אַ פֿײַער קעגן די טוער פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ".

דאָס מערקווירדיקע דערבײַ איז, וואָס אָנשטאָט אַ ווידערשטאַנד דעם רעכטן פֿראָנט איז דאָס גאַנצע „שווערע געווער" אַרויסגערוקט געוואָרן קעגן די „מינסקער כאַווײרים". קעגן די זעלבע כאַווײרים, וואָס האָבן די גאַנצע צײַט אומופֿהערלעך געפֿירט דעם קאַמף קעגן רעכטס; דאָס מערקווירדיקע דערבײַ איז, וואָס דערבײַ זײַנען די מינסקער כאַווײרים פֿאַר זייער ריכטיקער שטעלונג צו האַלקינס בוך געקרוינט געוואָרן גלײַכצײַטיק פֿאַר רעכטע און לינקע אָפּנויגלער, און דערבײַ האָט מען ניט אויסגעמיטן אויפֿזוכן יעדע מעגלעכקײַט צו קאָמפּראָמיטירן (כאָטש אָן דערפֿאָלג) די אָנפֿירונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ". מע האָט דערבײַ געוואָלט פֿאַרלייקענען יעדע פּאָזיטיווע דערשײַנונג אין דער אַרבעט פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" און פֿון אירע אָנפֿירנדיקע כאַווײרים, אַרויסשטעלנדיק זיי אַלס די טרעגער פֿון אַלע מעגלעכע אָפּנויגן, שטעמפּלענדיק זיי, ווי „אַנטיפּאַרטעישע אויפֿהעצער".

ניט אומזיסט פּרוּוון זיך איצטער אַנדערע, וואָס האָבן „געליטן" פֿון דער פּאַרטעיִשער אָנפֿירונג פֿון „בעלאַפּפּ", „באַגריבנדן" זייער אָפּאָזיציאָנעלע באַציִונג צו דער פּאַרטייאָנפֿירונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ", „פֿאַרטיפֿנדיק" די באַשולדיקונגען און דערקלערנדיק, אַז דידאָזיקע אָנפֿירונג פֿירט קלוימערשט דורך די אַלטע נאַליטפּאָסטישע ליניע. צי איז עס ניט אַ פּאָשעטע „איבערדיכטונג" פֿון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דעם ניט ריכטיקן לייטאַרטיקל פֿון נ. 10 „פּעטשאַט אי רעוואָלוציאַ", נעמלעך, אַז „די פּאָזיציע פֿון דער נײַ-נאַפּאָסטישער אָנפֿירונג בלײַבט ניט אויסגעקלאָרט, דאָס הייסט אין טאָג, בלײַבט זי די אַלטע און פֿאַרגרײַזטע פּאָזיציע פֿון דעם פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם"—אַ פֿאָרמולירונג

קעגן װעלכער די „פּראַװדאַ“ איז שאַרף אַרױסגעטראָטן?[1]) מע װיל אונדז איצטער צושרײַבן פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם און װאָס נאָר מעגלעך. אָבער דאָס װעט זיך ניט אײַנגעבן, ניט די, װעלכע טוען דירעקט די אַרבעט פֿון אַראָפּרײַסן אונדזער אָנפֿירונג, אויך ניט די, װאָס װילן אויסנוצן דעם קאַמף קעגן אונדז און צודעקן די אײגענע יערידע. און דערשטיקן די זעלבסטקריטיק אין דער ליטעראַטור װעט זיך אויך ניט אײַנגעבן, װײַל דאָס װידערשפּרעכט דער פּאַרטײ־ליניע...

פּרוּװנדיק שטעלן אונטערן סאָפּעק די ליניע פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, האָט מען געניששטערט דאָקומענטן און מע האָט געװאָלט דערװײַזן, אַז אין דעם איניען קװיטקאָ האָבן מיר—װאָס זאָלט איר טראַכטן?—פֿאַרשמירט דעם פּאָליטישן טאָן!.. דערבײַ האָט מען זיך פֿאַרופֿן דעריקער אַף דער רעזאָלוציע פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ װעגן דאָזיקן איניען. לאָמיר אינדערעמעסן אַ קוק טאָן װי די זאַך זעט אויס. נאָך מאָסקװע איז די פֿראַגע װעגן קװיטקאָס „שאַרזשן“ באַהאַנדלט געװאָרן אַף דער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“. װאָס איז אַף דער פֿאַרזאַמלונג געזאָגט געװאָרן? פֿון באַריכט, װאָס איז אָפּגעדרוקט אין „אָקטיאַבר“ און װעלכער גײט אונטערן קעפּל „קעגן אַנטיסאָװעטישער רעכילעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור“, איז קלאָר, אַז שוין אין די אַרויסטרעטונגען איז געגעבן געװאָרן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג דעם קװיטקאָ־איניען. די אײנציקע אַרויסטרעטונג אַף דער פֿאַרזאַמלונג, װאָס האָט געזאָלט פֿאַרשמירן דעם פּאָליטישן טאָך פֿון דער זאַך, האָט באַקומען אַ װידערשטאַנד. מיר לײענען אין באַריכט: „כ' דוגעק שטרײַכט אונטער דעם אָרט פֿון קװיטקאָס שאַרזשן אין דער אַלגעמײנער קײט פֿון ליטעראַרישע דערשײַנונגען מיט אַ רעכטן אַנטיפּראָלעטאַרישן אינהאַלט...“ אַלזאָ—ניט פֿאַרשמירט און אַפֿילע ניט בלויז „ליטרעכילעס“, נאָר—אַ דערשײַנונג מיט אַן אַנטיפּראָלעטאַרישן (אָביעקטיװ) אינהאַלט! אַף דערזעלבער פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַרשאַרפֿט געװאָרן די פֿראַגע װעגן דער ליטעראַטור־אָנפֿירונג בִכלל. אויב מע זאָל דעריבער ניט רעכענען דעם ליאַפּסוס־אויסדרוק „פּאַמפֿלעטישע שאַרזשן“ אין דער רעזאָלוציע פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, אַן אויסדרוק, װעלכער ענדערט אָבער ניט אַף אַ האָר דעם אינהאַלט פֿון דער רעזאָלוציע, איז די רעזאָלוציע אַ דורכויסריכטיקע, װײַל זי זאָגט קלאָר, אַז „קװיטקאָ פֿילט זיך באַלעסטיקט פֿון דער פּאַרטײיש־פּאָליטישער אָנפֿירונג“, אין איר איז אָן צװײדײַטיקײט געזאָגט, אַז דורך די שאַרזשן איז קװיטקאָ געװאָרן „דער רופֿאָר פֿון די עלעמענטן, װאָס װילן זיך אַרויסבאַפֿרײַען פֿון דער אָנפֿירונג“[2]) א.א.װ. א.ד.גל. צי איז פֿאַראַן אַ גרונט אַזעלכע פֿאָרמולירונגען פֿאַררעכענען װי פֿאַרשמירנדיקע? בעשומויפֿן ניט! מען האָט אונדז פֿאָרגעװאָרפֿן, אַז אין דער רעזאָלוציע איז ניטאָ קײן פּונקט װעגן אַראָפּנעמען קװיטקאָ פֿון דער אַרבעט פֿון „דער רויטער װעלט“. ריכטיק. אָבער דער פּאָליטישער טאָך באַשטײט דאָך דעריקער אין באַשײַכן דעם אינהאַלט פֿון קװיטקאָס טאַט. און אויך דער פֿעלער װעגן אָרגאויספֿירן איז אויסגעבעסערט געװאָרן אַף דער קאָנפֿערענץ פֿון דער ליטעראַרישער יוגנט צוזאַמען מיט דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, װוּ ס'איז פֿאַרשריבן געװאָרן אין דער רעזאָלוציע: „די קאָנפֿערענץ האַלט, אַז די שרײַבער קװיטקאָ און האָפֿשטײן זײַנען ריכטיק אַראָפּגענומען געװאָרן פֿון דער אַרבעט אין די רעדקאָלעגיעס פֿון די זשורנאַלן „רויטע װעלט“ און „פּראָליט“[3]).

מיר װעלן פֿאַרצײכענען נאָך אַ פּאָר פֿאַקטן, װאָס רײדן קעגן דערדאָזיקער „אינקרימינירונג“: װען ס'איז אָפּגעדרוקט געװאָרן דער בריװ פֿון אָרלאַנד און מײַעראָװיטש װעגן קװיטקאָ־איניען, אַ בריװ פֿון װעלכן די אַװטאָרן האָבן שפּעטער אַלײן זיך אָפּגעזאָגט,

1) זע דעם נומ. 1 „שטערן“ פֿון דעם יאָר, אַרטיקל „פֿאַר קאָנסאָלידאַציע“.

2) זע „אָקטיאַבר“ נומ. 211 פֿון 15־טן סענטיאַבר 1929.

3) „אָקטיאַבר“ נומ. 280 פֿון 8־טן דעקאַבר 1929.

האָט דער כ׳ רובינשטיין אַף דעם געגנטפּערט מיט אַן אַרטיקל „די אַדוואָקאַטן“; ווען כ׳ עפּשטיין האָט געפּרוווט אין „עמעס“ פֿאַרטײַבן דעם איניען קוויטקאָ, איז דער אַוטאָר פֿון דידאָזיקע שורעס אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מיט אַן אַרטיקל אין „אָקטיאַבר“. אין אַ ריי ווײַטערדיקע אַרטיקלען און רעזאָלוציעס פֿון דיספּוטן, וועלכע זײַנען דורך דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ אָרגאַניזירט געוואָרן, איז פֿאַרורטיילט געוואָרן קוויטקאָס אַרויסטרעטונג. דערדאָזיקער פֿראַגע איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן אַן אָרט אין אונדזערן אַן איבערזיכט-אַרטיקל פֿון דער ליטעראַטור אין פּסס״ר. צי קען נאָך אַלעם דעם, בלויז אַפֿן גרונט פֿון אַ פּעלערהאַפֿטן וואָרט אָדער אויסדרוק, אָפּגעפֿרעגט ווערן די ריכטיקע ליניע פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“? בעשומויפֿן ניט.

אַזוי אַרום קען מען פֿעסטשטעלן: אין איר גאַנצער אַרבעט האָט די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ זיך אָריענטירט דורך די פּאַרטיי-דירעקטיוון, דורך די אויפֿגאַבעס אין דער ליטעראַטור-פּאָליטיק וועלכע ס׳דיקטירט דער פּעריאָד פֿון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

מע האָט אונדז אויך געפּרוווט פֿאָרוואַרפֿן אין ניט ריכטיקן צוגאַנג צום מיטלויפֿער. די ליטעראַרישע דאָקומענטן פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, ווי אויך רעזאָלוציעס סײַ פֿון „בעלאַפּפּ“, אַזוי פֿון מיטינגען און מאַסן-פֿאַרזאַמלונגען, וואָס זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, דאָסגלײַכן די פּראַקטיק פֿון אונדזער אַרבעט, רעדט קעגן אַזעלכע באַשולדיקונגען. בײַ אונדז איז געטאָן געוואָרן וואָס נויטיק, קעדיי דערנעענטערן די מיטלויפֿער צו „בעלאַפּפּ“ און צו דער פּאַרטיי. ניט אומזיסט באַטייליקן זיך שטענדיק אין דער מאַסן-אַרבעט פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ אויך די ניט-אָרגאַניזירטע, נאָענטע צו אונדז שרײַבער. מיר האָבן אָפּגעוואָרפֿן דעם אולטראַ-„לינקן“ צוגאַנג, אַז צוזאַמען מיט פֿאָרשטייער פֿון „בעלאַפּפּ“ טאָרן, קלוימערשט, ניט אַרויסטרעטן קײַן נאָענטע אונדז מיטלויפֿער. גלײַכצײַטיק דערמיט האָבן מיר געפֿירט און וועלן פֿירן אַ פּרינציפּיעלן קאַמף מיט פֿאַלשע נאַציאָנאַליסטישע און ניטפּראָלעטאַרישע טעאָריעס פֿון מיטלויפֿערישע שרײַבער.

מיר קענען בעשומויפֿן ניט בלײַבן טאָלעראַנט צו אַן אַרויסטרעטונג, וואָס האָט אַ רעאַקציאָנערן אָדער אַנטיסאָוועטישן קערנדל. אַזאַ מין צוגאַנג וואָלט מער ניט געדינט צו אָפּשוואַכן אונדזער וואַכזאַמקײַט. מיר וואָלטן געווען אין בעסטן פֿאַל פּאָליטישע אויפּעלעך, ווען מיר זאָלן פֿאַרגעסן אָן דעם, אַז ס׳עקזיסטירט אַ פֿײַנטלעכער באַדראָענדיקער קלאַס, וועלכער פּרוווט זיך אײַנהאַלטן זײַנע פּאָזיציעס, ווען מיר זאָלן פֿאַרגעסן די געפֿאַר, וואָס באַדראָט אונדזער ליטעראַטור מיצאַד דער קלאַסן-פֿײַנטלעכער אידעאָלאָגיע.

* * *

אַ וויכטיקע פֿראַגע איז אויך—די פֿאַרבינדונג פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ מיט די ייִדסעקציעס פֿון „מאַפּפּ“ און „וואָפּפּ“. מע דאַרף זאָגן, אַז אין דעם זין עקזיסטירט אַן אַבסאָליוטער בלויז. ס׳פֿאַלט אַף אונדז די שולד—פֿאַרוואָס מיר האָבן זיך ניט דערשלאָגן קײַן פֿעסטע פֿאַרבינדונג. אַז דידאָזיקע פֿראַגע שפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָל, איז איבעריק צו ריידן. ס׳פֿעלט די פֿאַרבינדונג צווישן אונדז מיט דער „מאַפּפּ“ און „וואָפּפּ“-סעקציעס, ס׳פֿעלט די קעגנזײַטיקע סיסטעמאַטישע אינפֿאָרמאַציע, ס׳פֿעלט די באַלײַכטונג פֿון דער אַרבעט אין דער פּרעסע (כאָטש די ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ“ האָט מער-ווייניקער איר אַרבעט אַרויסגעטראָגן פֿאַר דער עפֿנטלעכקײַט). צופֿיל „קאָנספּיראַציע“ און ווייניק זעלבסטקריטיק—אַזוי דאַרפֿן מיר זאָגן וועגן אַלע אונדזערע „אָטריאַדן“, בעסויכאַם וועגן דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“.

* * *

דאָס זײַנען אין קורצן אייניקע סאַכאַקלען פֿון אונדזער אַרבעט. אויב מען זאָל ניט ריידן דעטאַל וועגן אונדזערע אויפֿגאַבעס אַף ווײַטער, וועלכע וועלן מינאַסכאַם ברייט באַהאַנדלט ווערן אַף דער פֿאָרשטייענדיקער אַלפֿאַרבאַנדישער באַראַטונג פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער, איז נויטיק אונטערשטרײַכן איין צענטראַלע אויפֿגאַבע, וועלכע איז ניט אַזוי אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע, ווי אַ פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטלעכע—דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון קאָנסאָלידירן די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור-קרעפֿטן אין אַלפֿאַרבאַנדישן מאַסשטאַב. נאָר דורך אַן איינהײַטלעכן פֿראָנט פֿון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, באַ אַ ברייט צעוויקלטער זעלבסטקריטיק, איז מעגלעך אינדערעמעסן מיט דערפֿאָלג דורכפֿירן די ליניע פֿון פּאַרטיי אין דער ליטעראַטור. קײַן קאָנסאָליזאַציע האָבן מיר נאָך דערווײַל ניט. דערפֿון לײַדט די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" און אויך די איבעריקע ייִדסעקציעס. מע דאַרף זאָגן, אַז אין דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" גופֿע און אין איר קאָמוניסטישן טייל, זײַנען קײַן שום פּרינציפּיעלע צאַנקערײַען ניטאָ. די דאָזיקע קאָנסאָלידאַציע איז באַשאַפֿן געוואָרן ניט אַפֿן גרונט פֿון געשעפֿטלערײַ, נאָר אַפֿן יעסאָד פֿון אַן איינהײַטלעכער פּרינציפּיעלער אײַנשטעלונג. און דערמיט דאַרף מען אין אַ גרויסער מאָס דערקלערן דעם פֿאַקט, וואָס ניט געקוקט אַף פֿאַרשיידענע נעגאַטיווע מאָמענטן, זײַנען דאָך אין דער אַרבעט אין ווײַסרוסלאַנד פֿאַראַן קענטיקע דערגרייכונגען, וועלכע קיינער וועט ניט קענען פֿאַרלייקענען. וואָס איז שײַעך דער קאָנסאָלידאַציע איבערן גאַנצן פֿראָנט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, איז זי נאָך ניט פֿאָרגעקומען אין טאָך דערפֿאַר, ווײַל ס'זײַנען אין אונדזער ליטעראַטור-וויסנשאַפֿט און ליטעראַטור-קריטיק נאָך גילטיק ניטריכטיקע פּרינציפּיעלע פֿאָרמולירונגען און האַנאָכעס. מע דאַרף זאָגן, אַז אַפֿן געביט פֿון מאַרקסיסטישער טעאָריע איז באַזונדערס אין דער ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ" זייער ווייניק געטאָן געוואָרן.

קעדיי זיכערן די דערפֿאָלגרײַכע אַרבעט אַפֿן פֿראָנט פֿון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דאַרף מען אָפּראַמען פֿון וועג די שעדלעכע אידעאַליסטישע, ייִדישיסטישע און אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן. דאָס וועט צוגרייטן די פּרינציפּיעלע פּלאַטפֿאָרם פֿאַר דער קאָנסאָלידאַציע פֿון די קרעפֿטן אַפֿן פֿראָנט פֿון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. דאָס דאַרף זײַן אַ צענטראַלע אויפֿגאַבע פֿאַר דער ייִדסעקציע פֿון „בעלאַפּפּ", אַף וויפֿל זי בילדעט אַ טייל פֿון דעם אַלגעמיינעם פֿראָנט.

---

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער שעפֿערישער אַרבעט.

באַ די שרײַבער פֿון ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ" איז צו זען אַ באַשטימטן, כאָטש לאַנגזאַמען, וווּקס און אַ פֿאַרקרעפֿטיקונג פֿון דער שאַפֿונג-אַרבעט. איזי כאַריק האָט זײַן קומען אין ווײַסרוסלאַנד און דאָס אַרײַנטרעטן אין „בעלאַפּפּ" באַצייכנט מיט אָפּדרוקן די פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן", אַ פּאָעמע, וועלכע שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ וויכטיקן עטאַפּ אין כאַריקס שאַפֿן, אַ וויכטיקן שריט אין זײַן גאַנג צו אויפֿדעקן מאָמענטן פֿון אונדזער רעקאָנסטרוקציע-עפּאָכע און קולטור-רעוואָלוציע, אַ צושטייער דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פֿון פֿ.ס.ס.ר. די ערשטע פֿראַגמענטן אין כאַריקס נאָך ניט פֿאַרעפֿנטלעכטער נײַער פּאָעמע זײַנען ווידער אַן אַדערוף אַף זײַן ווײַטערדיקן וווּקס. כאַריק האָט אין דער געדיכטעניש פֿון אונדזער לעבן, זײַענדיק פֿאַרבונדן מיט קאָמפּאַקטע אַרבעטער-מאַסן, אָנגעשעפּט רײַכן מאַטעריאַל אומיטלבאַר פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, און זײַן נײַע טעמע, וועלכע איז געבויט אַף אַ וויכטיקן איבערברוך-מאָמענט אין אונדזער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע—אַף דעם אַנטגילטיקן ליקווידירן די רעשטן פֿון רעליגיעזן שטייגער דורך די סאָציאַליסטישע שאַפֿונג- און שטייגער-פּראָצעסן—אַנטפּלעקט אַ נײַע געוואַגטע פֿאַרמעסטונג פֿונם דיכטער.

ס'האָבן פֿאַרגעזעצט זייער אַרבעט די כ"כ אָרשאַנסקי, דאָלגאָפּאָלסקי, מײזל—די אַזוי גערופֿענע עלטערע גרופּע. אַלע דרײַ האָבן פֿאַרן לעצטן פּעריאָד אָפּגעדרוקט ווערק, כּוֹח באַזונדערע אַרבעטן אין צײַטונגען און זשורנאַלן. אָרשאַנסקי און דאָלגאָפּאָלסקי האָבן אָנגעשריבן פּיעסן פֿאַר דער ייִדישער בינע („בלוט" און „מאַשינעס-געראַנגל"). אָרשאַנסקי האָט אויך געגעבן אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן דער ייִדישער נאָך-אָקטיאַבער-פּאָעזיע אין ווײַסרוסלאַנד (ווערט געדרוקט אין 5-טן באַנד „צײַטשריפֿט" פֿון דעם ייִדסעקטאָר בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע).

פֿון אונדזערע יונגע האָט זיך בולעט און פֿילצוזאָגנדיק אַנטפּלעקט דער כוואַער עליע קאַהאַן. אַ ריי זײַנע דערציילונגען זײַנען אָפּגעדרוקט אין „שטערן" און „אָקטיאַבער". פֿון שילדערן שטייגער-מאָמענטן גייט ער איבער צו מער בולעטע סאָציאַלע מאָטיוון. אַ שטויס דערצו האָט אים געגעבן דאָס דערנענטערן זיך צום פּראָדוציר-לעבן פֿון די מאַסן. דאָס האָט אים אָפּגעעפֿנט דעם וועג צו אַ טעמע, צו אַ סאָציאַל-געזאַפּטן שטאָף, נאָך וועלכן ער איז אַזוי דורשטיק. עליע קאַהאַן זאָגט צו אַ גוטע קינסטלערישע אַקטועלע נאָוועלע, און עפּשער אַ גרעסערע דערציילונג.

עס האָבן געמאַכט ווײַטערדיקע טריט די כ"כ ז. וויטענזאָן, מ. ליפּשיץ, שימען גאָרעליק, לייב טאַלאַלײַ, אײַזיק קאַהאַן, א. יודלסאָן, קאַמענעצקי... די ערשטע דרײַ מאַכן „שווערע טריט". וויטענזאָן האָט זיך באַוויזן מיט פּראָזע, און כאָטש, ער האָט זיך אידעאָלאָגיש אויסגעגליטשט מיט זײַן פֿראַגמענט „דרײַעק", איז דאָך פֿאַראַן אַ זיכערקײַט, אַז ער וועט זיך קענען רעאַביליטירן. וויטענזאָן איז צוגעקומען האַרט צו אַן אַקטועלער טעמע און ער אַרבעט אַף מאַטעריאַל פֿון אונדזער בויונג. דערמיט איז צו דערקלערן די האַפּסאָקע אין זײַן שאַפֿן. מ. ליפּשיץ גייט אָפּן וועג פֿון פֿילאָסאָפֿיש-באַהויכטער ליריק. דאָס וואָלט געווען גאָר גוט, ווען עס זאָל זיך פֿעלן דער אַנאַרכיסטישער „עקל", וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָך ליפּשיצן. שימען גאָרעליק האָט דער ערשטער פֿון די יונגע געגעבן דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ווײַסרוסלאַנד אַ נאָוועלע פֿון איצטיקן אַרבעטער-לעבן, נאָר ער פֿאַרנעמט זיך נאָך דערווײַל מיט דעם אָפּגעשטאַנענעם און פֿון קליינבירגערטום געקומענעם אַרבעטער און דעריקער—ער האָט נאָך ניט קיין מעגלעכקײַט פֿאַרטיפֿטער אַרבעטן איבער אַ ווערק (ש. גאָרעליק אַרבעט אָפּן פֿאַבריק). גאָרעליק וועט אונדז געבן אַ טאַלאַנטפֿולע דערציילונג פֿון פֿאַבריק, מע מוז אים העלפֿן אַרבעטן איבער זיך.

ל. טאַלאַלײַ איז געוואָרן אַ דיכטער. זײַן ליד האָט שוין באַקומען אַ יאָדערל, זי איז באַלויכטן מיט אַ געדיכטער עמאָציאָנעלער באַפֿאַרבונג. ל. טאַלאַלײַ האָט אָפּגעוואָרפֿן נאַציאָנאַלע ווייטיקן, האָט זיך געפּרוווט אינגאַנצן צעזעגענען אַפֿילו מיט „בלויקײַט", וואָס איז שוין אַבסאָליוט ניט נויטיק, אָבער—דעריקער: ער איז געוואָרן באַהעפֿט צו די „טרוימען" פֿון פּראָלעטאַריאַט און דערנענטערט זיך צו בויונג-טעמאַטיק.

אײַזיק קאַהאַן מאַכט דורך אַ גילגול און גייט איבער פֿון דיכטונג צו דערציילונג. זײַן ליד האָט דורכגעמאַכט אַ קנאַפּע עוואָלוציע, כאָטש זי האָט ניט געהאַט פֿאַרלאָרן אינגאַנצן איר רעזאָנאַנס, דערפֿאַר, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט איר באַזונדערן דאָרפֿיש-ייִשוביש-קאָלאָריט. אין פּראָזע, דאַרף מען רעכענען, האָט ער זיך געפֿונען.

עס האָט זיך אײַנגעבירגערט אין אונדזער דיכטערישער מישפּאָכע דער יונגער א. יודלסאָן. אַ געקומענער פֿון „יענער זײַט", טיילט ער זיך אויס אין דער יונגער דיכטונג מיט פּאַטאָס, וואָס קומט צו אים פֿון פֿרייד מיט סאָוועטן-לאַנד, און כאָטש דאָס וואָרט איז נאָך בײַ אים ניט אַזוי נײַ און רײַך, איז ער אָבער אָנגעגליט מיט אַ גרויסער וואַרעמקײַט.

עס איז צוגעקומען אין דער „בעלאַפּפּ"-גרופּע דער כ' ראָסין. ער האָט אין דעם נומער „שטערן" אַ ליד, וואָס דעמאָנסטרירט זײַן ליכטיקן דיכטערישן קאַפּיטל... ראָסין איז פֿון די שרײַבער, וואָס זאָגן זייער וואָרט נאָך דעם, ווי עס איז פֿעסט געמאָסטן און געוויגן

געוואָרן אַף די שאָלן פֿון דיכטערישן באַוווּסטזײַן, און דאָס גאַראַנטירט זעלבסטקריטישע באַציִונג און דראַנג פֿאָרויס.

אָט אַזוי וואָלט מען געלויפֿיק געקענט פֿאַרסאַכאַקלען דעם „אַקטיוו" און די אַנטוויקלונג פֿון דער שעפֿערישער אַרבעט אין דער יידסעקציע „בעלאַפּ". כּוֹץ דיכטונג און בעלעטריסטיק האָבן מיר אויך אייניקע פֿאָרשריטן אין געביט פֿון קריטיק און ליטעראַרישער פּובליציסטיק, עס איז אויך פֿאַרגרעסערט געוואָרן די גרופּע כאַווײרים, וואָס אַרבעטן אין דידאָזיקע צווײַגן. צי קענען מיר זײַן באַפֿרידיקט מיט די דערפֿאָלגן? באַזונדערס באַפֿרידיקן אונדז ניט די שוואַכע טעמפּן, די שעפֿערישע „ניטבאַוועגלעכקײַט", אַף וועלכע עס לײַדן אַנדערע אונדזערע שרײַבער, די אידעאָלאָגישע בלוטאָרעמקײַט, וואָס לאָזט זיך אָפּט פֿילן, די ניטגענוגנדיקע אָריענטאַציע אַף דער אַרבעטער-טעמאַטיק.

וואָס איז שײַעך דער נעבן-בעלאַפּישער ליטעראַטור—און אַזוי קען מען אָנרופֿן די ניטאָרגאַניזירטע יידישע שרײַבער פֿון מינסק—איז דאָ אויך אין אַלגעמיין פֿאַראַן אַן איבערברוך צום גוטן. ז. אַקסעלראָד האָט זיך אַ קער אָפּגעטאָן פֿון זײַנע אַלטע טרויערמאָטיוון. אין אים ווערט אַלץ רײַפֿער אַ געזונטער נויג צו אונדזער איצטיקער פֿריידיקער בויונג-צײַט. אַקסעלראָד איז יונג, און זײַן איבערברוך קען פֿאָרקומען אָן גרויסע קריזיסן. מ. קולבאַק האָט זיך געווענדט צוריק צו זײַנע רעוואָלוציאָנער-פּאַטעטישע לידער און האָט אויך גענומען אַן אַנטשיידענעם קורס אַף פּראָזע מיט אַ האָרעפּאַשנער-פּראָלעטאַרישער טעמאַטיק, ער אַרבעט אַף גרעסערע פּראָזע-ווערק פֿון סאָוועטישן שטייגער און סאָציאַליסטישער בויונג... מיר דערמאָנען דאָ ניט אַלעמען, מיר באַצייכענען ניט אַלץ, מיר ריידן בלויז וועגן טענדענצן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס גאַראַנטירט אונדז נאָך ניט פֿון קײַן שום געפֿאַרן און שעדלעכע רעציִדיוון.

דער געביט פֿון שאַפֿן איז דער צענטראַלער פֿאַר יעדער ליטעראַרישער אָרגאַניזאַציע, באַזונדערס פֿאַר אַ פּראָלעטאַרישער, אַף וויפֿל די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור ווערט נאָך איצט אויפֿגעבויט. פֿאַרדינען די העגעמאָניע אין דער ליטעראַטור קען מען בלויז דורך שעפֿערישער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. און דערצו דאַרף מען מאָביליזירן די קויכעס פֿון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און פֿון יעדן שרײַבער באַזונדער.

אַל. יאַ. נעקראַשעוויטש.

# די וועגן פֿון ווייסרוסישן טעאַטער.

די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, די אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבן געזיכערט דעם שטורמישן וווּקס פֿון דערווירטשאַפֿט און קולטור באַ די פֿריער-אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן אין דער לאַכלוטן נײַער סאָציאַליסטישער ריכטונג. אָט דערדאָזיקער אַלגעמיינער וווּקס האָט פֿאַרשטייט זיך, מיטגעהאָלפֿן דער אַנטוויקלונג פֿון די באַזונדערע געביטן פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור פֿון די נאַציעס. איינער פֿון די דאָזיקע געביטן איז דער טעאַטער.

ו.ס.ס.ר. האָט פֿאַר די לעצטע יאָרן געהאַט זייער גרויסע דערפֿאָלגן אין דער אַנטוויקלונג און פֿאַרברייטערונג פֿון דער טעאַטראַלער קולטור. צום הײַנטיקן טאָג האָבן מיר זעקס מעלוכע-טעאַטערן: 3 ווײַסרוסישע, 2 יידישע און 1 פּוילישן.

אַף וויפֿל אונדזערע לעזער זײַנען שוין מער-ווייניקער באַקאַנט מיט דער אַרבעט פֿון די יידישע מעלוכע-טעאַטערן (יידישער מעלוכע-טעאַטער און יידישער מעלוכישער וואַנדער-טעאַטער, בפֿראַט מיט אַזאַ אײַנגעגעבענעם טעאַטער, ווי דער יידישער מעלוכע-טעאַטער), ווילן מיר אין דידאָזיקע נאָטיצן באַקאַנען די לעזער מיט דער אַנטוויקלונג, טעטיקײַט און דערפֿאָלגן פֿון די ווײַסרוסישע מעלוכע-טעאַטערן. אַזעלכע טעאַטערן האָבן מיר בײַם הײַנטיקן טאָג אין ו.ס.ס.ר. 3: דער ווײַסרוסישער ערשטער מעלוכע-טעאַטער, ווײַסרוסישער צווייטער מעלוכע-טעאַטער, ווײַסרוסישער מעלוכע-וואַנדער-טעאַטער. קודעםקאָל איז נויטיק באַטאָנען, אַז די פֿאַר-רעוואָלוציאָנערע ווײַסרוסלאַנד האָט ניט געהאַט קיין ווײַסרוסישן טעאַטער. די פּאָליטיק פֿון צאַריזם בענוגייע די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן האָט געשטיקט יעדן, אַפֿילע שוואַכינקן, פּרווו אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטורן, שוין ניט ריידנדיק וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער קולטור. און ווען אין סאָף פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט איז געווען אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן אַ האַלבליבהאָבערישן פּראָפֿעסיאָנעלן טעאַטער (ק. בוינצקעס טרופּע), איז דערדאָזיקער פּרווו גלײַך אין אָנהייב פֿאַרורטײַלט געוואָרן אַף פֿאַרניכטונג און דורכפֿאַל.

צווישן דעם פֿאָלק אָבער האָט געלעבט די אַלטפֿרענקישע פּרימיטיווע טעאַטער-פֿאָרם אינם אויסזען פֿון באַטלעיקע (ליטעראַרישער זשאַנר מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט) און מײַסע.

די שטאָט האָט געהאַט מערסטן סוראָגאַטן פֿון דער מער רײַכערער און שטאַרקער רוסישער טעאַטראַלער קולטור. אַפֿילע דידאָזיקע סוראָגאַטן פֿון טעאַטראַלער קונסט זײַנען געווען ניט צוטריטלעך פֿאַר די ברייטע שיכטן אַרבעטנדיקע און האָבן פֿאַרסאַמט די אידעאָלאָגיע און קינסטלערישן כוש פֿון די אַרבעטער-צושויער, וואָס פֿלעגן שוין טרעפֿן אַף דידאָזיקע שטעלונגען.

דער עמעסער טעאַטער האָט זיך געקענט באַווײַזן און, ווי די פּראַקטיק האָט באַוויזן, קען עקזיסטירן נאָר אין די גרענעצן פֿון סאָוועטן-רעפּובליק. הינטער אירע גרענעצן קען

ער זיך נישט אַנטוויקלען. און ווען מיר זאָלן נעמען אין אַכט די דראַמאַטישע אַלע באַדינגונגען, וועלכע פֿאַרשטענדלעך ווערן יענע שוועריקייטן, וועלכע די פּראָלעטאַרישע קולטור האָט געדאַרפֿט גויוער זיין בייס זי איז צוגעטראָטן צו שאַפֿן דעם ווײַסרוסישן טעאַטער. עס ווערן אויך בולעטער די דערגרייכונגען, וועלכע מיר האָבן אַף דעמדאָזיקן געביט פֿון אונדזער קולטור-בויונג.

דער ערשטער, נישט נאָר לויט דעם נומער, נאָר אויך לויט זײַן געשיכטע, איז דער ערשטער ווײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער. די גרינדונג פֿון טעאַטער פּרוּוון אייניקע זוכן קימאַט אין דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין לעצטן פֿאַל נישט שפּעטער ווי פֿון 1917 י. פֿון זינט דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. אַזאַ אָוועקשטעלונג איז אַבסאָלוט פֿאַלש און שעדלעך, ווײַל נישט אין די צײַטן פֿון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, נישט אין די צײַטן פֿון דער פּוילישער אָקופּאַציע, דאַרף מען זוכן די קוואַלן פֿון ווײַסרו-



פֿאָלק-אַרטיסט פֿון ו.ס.ס.ר. כ׳ האַלובאָק—אָנפֿירער פֿון ווײַסרוסישן וואַנדער-טעאַטער
און כ׳ ראַפּאַלסקי—קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון יידישן מעלוכע-טעאַטער, אין וו. ס. ס. ר.

סישן **סאָוועטישן** טעאַטער. אַזאַ טעאַטער האָט געקענט אַנטשטיין נאָר צוזאַמען מיט דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, נאָר צוזאַמען מיט די סאָוועטן. זוכן וואָרצלען אין אַן אַנדער פּעריאָד, איז בלויז נויטיק די ווײַסרוסישע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע ווילן אַף די דערפֿאָלגן פֿון דער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער קולטור שלאָגן אויך פֿאַר זיך אַ געוויסן קאַפּיטאַל. דאָס איז ענלעך צו דעם, ווי אייניקע פֿון „אונדזערע געלערנטע" האָבן געוואָלט געפֿינען די וואָרצלען און די יערושע פֿון דער ווילנער יעזויטישער אַקאַדעמיע אין אונדזער ווײַסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט און די יערושע פֿון קלימענט סמאָליאַטיטש—אין דער איצטיקער ווײַסרוסישער ליטעראַטור א. א. וו. דאָס זײַנען אַריעס פֿון איין און דערזעלבער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער אָפּערע. דער ווײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער, ווי דער ווײַסרוסישער טעאַטער אין אַלגעמיין, איז אַ קינד פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און נאָר פֿון איר. אַלע פֿריערדיקע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן דעם ווײַסרוסישן טעאַטער, זײַנען געווען פּונקט אַזוי נעבעכדיק און בלוט-אָרעם, ווי עס איז געווען די ווײַסרוסישע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיע.

דאָס ערשטע קינד פֿון אָקטיאַבער—דער וו. מ. ט. I, האָט אַ נענוג לאַנגן שפּעטישן וועג און וועט אינגיכן פֿײַערן דעם 10-טן יאָרטאָג פֿון זײַן עקזיסטענץ. אָט דידאָזיקע גע-

שיִכטע זײַטע, קען מען לויט פֿאָרמעלע צייכנס פֿאַרטיילן אומגעפֿער אַף די פֿאָלגנדיקע עטאַפּן, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זײַן אַנטוויקלונג.

דער ערשטער עטאַפּ (1926-1920) איז אָט דער, ווען דער טעאַטער איז געווען אַן אײנהײַטלעך־קינסטלערישער, ווען מיר זאָלן ניט רעכענען האַלובאָקס ליבהאָבערישן קרײַז, און צוליב דעם האָט ער געשטרעבט פֿאַרייניקן אין זיך אַלע געביטן פֿון קונסט. ער איז ניט נאָר דער טעאַטער פֿון דראַמע און קאָמעדיע, נאָר ער שטרעבט אויך געבן אָפּערע און באַלעט (די שטעלונג "רוסאַלקי", באַלעט־אָוונטן א. א. וו.) אַף אַזאַ אויפֿן איז דער וו. מ. ט. [ אין יענער צײַט געווען אַן אוניווערסאַלער טעאַטער, דאָס דערלויבט אָבער אַבסאָלוט ניט אָנרופֿן אים אין דערזעלבער צייט סינטעטישער טעאַטער. אָבער וועגן דעם אַביסל שפּעטער.

אין דעם ערשטן טייל פֿון דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט זיך דער טעאַטער איבערהויפּט פֿאָרמירט ווי אַ טעאַטער, נאָר פֿאַקטיש האָט ער געדאַרפֿט פֿירן אַ קאַמף פֿאַרן צושויער, פֿאַר זײַן עקזיסטענץ. דערפֿאַר האָט די פּראָדוקציע פֿון יענער צײַט ניט פּרעטענדירט אַף אַ באַזונדערער אָריגינעלקײַט. זי האָט געשטרעבט הויפּטזעכלעך צו זײַן מער ווייניקער אויסערלעך עפֿעקטיוו, אויסנוצנדיק די פֿאָרגייענדיקע טעאַטראַלע קולטור און איר קאָמפּאָזיציע. קיין פֿאָרמעלע אויפֿגאַבעס האָט דער טעאַטער אין יענער צײַט ניט געשטעלט, אויסער דעם, וואָס ער האָט, ס'קען זײַן, עפּשער פּרימיטיוו, אָבער אויסגענוצט, סײַ די ווײַסרוסישע פֿאָלק־אָרנאַמענטיק, סײַ די ווײַסרוסישע פֿאָלקליד. מוסטערן פֿאַר דער כאַראַקטעריסטיק פֿונם דאָזיקן פּעריאָד איז "מאַשעקאַ" א. מיראָוויטשעס און "נאַ קופּאַלע" מ. קודזעלקעס.

דער טעאַטער האָט פֿאַר דערדאָזיקער צײַט דעראָבערט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע פּאָפּולערקײַט און האָט געזיכערט דאָס רעכט אַף עקזיסטענץ. דער צווייטער טייל פֿון דעמדאָזיקן פּעריאָד איז שוין כאַראַקטעריסטיש מיט די פֿולשטענדיקע עקספּערימענטאַלע פּרווון. דאָ זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאָרשטעלונגען, וועלכע זײַנען נאָענט געווען צו די סינטעטישע און האָבן געבראַכט אַף דער ווײַסרוסישער בינע אַ געוויסע, כאָטש אַ געליִנגע, נײַקײַט. די רעזולטאַטן פֿון דער אַרבעט אין דעמדאָזיקן פּעריאָד זײַנען געווען "טשירוואָניע מאַסקי" א. לונאַטשאַרסקיס און "קאַוואַל וואָיעוואָדאַ" א. מיראָוויטשעס. דידאָזיקע אַרבעטן זײַנען געווען אַמערסטן כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם ווײַסרוסישן טעאַטער אין דעם ערשטן פּעריאָד פֿון זײַן אַרבעט.

מע מוז אָבער פֿאָרט אָנערקענען, אַז די אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פֿאַר דעמדאָזיקן פּעריאָד איז די אוניווערסאַלקײַט פֿון טעאַטער, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם אויסנוצן פֿאַרשיידענע אַרטן פֿון סצענישער קונסט (באַלעט, געזאַנג און אַנד.).

דידאָזיקע גאַנץ גרינג קינסטלעריש (אָבער ניט אָרגאַניזאַציאָנעל) אָנגעקומענע פּאָפּולערקײַט און אויך די אינערלעכע באַדינגונגען אין לעבן פֿון טעאַטער (דער היפּש־קאָנסערוואַטיווער פּאַפּאָו, וואָס איז אײַנגעלאַדן געוואָרן אַלס רעזשיסער) האָבן געבראַכט אַף אַ געוויסער צײַט צו אַ קינסטלערישער יערידע פֿון טעאַטער און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם צווייטן פּעריאָד פֿון זײַן אַרבעט. אין דערדאָזיקער צײַט האָט דער טעאַטער, אַזוי צו זאָגן, "גערוט אַף די לאָרבער־קרענץ" פֿון זײַנע פֿריערדיקע דערפֿאָלגן, ניט דיסקאָנטירט דעם וווקס פֿון קינסטלערישן געשמאַק בײַ די אַרבעטנדיקע, דעם וווקס פֿון זײַנע קולטור־באַדערפֿעניש, נײַע פֿאָדערונגען פֿון טעאַטער, און דערפֿאַר איז דער טעאַטער אָפּגעשטאַנען פֿון דער צײַט. צו דעם זײַנען נאָך צוגעקומען ריין־אויסערלעכע באַדינגונגען, ווי די דויערהאַפֿטע, קימאַט ערשטע רײַזע אויסער די גרענעצן פֿון מינסק און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זײַן אינערלעכע רעאָרגאַניזאַציע. די רעזולטאַטן פֿון דערדאָזיקער אַרבעט זײַנען געווען כאָטש די מער הײַנטצײַטיקע פֿאָרשטעלונגען ווי "מיאַטעזש", "לונאַ

ס'לעוואַ", די באַרימטע „קריוואַיאַ יאַבלאָנאַ" און אַנד. אָבער קינסטלעריש אַזוי שלעכט אויסגעפֿורעמטע, אַז ניט געקוקט אַף דער טעמאַטיק, וואָס איז מער וויניקער נאָענט געווען דעם הײַנטצײַטיקן צושויער, זײַנען זיי ניט אופֿגענומען געוואָרן.

מע קען דרייסט זאָגן, אַז דעם דריטן פעריאָד אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעמדראַזיקן טעאַטער האָט געעפֿנט די שטעלונג „זאַפאַיוץ ווערעציאָני"—א. מיראָוויטשעס. אין דערדאָזיקער שטעלונג האָבן זיך נאָך ניט אינגאַנצן בוילעט באַוויזן די נײַע טענדענצן אין דער אַנטוויקלונג פֿון טעאַטער, מיט וועלכע עס זײַנען שוין דורכגעדרונגען די גאַנצע לעצטע אַרבעט פֿון טעאַטער. „בראָנעציאַגניק"—איוואַנאָוס, „איגנע"—גלעבאָוס, „מיזשבוריע"—קורדזינס, זיי אַלע האָבן אַלץ מערער אויסגעפֿאָרמירט זײַן קינסטלערישן פּאָנים פֿון אַ סינטעטישן באַדינגלעך-רעאַליסטישן טעאַטער מיט אַ גענוג הויכער טעאַטראַלער קולטור. די שטערונג באַס אויספֿאָרמירן זיך מער בוילעטער, איז געווען הויפּטזעכלעך יענע ירושע פֿון די פֿריערדיקע פעריאָדן, וועלכע דריקט זיך אויס, ערשטנס, אין דער שטרעבונג צו



1-טער ווײַסרוסישער מלוכע-טעאַטער. אַ סצענע פֿון „צווישן שטורם". קינסטלער—קריין.

גיין מיטן שטראָם און, צווייטנס, אין דעם וועלן דערשלאָגן זיך אַ פֿולשטענדיקן אײַנפֿלוס אַפֿן צושויער ניט דורך די מיטלען פֿון טעאַטראַלער קונסט, נאָר ווידעראַמאָל דורכן מעכאַנישן פֿאַרייניקן די „עפֿעקטיווע" אויסערלעכע מיטלען: אַרײַנפֿירן אין דער באַרעכטיקטער קינסטלערישער נויטווענדיקײַט נומערן פֿון באַלעט, געזאַנג און אַז.וו. („זאַפאָיוץ ווערעציאָני"). דאָ איז נויטיק, צווישן אַנדערן, אָפּצייכענען, אַז דאָס, וואָס דער טעאַטער האָט זיך לעצטנס באַפרײַט פֿון דידאָזיקע טראַדיציעס פֿון אויסערלעכע עפֿעקטן, האָט ניט נאָר ניט געשאַרט דעם טעאַטער אין זײַן ווירקונג אַפֿן צושויער, נאָר פֿאַרקערט, האָט אים באַדײַטנדיק געהאָלפֿן, מאַכנדיק דעם טעאַטער ניט פֿאַר אַ „פֿאַרווײַלונג"-טעאַטער, נאָר פֿאַר אַ דערציערישן. דערפֿאַר איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך אופֿגעשווומען די פֿראַגע וועגן אַ באַזונדער צעך פֿון באַלעט.

ווען מיר זאָלן באַטראַכטן די אַרבעט פֿון דעמדראָזיקן טעאַטער לויט דער אידעאָלאָגישער ליניע, וועלן מיר דאָ באַמערקן צוויי עטאַפּן. דער ערשטער עטאַפּ איז, אַזוי צו זאָגן, דער באַנײַערישער (адноўленчы), ווען אין דעם טעאַטער האָט מערסטנס געהערשט דער רעפּערטואַר פֿון „ווידערגעבורט" („מאַשעקאַ", „נאַ קופּאַלע", „קאַסטוס קאַלינאָווסקי", טיילווײַז „קאוואַל וואַיעוואָדאַ") און אַנר.). ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז שוין אין דעמדראָזיקן פּע-

ריִאָד הויבט זיך אָן צו שאַפֿן לויטן איִנהאַלט, דער פּראָלעטאַריִשער רעפּערטואַר („טשיר־וואָניִע מאַסקיִ“, „פּעראַמאָגאַ“). דערדאָזיִקער פּעריִאָד איִז כאַראַקטעריִסטיִש מיִט זײַן איִדעאָלאָגיִשער ניִט אויסגעשטאַליִרטקײַט, מיִטן בלאָנקען צוויִשן פֿאָלקיִזם און הײַנטצײַטיִקײַט, מיִט אָפּנויגן צום נאַציִאָנאַל־דעמאָקראַטיִזם.

דער צווייטער פּעריִאָד פֿאַלט צונויף אַגעוו מיִטן דריִטן פּעריִאָד פֿון זײַן פֿאָרמעלער אַנטוויִקלונג. איִן דעמדאָזיִקן פּעריִאָד הויבט אָן דער טעאַטער אַלץ מער אַנטשיידענער פֿאַרנעמען פּראָלעטאַריִשע פּאָזיִציעס. איִן היִנזיִכט פֿון אויסקלײַבן דעם רעפּערטואַר („בראָנעציאָנניק“, „זאַפּאַיִוק ווערעציאָניִ“ און אַ געוויִסער טייל פֿון „איִנגאַ“ און „מיִזשבוריע“). צו דעמדאָזיִקן איִבערגאַנג אַף די נײַע איִדעאָלאָגיִשע פּאָזיִציעס איִן היִנזיִכט פֿון אָפּקלײַבן דעם רעפּערטואַר, האָט דעם טעאַטער געשטויסן די גאַנצע אַנטוויִקלונג פֿון אונדזער סאָציאַליִסטיִשער בויונג. דערדאָזיִקער פּעריִאָד איִז אָבער דאָך ניִט פֿרײַ פֿון אַ גאַנצער ריי איִדעאָלאָגיִשע גליִטשן.

אַזוי לעפּיִערעך קען מען אונטערפֿיִרן אַ סאַכאַקל איִן אָפּשאַצן דעם וועג, וועלכן עס האָט פֿאַר דערדאָזיִקער צײַט דורכגעמאַכט דער עלטסטער סאָוועטיִשער טעאַטער—דער ווײַסרוסיִשער ערשטער מעלוכע־טעאַטער.

באַ הײַנטיִקן טאָג אַרבעט דער וו.מ.ט. I איִן האָמעל, ער איִז דאָרט זייער פּאָפּולער צוויִשן די אַרבעטנדיִקע. קימאַט אַלע שטעלונגען פֿון דעמדאָזיִקן טעאַטער ווערן פֿאַרפֿולט מיִטן אָרגאַניִזיִרטן פּראָפֿאַרייניִשן צושויער. הײַנטיִקס יאָר באַשטייט דער רעפּערטואַר פֿון טעאַטער פֿון פֿאָלגנדיִקע פּיעסן: „זאַפּאַיִוק ווערעציאָניִ“—א. מיִראָוויִטשעס, „מאָסט“—ראָמאַנאָוויִטש נס, „איִנגאַ“—גלעבאָווס, „מיִזשבוריע“—קורדוּיִנס (אַגעוו איִז עס די ערשטע שטעלונג איִן סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וואָס מאָלט דאָס לעבן פֿון דער רויטער אַרמיי איִן דער פֿריִדלעכער צײַט), „יאַראָסאַק“—יאַלאָצעווס, „קאַוואַל וואָיעוואָדאַ“—א. מיִראָוויִטשעס, „קאַסטוּס קאַליִנאָווסקיִ“—א. מיִראָוויִטשעס (פֿון שטעלונג אַראָפּגענומען), „נאַר ניאָמנאַם“—מ. גראָמיִקעס און אייניִקע פּיעסן פֿון פֿריִערדיִקן רעפּערטואַר. דעם קומענדיִקן סעזאָן 1930-1931 וועט דער טעאַטער אַרבעטן איִן וויִטעבסק.

די דערפֿאָלגן איִן דער סאָציאַליִסטיִשער בויונג פֿון סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, דער וווּקס פֿון די קולטורעלע פֿאָדערונגען מיִצאַד די אַרבעטנדיִקע שוין איִן די ערשטע יאָרן פֿון פֿריִדלעכער בויונג האָבן באַוויזן, אַז איין ווײַסרוסיִשער טעאַטער וועט ניִט בעקויעך זײַן צו באַפֿרידיִקן אַלע פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטנדיִקע. דערפֿאַר האָט זיך איִן 1921 יאָר איִן מאָסקווע געשאַפֿן אַ ווײַסרוסיִשע טעאַטראַלע סטודיע, וועלכע האָט צוערשט געזאָלט צוגרייטן נײַע קאַדרען פֿאַר דעם ווײַסרוסיִשן טעאַטער און איִז דערנאָך, איִן 1926 יאָר, בעצוווּנגען געווען פֿאַנאַנדערצוּוויִקלען זיך איִן אַ זעלבשטענדיקן קיִנסטלעריִשן איינס. און אַזויאַרום האָט זיך געשאַפֿן דער ווײַסרוסיִשער צווייטער מעלוכע־טעאַטער.

וועלכע פֿאָדערונגען האָט געשטעלט די פּראָלעטאַריִשע געזעלשאַפֿטלעכקײַט צו דער ווײַסרוסיִשער סטודיע? דידאָזיִקע פֿאָדערונגען קען מען אײַנטיילן אַזוי: ערשטנס, צוגרייטן די סטודענטן פֿאַר הײַנטצײַטיִקע סאָוועטיִשע אַקטיאָרן, וואָס זײַנען פֿעיִק פֿאַרווירקלעכן איִן טעאַטער די גענעראַלע פּאַרטיי־ליִניע און אויפֿבליִען די נײַע פּראָלעטאַריִשע קונסט; צווייטנס, אויסנוצן צוליב דעם די פֿריִערדיִקע בורזשואַזע קולטור פֿון רוסיִשן טעאַטער, וועלכע איִז מער קאָנצענטריִרט פֿאַרגעשטעלט געווען איִן 2־טן מאָסקווער קיִנסטלעריִשן טעאַטער. באַ דעמדאָזיִקן טעאַטער איִז געשאַפֿן געוואָרן די סטודיע און זי האָט געדאַרפֿט אַריִבערטראָגן די קולטור און איִבערגעאַרבעט ווערן איִן העסקעם מיִט די אויפֿגאַבעס פֿון דער פּראָלעטאַריִשער רעוואָלוציע אַף דער ווײַסרוסיִשער ביִנע.

און איִצט, נאָך דער דרײַיאָריִקער עקזיִסטענץ פֿון דערדאָזיִקער סטודיע, שוין איִן דעם געשטאַלט פֿון אַ זעלבשטענדיִקן מעלוכע־טעאַטער, איִז צו זען, אַז קיין איינע פֿון דידאָזיִקע אויפֿגאַבעס האָט די סטודיע, ווי געהעריִק דערווײַל ניִט אויסגעפֿיִלט. און שולדיִק איִן דעם

איז ניט נאָר די סטודיע. די שולד פֿאַלט קימאַט אינגאַנצן אַף אונדזער פֿאָלקאָמבילד. די שולד איז געווען אָט אין וואָס.

ביים דער וועדבירונג אין סטודיע, האָט דער פֿאָלקאָמבילד ניט געשטעלט אַנטשיידן די אויפֿגאַבע פֿון ווערבירן אַהין אין דער ערשטער ריי פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. מע האָט ווערבירט פֿון פֿאַרשיידענע און אָפֿט ניטפּראָלעטאַרישע שיכטן, אויב ניט לויט דער סאָציאַלער לאַגע, איז לויט דער וועלטאָנשויונג. יענע אונדזערע מענטשן, וועלכע האָבן געטראָפֿן אין סטודיע, עמעס, צופֿעליק (עס זײַנען געשיקט געוואָרן עטלעכע קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן), זײַנען געוואָרפֿן געוואָרן אַף אידעאָלאָגישער „פֿאַרצוקונג" אָדער פֿון דעם רעאַקציאָנערן טייל פֿון די סטודיאַנטן אָדער פֿון די ספּעציאַליסטן, לעקטאָרן פֿון „מכאַט", וועלכע זײַנען געווען גאַנץ ווײַט פֿון אונדז.

עס איז אויך ניט געזיכערט געווען די אַדמיניסטראַטיווע אָנפֿירונג מיט דער סטודיע. די דאָזיקע אָנפֿירונג איז געווען אַ צופֿעליקע און אַ גאַנץ שוואַכע. און אויב מע זאָל נאָך דערצו צוגעבן, אַז אין סטודיע ווו עס זײַנען געווען עטלעכע פּאַרטייער און קאָמיוגיסטן, האָט זיך ניט געפֿירט קיין שום פּאַרטעיִשע אַרבעט, וועט דאָס בילד ווערן אינגאַנצן בוילעט. דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דעם, אַז סײַ די ערשטע און סײַ די צווייטע אויפֿגאַבעס, וואָס זײַנען געשטאַנען פֿאַר דער ווײַסרוסישער סטודיע, זײַנען ניט אויסגעפֿילט געוואָרן אין דער געהעריקער מאָס. דער פּראָלעטאַריאַט פֿון ווײַסרוסלאַנד האָט ניט געיאַרשנט קיין ספּעציאַליסטן פֿון טעאַטער-קונסט. אין בעסטן פֿאַל זײַנען עס געווען מענטשן לאָיאַלע, און די געשעענישן פֿאַר דער לעצטער צײַט האָבן אונדז באַוויזן, וואָס עס שטעקט אין דער דאָזיקער, אַזוי צו זאָגן, לאָיאַלקײַט און, צווייטנס, כאָטש די סטודיע האָט גאַנץ גוט באַהערשט די מכאַטישע טעאַטראַלע קולטור, אָבער זי איז באַהערשט געוואָרן ניט קריטיש, ניט אָפּשאַצנדיק צוגלײַך מיט אירע מײַלעס איר רעאַקציאָנערן אינהאַלט.

אָט די דאָזיקע טאָעסן, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן נאָך אין דער קינדהײַט פֿון דעם ווײַסרוסישן צווייטן מעלוכע-טעאַטער, האָבן באַשטימט זײַן וועג, שוין פֿון אַ זעלבשטענדיקן טעאַטראַלן איינס.

דעם דאָזיקן וועג, כאָטש אַ גאַנץ קורצן, אינגאַנצן 3 יאָר, קען מען אויך פֿאַרטיילן אומגעפֿער אַף צוויי פּעריאָדן. דער ערשטער,—ווען דער טעאַטער האָט מעכאַניש געשטרעבט אַריבערטראָגן אַף דער ווײַסרוסישער בינע ניט נאָר פֿאָרמעלע מעטאָדן פֿון מכאַט (דאָס איז נאָך אַ האַלבע צאָרע), אָבער אויך זײַן אידעאָלאָגישן אינהאַלט. אין רעזולטאַט פֿון דעם זײַנען געווען געשטעלט צוגלײַך מיט דעם קלאַסישן רעפּערטואַר (דאָס איז נאָך אויך אַ האַלבע צאָרע) אַזוינע „שעדעוורען" ווי „עראָס און פּסיכייע"—זשיאַלאָווסקיס „אַפּראָמעטנאַיאַ"—שאשאַלעוויטשעס. מע דאַרף דאָ אַגעוו אָנווײַזן, אַז די סאָוועטישע פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפֿטלעכקײַט האָט זיך מיט גענוג אַכטונג און ליבע באַצויגן צו דעם דאָזיקן קאַפּריזנעם קינד. אַזוי האָט זיך געצויגן קימאַט אַ העלפֿט צײַט פֿון ערשטן סעזאָן, ווען ס'איז שוין אינגאַנצן בוילעט געוואָרן ווּהין עס וואַקסן די דאָזיקע „קינסטלערישע" טענדענצן פֿון טעאַטער, און ס'איז אויסגעקומען ווילנדיק ניט ווילנדיק, אָבער גאַנץ העפֿטיק, שלאָגן איבער די דאָזיקע שעדלעכע טענדענצן. דאָס האָט געצוווּנגען דעם טעאַטער אַראָפּנידערן פֿון די „פּאַרנאַס"-הויכן צו אונדז אַף דער זינדיקער ערד און איבערלאָזן די געטער מיט די געטנס, די שיידים און שיידימלעך און נעמען זיך פֿאַר... געוויינטלעכע מאַטראָסן אין „ראַזלאָם"-לאַווּרענעווס. פֿונדאַנען קען מען אָנהויבן ציילן דעם צווייטן פּעריאָד. דער דאָזיקער פּעריאָד האָט געגעבן „ראַזלאָם"—לאַווּרענעווס, „קאַלי ספּאַוואַיוּץ פּעווני"—יורינס, „נאַ פּראַדוועסני"—איליִנסקיס, „רייקי הודוק"—קירשאָנס, „מאַיאָמאַסק"—ראַזאַנאָווס.

די דאָזיקע אַלע פֿאָרשטעלונגען זײַנען געווען מער ווייניקער אין איינקלאַנג מיט דער עפּאָכע און אין דער אָדער אַנדערער מאָס האָבן זיי אַנטשפּראָכן די פֿאָדערונגען פֿון דעם

איצטיקן צושויער. מיט דעם אַלעמען דערקלערט זיך יענער דערפֿאָלג, וואָס דער טעאַטער האָט געהאַט פֿאַר דעם סעזאָן 1928—1929 און 1929—1930.

דאָס, וואָס דער טעאַטער האָט זיך דערנעענטערט צום הײַנטצײַטיקן רעפּערטואַר, צו די פֿאָדערונגען פֿון דער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, די פֿאַרשטאַרקטע דערציִונג-אַרבעט צווישן די אַקטיאָרן—דאָס אַלץ האָט אויך געהאָלפֿן אַ באַדײַטנדיקן טייל פֿון די אַקטיאָרן רעווידירן זייערע פֿריערדיקע פּאָזיציעס און גאַנץ אַנטשיידן אַ קער טאָן זיך צו דער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, און אַפֿן גרונט פֿון דעם אַלעמען איז אויך די אַרבעט פֿון טעאַטער אַוועק אין אַ נײַעם פּלאַן, מיט נײַע טעמפּן און נײַע מעטאָדן פֿון סאָציאַליסטישן ־געוועט. אָבער אַזאַ אַנטשיידענער קער פֿון טעאַטער צו דער הײַנטיקער צײַט, אין דעם צווייטן פּעריאָד פֿון זײַן עקזיסטענץ, אַ קער, וועלכער איז ניט געדרונגען פֿון דעם אינגעווייט פֿון טעאַטער און איז געמאַכט געוואָרן (איך שטרײַך עס אונטער) אונטערן דרוק פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס



2־טער ווײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער. א סצענע פֿון „פּראָסטע הערצער״. קינסטלער—קריין.

אָפּגעשפּיגלט אַף די פֿאָרמעלע דערגרייכונגען פֿון טעאַטער. סײַ דער אַקטיאָר, סײַ דער טעאַטער אינגאַנצן גענומען, איז ניט צוגעגרייט געוואָרן אין זײַן שטודירן און פֿריערדיקן לעבן צו אַזאַ קער, און דאָס האָט געגעבן זײַנע רעזולטאַטן אין דער קינסטלערישער פּראָ-דוקציע פֿונם דאָזיקן פּעריאָד. דער טעאַטער קאָן נאָך דערווײַל ניט געפֿינען אַ סינטעז צווישן זײַן פֿריערדיקער (באַזונדערס אין פּעריאָד פֿון שטודירן) אַנטוויקלונג און די פֿאָדע-רונגען פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט. אָבער באַטאָנענדיק דאָס אַלץ, קען מען ניט פֿאַרגעסן אויך אַף דעם, אַז עס איז דער ערשטער ווײַסרוסישער טעאַטער, וועלכער האָט אין זײַן קאָלעקטיוו, זאָל זײַן מיט אויסגלײַכן, באַקומען אַן אײנהײטלעכע קינסט-לערישע שול, אַז דערדאָזיקער קאָלעקטיוו איז נאָך אַ יונגער און באַ דער געהע-ריקער אָנפֿירונג און איבערבויך אין טעאַטער גופֿע—און דערדאָזיקע איבערבויך מערקט זיך שוין אָן—וועט עס זיכערן זײַן צוקונפֿט און יענע ספּעציפֿישע אויפֿגאַבעס, וואָס עס שטייען פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַן עקספּערימענטאַלן טעאַטער.

אַ העלפֿט פֿון דעם לויפֿנדיקן סעזאָן (1929-1930 י.) אַרבעט דער ווײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער אין וויטעבסק, ווו ער האָט געשטעלט „ראַזלאָם״, „נאַ פּראַדוועסני״, „רייקי הודוק״, „קאַלי ספּאַוואַיוץ פּעוני״, „קאַליאַ טעראַסי״, „פּראָסטיאַ סערצי״. עס גרייטן זיך

צו דער שטעלונג „גאָראָד וועטראָוו“,—קירשאָנס, און אַ באַאַרבעטע—„מאַיאַמאָסק“ ס. ראַזאַנאָווס. דאָס אַלץ, ווען מע זאָל נאָך דערצו צוגעבן די פֿריִערדיקע אַרבעטן פֿון טעאַטער, „סאָן או לעטני נאָטש“—שעקספּירס און „צאַר מאַקסימיליאַן“, איז דער גאַנצער רעפּערטואַר פֿון דעמדאָזיקן טעאַטער.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון דעם סעזאָן פֿאָרט אַריבער דער טעאַטער אין מינסק, ווו ער וועט פֿאַרבלײַבן אַף די קומענדיקע סעזאָנען (1931-30 י.).

גאַנץ באַזונדער שטייט אין זײַן אַנטוויקלונג דער ווײַסרוסישער מעלוכישער וואַנדערטעאַטער. דער עמבריאָנעלער פּעריאָד פֿון זײַן אַנטוויקלונג דאַרף מען רעכענען, איז אָט דער פּעריאָד פֿון זײַן עקזיסטענץ, ווען ער איז נאָך געווען אַ ליבהאָבער-קרײַזל, ווו דער אָרגאַניזירנדיקער קויעך איז געווען דער גרויסער ענטוזיאַזם אין דער טעאַטראַלער קונסט, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן דער דראַמאַטורג, קינסטלער און רעזשיסער, דער איצטיקער פֿאָלק-אַרטיסט פֿון דער רעפּובליק ד. האַלובקאָ. אָבער מיר ווילן דאָ אַבסאָליוט ניט פֿאַרמינדערן די פֿאַרדינסטן פֿון האָלובאָק, און דאָס האָט שוין דערוויזן די פּראָלעטאַרישע מעלוכע, ווען מיר צייכענען אָפּ, אַז די עקזיסטענץ פֿון דעמדאָזיקן טעאַטער איז מעגלעך געווען, נאָר אַדאַנק דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און ניט אַדאַנק זײַנע באַזונדערע טועכ, ווי דערזעלבער האַלובאָק. בלויז די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט געזיכערט, אַז דערדאָזיקער טעאַטער זאָל זיך פֿון אַ קליינעם ליבהאָבער-קרײַזל פֿאַרוואַנדלען אין אַ מעלוכישן וואַנדער-טעאַטער. ווען מיר זאָלן אָפּוואַרפֿן דעם, אַזוי צו זאָגן, פֿאַרהיסטאָרישן פּעריאָד פֿון דעמדאָזיקן טעאַטער, ווען ער איז נאָך געווען אַ ליבהאָבער-קרײַזל, קען מען די עקזיסטענץ פֿון דאָזיקן טעאַטער פֿאַרטיילן, אומגעפֿער, אַף אַזוינע פּעריאָדן.

דער ערשטער פּעריאָד, ווען דער טעאַטער איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן פֿון אַ קרײַזל אין אַ מעלוכישן טעאַטער, און ווען ער האָט געשטעלט פֿאַר זיך אַלס אַ גרונט-אויפֿגאַבע באַפֿרידיקן דעם גוואַלדיקן הונגער פֿון דאָרף אַף טעאַטער. דידאָזיקע אויפֿגאַבע האָט דער טעאַטער מיט דערפֿאָלג, אַפֿילע מיט גרויס דערפֿאָלג דערגרייכט, און דערפֿאַר, האָט ער אומאָפּהענגיק פֿון דעם אינהאַלט פֿון זײַן אַרבעט באַדײַטנדיק געהאָלפֿן דער זאַך פֿון קולטור-רעוואָלוציע. דערדאָזיקער פּעריאָד איז כאַראַקטעריסטיש מיט דעם, וואָס דער טעאַטער האָט, אומאָפּהענגיק פֿון זײַנע סוביעקטיווע פֿאַרלאַנגען, דורכגעפֿירט אָביעקטיוו אין זײַן שאַפֿונג אַלטע פֿאָלקיסטישע טענדענצן, וועלכע שטעקן מיט זייערע וואָרצלען אין דעם קולטור-טרעגערישן פּעריאָד פֿון „נאַשאַ ניוואַ“. אינם טעאַטער הערשט הויפּטזעכלעך דער רעפּערטואַר פֿון דעמזעלבן האַלובאָק, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט דידאָזיקע טענדענצן און אָפּטמאָל מיט די טענדענצן פֿון דער קליינבירגערלעכער מאַסע. דידאָזיקע אַלע קלאָגמוטערישע מעלאָדראַמען („האַנקאַ“, „פּליטאָהאָני“) אימפּאָנירן זייער דערדאָזיקער מאַסע און זײַנען אַפֿילע פּאָפּולער אין די אַרבעטער-שיכטן. וווּהין דידאָזיקע טענדענצן זײַנען אַזוי אָדער אַנדערש אַרײַנגעדרונגען. דערדאָזיקער טעאַטער האָט אויך ניט געשטרעבט צו וועלכע ניט איז פֿאָרמעלע נײַסן. דער צושויער פֿון דאָזיקן טעאַטער, וועלכער האָט ביז אַהער לאַכלוטן גאָרניט געהאַט, האָט זיך באַפֿרידיקט מיט דער פּרימיטיווער פֿאָרם פֿון דער שטעלונג, וועלכע איז, אַגעוו, ניט אַרויס פֿון די דאַלעדאַמעס פֿון דעם אלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט פֿאַרמאָגט דער רעפּערטואַר פֿון טעאַטער. דאָ איז נויטיק צו באַטאָנען, אַז דעם טעאַטער האָט קימאַט קיינער ניט געהאָלפֿן צו ענדערן דידאָזיקע לאַגע. דערזעלבער פֿאָלקאָמבילד האָט ניט דערשאַצט די גרויסע ראָל פֿון דעמדאָזיקן טעאַטער אין דער זאַך פֿון דער קולטור-רעוואָלוציע אין דאָרף, אין דער זאַך פֿון איבערבויען דעם דאָרף אַף נײַע סאָציאַליסטישע יעסוידעס. אַף דעם טעאַטער האָט מען געקוקט צווישן די פֿינגער, און ער האָט זיך געקאָכט אין אייגענעם קעסל, און אויב מע זאָל שוין עמיצן יאָ באַשולדיקן, איז עס, אַלנפֿאַלס, ווייניקער פֿאַר אַלץ, דעם טעאַטער גופֿע.

שפּיִלנדיִק זייער אַ גרויסע ראָל איִן דער זאַך פֿון באַפֿריִדיִקן די, אַזוי צו זאָגן, „רייִנע“ פֿאָדערונגען פֿון דאָרף אַפֿן טעאַטער, אָפּשפּיִגלענדיק. דעם פֿאַרלאַנג און אַפּעטיט צו טעאַטער-קונסט, איִז דער טעאַטער פֿאַרקראָכן איִן אַ העק, און דאָס איִז כאַראַקטעריִסטיִש פֿאַר דעם צווייטן פּעריִאָד פֿון זייִן אַנטוויִקלונג. דעם צושויער האָבן אויפֿגעהערט צו באַפֿריִדיִקן די ספּעקטאַקלען איִן אַלגעמיין, נאָר ער האָט שוין געשטעלט קאָנקרעטע פֿאָדערונגען פֿארן טעאַטער, לויט דער איִדעאָלאָגיִשער ליִניִע—אַז דער טעאַטער זאָל אַנטשפּרעכן די פֿאָדערונגען פֿון סאָציִאַליִסטיִש איִבערבויען דעם דאָרף און, לויט דער פֿאָרמעלער ליִניִע—אַ מער העכערן קיִנסטלעריִשן באַוווּ, וואָס זאָל זיִך באַפֿרייִען פֿון יענער פּריִמיִטיִוויִקייִט, וועלכע עס האָט דורכגעזאַפּט די פֿריִערדיִקע ארבעט פֿון טעאַטער. דער טעאַטער האָט זיִך אָבער צו דעם, ווי געהעריִק, ניִט צוגעגרייט, און אַף די פֿאָדערונגען געענטפֿערט מיִט דעמזעלבן „קאַסטוּם קאַליִנאָווסקי“. די טראַגעדיִע פֿון דעמראָזיִקן טעאַטער, באַזונדערס פֿון זייִן אָנפֿיִרונג, באַשטייט איִן דעם, וואָס באַ דער סוּביעקטיִווער גאַנץ געוויִסנהאַפֿטער שטרעבונג צו ענטפֿערן אַף די פֿאָדערונגען פֿון דער הייִנטצייִטיִקייִט, האָט ער אָביעקטיִוו ניִט שטענדיִק אַף זיי געענטפֿערט, די אָנפֿיִרונג האָט לאַכלוטן ניִט געקענט פֿאַרשטיין, אַז פֿאַר דעמדאָזיִקן טעאַטער איִז שוין לאַנג פֿאָריִבער דער פּעריִאָד פֿון ליִבהאָבערייִ, דער פּעריִאָד פֿון פֿאָלקיזם, אַז הייִנט איִז דער טעאַטער אַ סאָוועטיִשער מ ע ל ו כ ע-ט ע אַ ט ע ר, און דאָס שטעלט פֿאַר איִם איִנגאַנצן נייִע אויפֿגאַבעס.

דערדאָזיקער טעאַטער, ווי קייִן אַנדערער, האָט אַ גרויסע דערפֿאַרונג איִן היִנזיִכט פֿון באַדיִנען די סאַמע פֿאַרוואָרפֿענע וויִנקעלעך פֿון אונדזער רעפּוּבליִק, ער איִז דאָרט זייער פּאָפּולער און דער קאָלעקטיִוו שטרעבט מיִט אַלע קויכעס פֿאַרשטיין און באַרעכטיִקן די אויפֿגאַבעס, וואָס עס ליגן אַף איִם, און דערפֿאַר האָט ער באַ דער געהעריִקער אויפֿמערקזאַמקייִט און אָנפֿיִרונג אַ גרויסע צוקונפֿט. נאָכמער, ווען דער טעאַטער וואָלט גלייִך פֿון אָנהויב גענומען אַ ריִכטיִקע פֿאָרמעלע ליִניִע אַף זייִן—אַ סיִנטעטישער טעאַטער.

אַ גאַנץ אַנטשיידענעם קער צו דער האַנטצייִטיִקייִט האָט געמאַכט די שטעלונג „יאַראָסק“—יאַלצעוויִטשעס און „דיִקטאַטור“—מיִקיִטענקאָס, וועלכע גרייט זיִך צו דער שטעלונג באַ אַ באַנייִטער רעזשיִסור (מיִצקעוויִטש-האָלאָווטשיִנער) און יענע פּאָפּולערקייִט, וואָס דער טעאַטער האָט איִן די דערפֿער פֿון ו.ס.ס.ר., וועלן קענטיִק העלפֿן אונדזער טעאַטער אַרויסגיין פֿון העק. איִן צוזאַמענהאַנג מיִט דער שנעלער אַנטוויִקלונג פֿון דער קאָלעקטיִוויִזאַציִע איִן ווייִסרוסלאַנד, שטייט אַ שלאָג-אויפֿגאַבע באַדיִנען דעם נייִעם קאָלעקטיִוויִזיִרטן דאָרף.

* * *

אַ פּאָר ווערטער וועגן די פּערספּעקטיִוון פֿון דער אַנטוויִקלונג פֿון ווייִסרוסיִשן סאָוועטיִשן טעאַטער, וועלכע ווערן געזיִכערט מיִטן דערפֿאָלג פֿון דער סאָציִאַליִסטיִשער בויונג און זייִנען באַצייכנט איִן דעם 5-יאָריִקן פּלאַן.

דאָ דאַרף מען אָפּצייכענען, אַז דער נייִער פּעריִאָד האָט אַרויסגערוקט אויך נייִע אויפֿגאַבעס איִן געביִט פֿון טעאַטראַלער בויונג, און ס'איִז נויטיִק צו שאַפֿן אַזוינע פֿאָרמעס פֿון טעאַטער, וועלכע זאָלן מאַקסיִמאַל דערנעענטערן זיִך צו דעם מאַסן-צושויער, בפֿראַט צו דעם אָרגאַניִזיִרטן צושויעד פֿון קאָלוויִרט.

אָט צוליִב דעם איִז איִן דעם 5-יאָריִקן פּלאַן פֿון טעאַטראַלער בויונג פֿאָרויסגעזען אין דער ערשטער ריי צו אַנטוויִקלען די קליינע פֿאָרמעס פֿון טעאַטראַלער קולטור, איִן דעם אויסזען פֿון וואַנדער-טעאַטערן. עס ווערט פּלאַניִרט, אַז צום סאָף 1932/31 י. זאָל מען זיי שוין האָבן 4-5 וואַנדער-טעאַטערן פֿון ראַיאָן-באַדייִנונג, וועלכע וועלן אַרבעטן אומיִטלבאַר איִן די קרייִזן (1 טעאַטער אַף 2 קרייִזן) און אַ ווייִסרוסיִשן אַרבעטער-וואַנדער-טעאַטער פֿון צענטראַלן פּראָפֿראַט פֿון ווייִסרוסלאַנד, וועלכער וועט דאַרפֿן באַדיִנען די אַרבע-

טער-צענטערן פֿון דעם טיפּ—רעטשיצע-באָריסאָוו און די באַזונדערע אונטערנעמונגען אין דאָרף. (מילן, האָלצזאַוואָדן, פֿאַניר-זאַוואָדן א. א. וו.).

וואָס איז שייך :די גרויסע פֿאָרמעס פֿון טעאַטער, ווערט גערעכנט עפֿענען אין דעם סעזאָן פֿון 1931/30 י. אַ ווײַסרוסישן מעלוכישן טעאַטער פֿאַר קינדער, און דורכפֿירן אַ צוגרייטונג-אַרבעט אַזוי, אַז אין סעזאָן פֿון 1933/32 י., זאָל שוין אָרגאַניזירט ווערן דער ווײַסרוסישער מעלוכישער טעאַטער פֿון מוזיקאַלישער דראַמע און קאָמעדיע (אָפּערע). די פֿאָדערונג אף דיראַזיקע פֿאָרמעס פֿון טעאַטער איז שוין לאַנג רײַף געוואָרן, און עס איז קימאַט קײַן ספֿק ניטאָ, אַז דיראָזיקע טעאַטערן וועלן אָרגאַניזירט ווערן.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פֿון אונדזער קולטור-בויונג. עס זאָגט בוילעט איידעס וועגן דעם, אז נאָר די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, נאָר די אָנפֿירונג פֿון דער לענינישער פּאַרטיי, די ענגע פֿאַרבינדונג און די שטיצע פֿון די ברידערלעכע סאָוועטישע רעפּובליקן זיכערן דעם שנעלן טעמפּ, וואָס איז נאָך ניט געהערט אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט, דעם טעמפּ פֿון פּראָלעטאַרישער קולטור אין נאַציאָנאַלע פֿאָרמעס.

—————

א. קאַסטעליאַנסקי.

# די בילדערישע קונסט אין ווײַסרוסלאַנד.

I

דער רעקאָנסטרוקטיווער פּעריאָד רוקט אַרויס פֿאַר דער בילדערישער קונסט פֿון ווײַסרוסלאַנד שווערע און קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבעס. פֿון איין זײַט—אָפּשפּיגלען און העלפֿן פֿאַנאַנדערוויקלען די פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר אין אונדזער לאַנד; פֿון דער צווייטער זײַט—אַרײַנטראָגן קונסט-עלעמענטן אין אונדזער טאָג-טעגלעכן לעבן, אין אונדזער הײמישן און געזעלשאַפֿטלעכן שטייגער א. א. וו.

קעדיי צו אויספֿילן די אויפֿגאַבעס, נויטיקט זיך אונדזער בילדערישע קונסט אין אַ ברייטער געזעלשאַפֿטלעכער אויפֿמערקזאַמקײַט. אונדזער אַרבעטער-געזעלשאַפֿטלעכקײַט איז ניט שטאַרק פֿאַרבונדן מיט דעמדאָזיקן געביט אין קונסט. די קונסט-אויסשטעלונגען, וועלכע זײַנען בײַ אונדז פֿאָרגעקומען, האָבן קימאַט ניט געהאַט קיין אַרבעטער-באַזוכער. די איינציקע אפּעטרופּסן און וועגווײַזער אין דער בילדערישער קונסט זײַנען ביז איצטער געווען די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיש-געשטימטע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אויפֿלעבן די „נאַציאָנאַלע קולטור“, בכלל ניט שטעלנדיק זיך דערבײַ קיין פּראָלעטאַרישע קלאַסן-אויפֿגאַבעס. דידאָזיקע אינטעליגענץ האָט געזען דעם קוואַל פֿון נאַציאָנאַלער קונסט אין קאָנסערווירן די עטנאָגראַפֿישע פֿאָרמעס, אין פֿאַרהיטן דעם „אָרטיקן“ קאָלאָריט, וועלכער איז פֿאַרבונדן נאָך מיט די פֿעאָדאַלע צײַטן.

פֿאָלקיסטיש אידעאַליזירנדיק דעם פּויער, האָט דידאָזיקע אינטעליגענץ געוואָלט זען אין קונסט אַן אָפּשפּיגלונג פֿון זײַן לעבן אָן אונטערשייד פֿון דער קלאַסן-דיפֿערענצירונג, וואָס קומט פֿאָר אין דאָרף.

דידאָזיקע ווירקונגען האָבן אַרויפֿגעלייגט אַ שטעמפּל אַף אונדזער קינסטלערישער פּראָדוקציע.

אין אונדזער בילדערישער קונסט האָט זיך ווייניק אָפּגעשפּיגלט דער סאָציאַלער אינהאַלט פֿון דער הײַנטיקער עפּאָכע, פֿון איר פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסן-קאַמף.

אויב אייניקע ווײַסרוסישע קינסטלער האָבן זיך אָריענטירט אַף איבערגעבן אין דער בילדערישער קונסט דאָס לעבן פֿון ווײַסרוסלאַנד, איז דאָס געווען אַן אָריענטאַציע אַפֿן כוטאָר, שטעטל און א. וו.

פֿיליפּאָוויטש, וועלכער האָט געמאָלט דאָס ווײַסרוסישע דאָרף, האָט איבערגעגעבן דעם טיפּ פֿון מאַרק-פּויער און פּויערטע, הויפּטזעכלעך, אין עטנאָגראַפֿיש-יאָנטעוודיקן קאָסטיום, וועלכער איז כאַראַקטעריש פֿאַר די מער פֿאַרמעגלעכע פּויערישע שיכטן. אַקסעלראָד, איינער פֿון די באַגאַבסטע יונגע קינסטלער פֿון ב.ס.ס.ר., האָט געגעבן אַ גאַנצע רײ שטעטלדיקע טיפּן און שטעטלדיקע בילדער. דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט די קינסטלער גאָרשמאַן, יודאָווין. גרובע האָט געשאַפֿן אַ סקולפּטור-בילד פֿון דעם ווײַסרוסישן אַלטן ליִרניק, ראָמאַנטיזירנדיק דערבײַ דעם אָוואַר.

באַ אונדזערע יונגע קינסטלער דאָמינירט דער פּאָרטרעט, דער פּייזאַזש און נאַטורמאָרט. דאָס קאָמפּאָזיציאָנעלע בילד איז ניט געגעבן געוואָרן ניט נאָר דערפֿאַר, וואָס די קינסטלער האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקײַט צו שאַפֿן גרויסע בילדער, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס די קינסטלער האָבן זיך ווייניק באַקאַנט מיט די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וועלכע קומען פֿאָר אין אונדזער לאַנד.

דעריבער האָבן די קינסטלער זייער אָפֿט ראָמאַנטיזירט דעם אַוועק. דעריבער זײַנען ניט אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די אינדוסטריאַליזאַציע-פּראָצעסן, וועלכע קומען פֿאָר באַ אונדז.

די אַלע טעמעס, וועלכע דער ווײַסרוסישער מעלוכע-פֿאַרלאַג האָט פֿאָרגעלייגט אונדזערע קינסטלער, קעדיי שאַפֿן פֿאָלק-בילדלעך (לובקעס), זײַנען קימאַט אַלע ניט אויסרריקלעך אַקצעפּטירט געוואָרן.

עמעס, די לעצטע צײַט איז באַ די קינסטלער פֿאָרגעקומען אַ געוויסער איבערברוך. דערזעלבער פֿיליפּאָוויטש, וואָס האָט געמאָלט דעם פּויער אַפֿן מאַרק, מאָלט אים איצטער באַם טראַקטאָר.—אקסעלראָד און גאָרשמאַן פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און ווענדן זיך צום קאָלעקטיוו.

גרובע, קאָוראָווסקי, אַ ריי יונגע קינסטלער, וועלכע געפֿינען זיך איצטער אין מאָסקווע, זוכן טעמעס פֿאַר זייערע ווערק פֿון הײַנטיקן לעבן.

מייער אַקסעלראָד האָט דעם יאָר צוגעשטעלט דעם רעוואָלוציע-מוזיי אין מינסק אַן אויסגעצייכנט בילד פֿון דער פּויליִשער אָקופּאַציע. נאָר דער איבערברוך דאַרף נאָך מער אַרפֿעסטיקט ווערן. דאָס קען פֿאָרקומען נאָר דאַן, ווען אונדזער בילדערישע קונסט וועט זײַן מער באַווירקט פֿון דער אַרבעטער-געזעלשאַפֿטלעכקײַט, ווען זי וועט קריגן די נויטיקע אָנפֿירונג און וואַכזאַמקײַט מיצאַד דער פּראָלעטאַרישער קריטיק.

II

די סאָציאַליסטישע בויונג, וואָס ווערט אַזוי האַסטיק דורכגעפֿירט באַ אונדז אין לאַנד, רוקט אַרויס אַקטועל פּראָבלעמעס פֿון אַרכיטעקטור, פֿון פּלאַקאַט, פֿון קונסט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט איבערבויען אונדזער שטייגער, פֿון קונסט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אונדזער אינדוסטריע א. א. וו.

צי האָבן מיר וועלכע ס׳איז ניט דערגרייכונגען אין דעם זין?

די בויונג פֿון קלובן, אַרבעטער-שטעטלעך, הײַזער פֿאַרן אוניווערסיטעט. מעלוכע-ביבליאָטעק, נײַע טעאַטערן אין דער פּראָווינץ א.אַ.וו. האָבן אַרויסגערופֿן אין וו. ס. ס. ר. פֿיל אַרכיטעקטאָרן, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט דער בויונג.

מערסטנטייל איז גענומען געוואָרן אַ קאָנסטרוקטיווער סטיל, אַרויסגייענדיק פֿון דער אוטיליטאַרער אײַנשטעלונג, וועלכע ס׳האָט די אָדער יענע געבײַדע.

צי איז אָבער באַ אונדז, באַ אַזאַ פֿאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג, פֿאַראַן אַ פּלאַן פֿון דער אַרכיטעקטור, און צי איז פֿאַראַן אַ וועלכע ס׳ניט איז ווירקונג פֿון דער אַרבעטער-געזעלשאַפֿט אַף דעם אויסערלעכן אויסזען פֿון די געבײַדעס?

אַסאַך קלובן, וואָס זײַנען איצטער אויסגעבויט געוואָרן, זײַנען מער ענלעך אַף אַמאָליקע קאַזאַרמעס.

צווישן די פּאַוויליאָנען פֿון אונדזער ערשטער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אויסשטעלונג זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וועלכע בויען זיך אין אַלטן פֿאַרשימלטן מאָדערן-סטיל.

אויך ניט בעסער שטייט באַ אונדז די פֿראַגע וועגן דער קונסט, וואָס דאַרף באַדינען די מאַסן-אויסאַרבעטונגען.

די מעבל, וואָס ס׳לאָזן אַרויס אונדזערע האָלצבאַאַרבעטערישע פֿאַבריקן, זײַנען באַפּוצט לויטן גוסט פֿון קליינבירגער.

זייער אַסאַך האָט זיך צווישן די קינסטלער גערעדט וועגן די שפּיל-אויסאַרבעטונגען, וועלכע ס'לאָזט אַרויס די פֿאַבריק „אופּלעבונג‟, צווישן וועלכע ס'איז דאָ אַן „אָפּערנער‟ ציגײַנער אין יאָנטעוודיקע בגדים, פֿיזקולטורניצעס, וועלכע זײַנען ענלעך אַף קורטיזאַנקעס א.אַ.וו.

אין דער פּאָליגראַפֿישער פּראָדוקציע האָבן מיר זייער אַסאַך געשמאַקלאָזע הילעס. וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן ניט קינסטלעריש און זײַנען אידעאָלאָגיש אינגאַנצן ניט אויסגעהאַלטן.

אַזאַ איז די בילדעריש קונסט, וואָס איז מיט טויזנטער פֿעדעם פֿאַרבונדן מיט אַלץ, וואָס רינגלט אונדז אַרום יעדן טריט.

אָנהויבנדיק פֿון פּלאַנירן די שטאָט און פֿון דער אַרכיטעקטור, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אונדזער בויונג און ענדיקנדיק מיט דער באַפּוצונג פֿון אונדזערע קלובן, פֿון אונדזערע פּראָלעטאַרישע יאָנטויוויִם, פֿון אונדזערע אויסאַרבעטונגען—וועט נאָך אַלץ געשאַפֿן אָן אַ באַשטימטן קינסטלערישן פּלאַן און טראָגט אין זיך מערסטנטייל אַ שטעמפּל פֿון קליינבירגערלעכקײַט און פּראָווינציאַליזם.

קעדייִ אַרויסצושטויסן די פֿײַנטלעכע עסטעטישע ירושה, וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון אַ פֿײַנטלעכן קלאַס, דאַרפֿן געמאַכט ווערן וואָס שנעלערע און וואָס מער ענערגישע טריט. און דאָ שטעלט זיך בײַ אונדז אין דער גאַנצער גרויס די פֿראַגע וועגן שאַפֿן נײַע קינסטלערישע קאַדרען.

III

די פּראָבלעם פֿון נײַע קינסטלערישע קאַדרען געפֿינט זיך בײַ אונדז אין ניט קײַן גינסטיקער לאַגע.

אונדזערע קינסטלער, וועלכע ענדיקן קינסטלערישע הויכשולן אין מאָסקווע און לענינגראַד, ווערן בײַ אונדז קימאַט ווי גאָרניט אויסגענוצט. מערסטנטייל פֿאַרבלײַבן זיי אין די צענטרען פֿון ר.ס.פֿ.ס.ר.

אונדזער אייִנציקער קונסט-טעכניקום אין וויטעבסק איז אין אַלע היִנזיכטן אָוועקגעשטעלט געוואָרן ניט ווי געהעריק. ער האָט ניט קײַן שום ציל-אײַנשטעלונג, פּאַסט ניט צו זײַן אַרבעט צו די צווײַגן פֿון אונדזער אינדוסטריע.

די יונגע קינסטלער, וואָס האָבן געענדיקט דידאָזיקע שול, האָבן ניט אַרײַנגעטראָגן קײַן פֿרישן שטראָם ניט אין אונדזערע קלובן, ניט אין די מיטל-שולן, וווּ זיי לערנען די קינדער צייכענען, ניט אין אונדזער בוך און ניט אין אַנדערע געביטן.

נאָר די הויפּט-סאַקאָנע איז נאָך ניט אין דעם.

מיר ווייסן, אַז אַ נײַע מאַסאָווע קונסט וועלן קענען שאַפֿן די קאַדרען, וועלכע וואַקסן אויס פֿון די טיפֿעניש פֿון אַרבעטער-קלאַס און די קינסטלערישע קרײַזלעך פֿון די אַרבעטער-קלובן, אָדער אין די קינסטלערישע קרײַזלעך פֿון די געדרוקטע און וואַנט-צײַטונגען.

און דאָ איז בײַ אונדז די לאַגע קימאַט ווי אַ קאַטאַסטראָפֿאַלע.

קימאַט ווי מיר האָבן ניט אין ווײַסרוסלאַנד קײַן איין קונסט-קרײַז בײַ די אַרבעטער-קלובן, קײַן איין אַרבעטער-סטודיע.

די זעלבסטעטיקײַט פֿון די אַרבעטער-מאַסן אַף דעמדאָזיקן געביט ווערט פֿאַרשטיקט, ניט האָבנדיק קײַן אויסגאַנג.

די פּראָבלעמעס, וועלכע מיר האָבן דאָ אין קורצן אַרויסגערוקט, קענען ניט אָפּגעלייגט און פֿאַרשמירט ווערן.

ס'מוז טייקעף מאָביליזירט ווערן די געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿמערקזאַמקײַט אַרום דידאָזיקע פֿראַגעס. די בילדערישע קונסט וועט און מוז ווערן אַן אַקטועלער פֿאַקטאָר אין דער קולטור-רעוואָלוציע און אין דער איבערבויונג פֿון אונדזער לאַנד.

א. וואָלאָברינסקי.

# דער יידישער נאצ.-דעמאָקראַטיזם.

(קאַפּיטלעך פֿון אַ בראָשור).

אין טאָך פֿון יעדן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם ליגט דאָס אַנטקעגנשטעלן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן צו די קלאַסן-אינטערעסן. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם ווייס ניט פֿון קלאַסן און וויל פֿון דעם ניט וויסן. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט רעדט שטענדיק וועגן גאַנצן פֿאָלק. ער מיינט, אַז ניט די קלאַסן-אינטערעסן דאַרפֿן דיקטירן דעם אָדער יענעם טאַט, נאָר די אינטערעסן פֿון דער גאַנצער נאַציע, פֿון גאַנצן פֿאָלק.

דיזאָזיקע אידעאָלאָגיע שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם סאַמע טיפּישן אויסדריק פֿון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. די בורזשואַזיע, ווי אַ קלאַס, קאָן ניט און טאָר ניט אַנערקענען זיך בלויז, ווי אַ קלאַס. ווי אַ הערשנדיקער עקספּלואַטאַטאָרישער קלאַס איז די בורזשואַזיע פֿאַרינטערעסירט אין אָפּלייקענען און פֿאַרשמירן דידאָזיקע אייגנשאַפֿטן אירע. זי איז דעריבער פֿאַרינטערעסירט אין זייען די אילוזיע פֿון אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, פֿון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער קולטור. די בורזשואַזיע באַמיט זיך דעריבער שטענדיק אַרויסצוטרעטן, ווי דער פֿאָרשטייער פֿון גאַנצן פֿאָלק ידן אין נאָמען פֿון דער „נאַציע“.

פֿון דעם איז שוין קלאָר, אַז די פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרם פֿון דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם איז די פּלאַטפֿאָרם פֿון דער בורזשואַזיע. דער „דעמאָקראַטיזם“ זיינער איז אויסן אָפּצולייקענען און צו באַקעמפֿן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם שטעלט מיט זיך פֿאָר די פּלאַטפֿאָרם פֿון יענע עלעמענטן, וועלכע שטרעבן צו אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעסטאַוראַציע.

דאָס זיינען די שטריכן, וואָס זיינען אַלגעמיין פֿאַר יעדער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם, און דיזעלביקע גרונט-שטריכן בלייבן ריכטיק אויך ביים מיר ריידן וועגן דעם יידישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. די ספּעציפֿישע באַאַרבונג פֿון דעם יידישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם דריקט זיך נאָך אויס אין פֿאָלגנדעס. די יידישע נאַציע—זאָגט דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט—איז שטענדיק און טאָמיד געווען אַן אונטערדריקטע. פֿאַר דעם „יידישן פֿאָלק“ איז שטענדיק געשטאַנען און וועט שטענדיק בלייבן איין אויפֿגאַבע פֿון נאַציאָנאַלער באַפֿרייונג. עס קאָן ניט זיין דעריבער קיין רייד וועגן קלאַסן-קאַמף און וועגן באַזונדערע קלאַסן-אינטערעסן, קאָלזמאַן יידן געפֿינען זיך אין „גלות“. זאָלן וועגן קלאַסן-אינטערעסן ריידן יענע—אַזוי וועט בריס-האַרציק צוגעבן דער נאַצ.-דעמאָקראַט—באַ וועמען עס איז ניט געווען און עס איז ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. יידן קאָנען וועגן דעם ניט ריידן. גאָלעס—דאָס איז דער פֿאַקט, וועלכער בינדט צונויף און צעמענטירט אַלע יידן, און וועלכער שאַפֿט אַ פּלאַטפֿאָרם פֿון „קאָל יסראָעל כאַוויירים“.

און אויב די אידעאָלאָגיע פֿון דער עקזיסטענץ פֿון אַ באַזונדערער יידישער נאַציע, אויב די אידעאָלאָגיע פֿון גאָלעס איז שטענדיק געווען אַ רעאַקציאָנערע אידעאָלאָגיע, אויב

זי האָט שטענדיק געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פֿון אַנטקעגנשטעלן און באַקעמפֿן דעם קלאַסן-קאַמף, ווערט דידאָזיקע אידעאָלאָגיע נאָך מער בולעט רעאַקציאָנער און קאָנטררעוואָלוציאָנער אין איצטיקן פּעריאָד און באַ די איצטיקע באַדינגונגען. טײַנען איצט וועגן „גאָלעס"—באַטײַט ניט מער און ניט ווייניקער, ווי באַהויפּטן, אַז אויך אין די באַדינגונגען פֿון פֿ.ס.ס.ר. עקזיסטירט נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. ריידן איצט וועגן „גאָלעס"—הייסט פּרובירן דערווײַזן, אַז אין דעם לאַנד פֿון סאָציאַליזם דערלייזט מען ניט און מע קאָן ניט דערלייזן די נאַציאָנאַלע פֿראַגע. די גאָלעס-אידעאָלאָגיע איז ניט נאָר, וואָס זי ווענדעט אָפּ די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, זי האָט אָבער אויך אַן אויסגעשפּראָכענעם קריגערישן, אַנטיסאָוועטישן כאַראַקטער.

צי איז דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם מעכויעוו צו זײַן אַ ציאָניסט? אין די גרונט-פּאָזיציעס זײַנע פֿאַלט ער צונויף מיט דעם ציאָניזם. עס זײַנען אָבער אויך מעגלעך פֿאַרשיידענע ניואַנסן. עס איז אויך מעגלעך אַזאַ ניואַנס, אַז דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם זאָל געבן דעם ענטפֿער ניט אין געשטאַלט פֿון פּאַלעסטיניזם. מיר זעען אויך אַזאַ וואַריאַנט, ווו די גאַנצע רייד וועגן גאָלעס איז געווענדעט אויסשליסלעך קעגן פֿ.ס.ס.ר. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט פֿון דעמדאָזיקן מין דערקלערט ציניש און פֿרעך, אַז אין די באַדינגונגען פֿון אַ געווינטלעכער בורזשואַזער רעפּובליק קאָן די נאַציאָנאַלע פֿראַגע יאָ פֿאַרענטפֿערט ווערן. זי קאָן ניט פֿאַרענטפֿערט ווערן גראָד אין די באַדינגונגען פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אַזאַ פּאָזיציע געפֿינען מיר אָפּט אין דער ייִדישער בורזשואַזער פּרעסע אין אויסלאַנד. זיי בלאָקירן זיך מיט דער בורזשואַזיע פֿון זייער לאַנד, פֿאַרשמירן די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, וואָס עס הערשט דאָרט ביז איצט, און פּרוּוון אויסזוכן, אויסגראָבן קאָלערליי „נאַציאָנאַלע אַרגומענטן" אין זייער קאַמף קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

דידאָזיקע גאָלעס-אידעאָלאָגיע האָט, ווי געזאָגט, פֿאַרשיידענע שאַטירונגען. איינע פֿון דידאָזיקע שאַטירונגען באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס „ייִדישע פֿאָלק" ווערט געגעבן, ווי אַ דורכויס גערוידעפֿטע, עס ווערט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט דער מאָמענט, אַז אויך צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, פּונקט ווי אומעטום, איז געווען אַ באַדײַטנדיקע בורזשואַזיע, עס איז געווען אַ גרויסער טייל עקספּלואַטאַטאָרישע עלעמענטן.

באַ דעם נוסעך איז שוין גאָרניט נויטיק צו זײַן דאַווקע אַ ציאָניסט. עס איז גענוג דאָס אונטערהאַלטן די גרונט-לעגענדע פֿון ציאָניזם—וועגן דעם „פֿאַריאָגטן און פֿאַרפּלאָגטן" ייִדישן פֿאָלק.

דער „פּשאָרעדיקער" נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם גייט דאָ אויף פֿאָלגנדיקן וועג: אויב אין דעם ייִדישן פֿאָלק אינעווייניק זײַנען געווען אונטערדריקער און אונטערדריקטע, אויב עס זײַנען געווען אַרבעטער און בורזשואַזיע, אָרעמעלײַט און גווירים—זײַנען זיי אָבער אַלע געווען אונטערגעדריקט בענוגייע דעם אויסערלעכן אָרום. אין די באַציונגען פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג מיט דער ניט-ייִדישער באַפֿעלקערונג איז די ערשטע שטענדיק אַרויסגעטראָטן, ווי אַ באַקריוודעטע, און די צווייטע, ווי אַן אָנגרייפֿער.

ווען מען זאָל דעמדאָזיקן געדאַנק געבן פּאָשעט און פֿאַרשטענדלעך, ווען מע זאָל אים זאָגן בענוגייע די באַדינגונגען פֿון דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וואָלט פֿאַר יעדן איינציקן געווען קלאָר, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע. די מײַסע באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס דעמזעלביקן געדאַנק קאָן מען זאָגן פֿאַרשטעלטערהייט און פֿאַרטונקלט, אַז ניט יעדער איינער זאָל עס קענען אָנטאַפּן. גאַנץ אָפֿט מאַכן די ייִדישע נאַצ.-דעמאָקראַטן דעם מאַנעוור, וואָס טראָגט איבער די פֿראַגע פֿון קעגנוואַרט אין געשיכטלעכן אָפּשניט. ער וויל ניט געבן קײַן ענטפֿער אויף דעם, וואָס עס טוט זיך איצט, נאָר ער רעדט וועגן ווײַטן אַמאָל. און אויף וויפֿל עס רעדט זיך וועגן דעם „אַמאָל", איז עס דאָך אַ זאַך פֿון געשיכטע, פֿון „וויסנשאַפֿט", וואָס איז דעריבער ניט צוגענגלעך פֿאַר די ברייטע מאַסן.

גראָד דערפֿאַר האַלטן מיר פֿאַר נויטיק אָנצוווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט אַף די פֿאָרמען, ווי דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם וויל זיך באהאלטן אין „וויסנשאַפֿטלעלכע אויספֿאָרשונגען“—אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע. ווען דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט גייט שרייבן די ייִדישע געשיכטע איז שוין בא אים פֿון פֿריער דאָ אַן אָנגענומענער סקאַרבאָווער נוסעך. די ייִדישע געשיכטע, איז בא זיי אַ געשיכטע פֿון ייִדישע צאָרעס און ליידן, געשיכטע פֿון ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע—פֿון געפּייניקטע און געמוטשעטע. אַפֿילע אין יענע היסטאָרישע פֿאָרשונגען, וואָס פּרעטענדירן קלוימערשט אַף מאַרקסיזם, געפֿינען מיר גאַנץ אָפֿט גאַנץ היפּשע אַרויסווייַזונגען פֿון דערדאָזיקער אידעאָלאָגיע—סאָסיס. דערזעלביקער היסטאָריקער סאָסיס נעמט זיך איבער, וואָס ער האָט דערוויזן (אַנדעקט אַמעריקע), אַז אויך בא ייִדן זייַנען געווען רייַכע און אָרעמע, אַז אויך דאָ זייַנען געווען סאָציאַלע קעגנזאַצן. אָבער איינצייַטיק דערמיט ווערט ערגעץ ניט באוויזן, אַז דער ייִדישער גוויר, דער אַרענדאַר א.א.וו. האָבן געוועלטיקט און געדריקט די אַרומיקע ווייַסרוסישע און אוקראַיִנישע פּויערים. פֿאַרקערט, עס ווערט דורכגעפֿירט דער געדאַנק, אַז צו וואָס פֿאַר אַ סאָציאַלן שיכט דער אָדער יענער האָט ניט געהערט, איז ער דאָך געווען אונטערדריקט, מאַכמעס ער איז געשטאַנען נידעריקער פֿון די אַנטשפּרעכנדיקע סאָציאַלע שיכטן בא דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג. דער ייִדישער באַלמעלאָכע איז געשטאַנען אַף אַ נידעריקערן גראַד, ווי דער ניט-ייִדישער, דער ייִדישער סוחר האָט ניט געהאַט קיין ווערט און איז געווען אַף אַ שטאַפּל נידעריקער פֿון זייַן קאָלעגע צווישן דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג א. א. וו.

פֿאַר דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט איז אין דעם זין כאַראַקטעריסטיש דער מאָמענט פֿון ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע, ד. ה. אַז ייִדן האָבן ניט געפּייניקט, נאָר מען האָט זיי געפּייניקט. זיי האָבן קיינעם ניט אונטערדריקט, נאָר מע האָט זיי אונטערדריקט. דערדאָזיקער געדאַנק ווערט אַזוי אַרויסגעזאָגט: דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם איז אַ רעאַקציע קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם. ווען מע זעצט איבער דעמדאָזיקן איידעלן געדאַנק, וועלכער האָט אַפֿילע געפֿונען זייַן פֿאָרמולירונג אין די פּראָגראַמעס פֿון דער ייִדסעקציע פֿון מעלוכישן אוניווערסיטעט—ווען מע זעצט איבער דעמדאָזיקן געדאַנק אַף פּראָסט לאָשן, באַקומט זיך בערערך אַזוי: דער „ייִד“ (וועגן קלאַסן רעדט זיך דאָ ניט), איז בעטעווע אַ שטילער, ער טשעפּעט קיינעם ניט, ער אונטערדריקט קיינעם ניט, ער איז צופֿרידן, אַז מע טשעפּעט אים ניט, אַז מע לאָזט אים לעבן, נאָר ווען דער אַנטיסעמיטיזם טרעט אים אָן אַפֿן עק, קאָן דאַן אויך דער „ייִד“ ווערן אַ נאַציאָנאַליסט און אַף אַ געוויסן אויפֿן רעאַגירן... אָבער אויך דאָ דאַרף מען געדענקען, אַז סאָפֿקאָלסאָף, אַפֿילע ווען דער אַנטיסעמיטיזם גרייפֿט אָן און רופֿט אַרויס דעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם, אַפֿילע דענסטמאָל איז דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם אַ לייַטישער, אַן אָנשטענדיקער, מער מענטשלעך א. א. וו.

אַלזאָ, דער טעאָרעטישער אויסגאַנג-פּונקט פֿון דעם ייִדישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם (אויסער די מאָמענטן, וואָס זייַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַלע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן) וועט זייַן פֿאָלגנדיקער: „ערשטנס, די ייִדישע נאַציע געפֿינט זיך אין „גאָלעס“, פֿאַר איר שטייט נאָך די פֿראַגע וועגן נאַציאָנאַלער אויפֿוואַכונג. קיינער האָט דערפֿאַר קיין רעכט ניט צו שטעלן די פֿראַגע וועגן קלאַסן-קאַמף; צווייטנס, די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור דערלייזט ניט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע און קאָן זי ניט דערלייזן. מעמיילע—ווער עס קעמפֿט פֿאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, דאַרף יענער זייַן קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור; דריטנס, אין דער „וויסנשאַפֿט“ ווערט עס אויסגעדריקט אין דעם זין, אַז די ייִדישע געשיכטע איז אַ געשיכטע פֿון מאַרטירער; פֿערטנס, דער נאַציאָנאַליזם איז בלויז אַ רעאַקציע קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם.

אין די פֿראַגן פֿון קולטור-בויונג טרעט אַרויס דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם מיט די זעלביקע לאָזונגען ווי דער ווייַסרוסישער, אוקראַיִנישער און אַנד. נאַצ.-דעמאָקראַטיזמען. די נאַציאָנאַלע קולטור איז אַ קולטור פֿון דער גאַנצער נאַציע. אַלץ, וואָס עס איז אין דער

נאַציאָנאַלער קולטור פֿאַראַן, גייט עס אַלץ אַרײַן אין „פֿאָלק-אויצער“. דאָס אַלץ ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מין היילִיקײַט, איבער וואָס מע דאַרף זיך טרייסלען און צערטלען. אַלץ, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אַף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, איז וויכטיק און טײַער פֿאַר דער נאַציאָנאַלער קולטור. מעג עס זײַן אַ טילים, מעג עס זײַן אַ טאַלמודישער סייפער, מעג עס זײַן אַ שונד-ראָמאַן אַפֿילע—זיי אַלע האָבן דיזעלבע ווערט, דיזעלבע באַדײַטונג, ווײַל דאָס אַלץ איז געשאַפֿן געוואָרן אַף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, און דאָס אַלץ גייט אַרײַן אין דער נאַציאָנאַלער קולטור, און בײַם מיר פֿאַרנעמען זיך מיט דער שאַפֿונג און אַנטוויקלונג פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור, קומט צוגיין דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט און לייקנט אָפּ „איין קלײניקײַט“—דעם פּראָלעטאַרישן אינהאַלט פֿון דערדאָזיקער קולטור. אים איז דאָ וויכטיק ניט דער פּראָלעטאַרישער אינהאַלט, נאָר די נאַציאָנאַלע פֿאָרם. עס האָט דעריבער געטראָפֿן, אַז אונדזערע אַנשטאַלטן (אַקאַדעמיע, מעלוכע-אוניווערסיטעט), ווו עס האָבן זיך געלאָזן פֿילן גאַנץ שטאַרק די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע ווירקונגען, האָבן זיך אין זייערע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן פֿאַרנומען מיט פֿאַרשיידענעם אַלטוואַרג—מיט זאַמלען און פּובליקירן מאַטעריאַלן און וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן איבער געמאָרע-פּראַגנעס און דאָס גלײַכן. דער טערעק איז דאָ געווען איינער: עס האָט אַ וויסנשאַפֿטלעכע ווערט און אַ וויסנשאַפֿטלעכע באַדײַטונג. מע דאַרף גיין דערלערנען דעם סטיל פֿון די באָטעמעדראָשים, קלויסטערס א. א. וו.—זאָגט דער נאַצ.-דעמאָקראַט—ווײַל דאָס איז וויכטיק. מע דאַרף זיך גיין גראָבן אין די אַלטע לוכעס, ווײַל דאָ איז פֿאַראַן אַ וויסנשאַפֿטלעכער אינטערעס. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט גיט נאָך דערבײַ צו, אַז דאָס איז וויכטיק פֿאַר דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפֿט. דערבײַ מיינט דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט, אַז מיט דעם, וואָס ער האָט צוגעגעבן דאָס ווערטל „מאַרקסיסטיש“, וועט ער פֿאַרבלענדן די אויגן און קאָנען פֿאַרנאַרן.

פֿאַראַן דאָ נאָך אַ שפּרונג, נאָך אַ „טעאָריע“, וואָס ווערט דערבײַ אַרויסגעשטעלט און דאַרף שוין איינגאַנצן קאָשער מאַכן אָט דידאָזיקע טענדענצן. דאָס איז די טעאָריע פֿון „סטאַדיעס“.

דער סייכל איז דאָ אַ גאַנץ איינפֿאַכער: די וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט דאַרף באַשטיין פֿון צוויי סטאַדיעס, די ערשטע סטאַדיע איז אַ זאַמלערישע. די צווייטע ערשט פֿון כּאַאַרבעטן.

דערווײַל—גיבן זיי צו—געפֿינען מיר זיך נאָך אין דער ערשטער סטאַדיע פֿון זאַמלען. און וויבאַלד אַזוי, מעג מען און מען דאַרף זאַמלען אַלצדינג, מע דאַרף שטודירן אַפֿילע אַזעלכע „וויכטיקע“ פּראָבלעמעס, ווי האָט מען גערופֿן די עלטערע טאָכטער, צי די מיזשינקע פֿון דעם-אָדער-יענעם ראָוו, פּערעץ א.ד.גל.

צי איז עס נויטיק? דאָס וועט שוין ווײַזן דער צווייטער פּעריאָד, ווען עס וועט קומען די מאַרקסיסטישע באַאַרבעטונג.

קורץ גערעט מיט דערדאָזיקער סטאַדיעס-טעאָריע וויל מען אַף אַ פֿרומען אויפֿן מיט אַ קאָשערער מינע אופֿרײַסן די גאַנצע אַרבעט אונדזערע פֿון אונדזער ציל-אײַנשטעלונג.

אַגעוו דידאָזיקע טעאָריע—דאַרף מען ווײַזן די נאַצ. דעמאָקראַטן אונדזערע—האָט שוין אַ היפּשן „סטאַזש“. זי איז דאָ, אין אַן אַנדער סיטואַציע און בענויגייע אַנדערע פֿראַגן, אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך מיט דרײַסיק יאָר צוריק דורך די טאַטעט פֿון אָפּאָרטוניזם, דורך די עקאָנאָמיסטן.

אין גרונט פֿון דעמדאָזיקן צוגאַנג ליגט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, דער מאָמענט, אַז די נאַציאָנאַלע קולטור נעמט אין זיך אַרײַן אַלץ, אַז אַנטוויקלענדיק די נאַציאָנאַלע קולטור דאַרף מען זי אַנטוויקלען אין אַלע ריכטונגען, אומאָפּהענגיק פֿון דער קלאַסן-אײַנשטעלונג, (ד. ה. אינדערעמעסן—אין דער בורזשואַזער ריכטונג). אין גרונט דערפֿון ליגט, וואָס דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט לייקנט אָפּ און באַקעמפֿט אָפֿן אָדער באַהאַלטן לענינס ווערטער, אַז „אין יעדער נאַציע זײַנען דאָ צוויי נאַציעס, אין יעדער קולטור—צוויי קולטורן“.

דאָ איז וויכטיק נאָך אַ מאָמענט, דער סיידער האַייכעס, אַזוי צו זאָגן, פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס מיר שאַפן איצט. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט ציט דעמדאָזיקן ייכעס פון דער געמאָרע, פון כומעש, צי נאָר פון טײַטשכומעש. דאָס איז באַ אים דער אויסגאַנג-פונקט. עס באַקומט זיך אַזאַ מין קאָנצעפציע, אַז בייס מיר וועלן אַרויסגעבן מאַרקס ווערק אין יידיש, וועט דאָס באַדײַטן, אַז מיר דאַרפן דאָ זײַן אויסן ניט פאַרשפרייטן מאַרקסיזם, נאָר באַרײַכערן די יידישע קולטור. די קולטור אין יידיש (אַפילע די פראָלעטאַרישע) ציט איר קוואַל, לויט דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישן טײַטש, פון טײַטשכומעש. אַלזאָ, עס באַקומט זיך, אַז עס ציט זיך אַ רינגעלע פון טײַטשכומעש ביז מאַרקס אַ בוך אין יידיש. מאַרקס ווערט, אַף אזאַ אופן, דער יורעש פון טײַטשכומעש... דאָ קאָן זײַן בלויז איין נאַפקעמינע, אויב דער העברעיסט וואָלט אַלס היילי‌קע רעליקוויע געהאַלטן דאַווקע די ספאָרים, וואָס זײַנען געשריבן אין העברעיש, און באַ אים וועט דער כומעש אָדער די געמאָרע זײַן די היילי‌קײַט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, וועט פאַר דעם יידישיסט די‌זעלבע היילי‌קײַט זײַן ניט דער העברעישער כומעש נאָר דער כומעש אין יידיש, (דער טײַטש-כומעש). צווישן דעם און צווישן יענעם איז די נאַפקעמינע אַ נישטיקע. סײַ דער און סײַ יענער שטייען ביידע אַף איין און דערזעלבער נאַציאָנאַליסטישער פאָזיציע. צי איז העברעיש די הייליקע שפראַך (לאָשן-האַקוירעש) אָדער די יידישע—דאָ איז קיין נאַפקעמינע שוין ניטאָ.

דער ווײַסרוסישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט ציט דעם ייכעס-בריוו פון דער ווײַסרוסישער קולטור פון דער ביבל אַף ווײַסרוסיש, דער יידישער—פון דעם כומעש (אין העברעיש אָדער אין יידיש).

און דערדאָזיקער געדאַנק ווערט זייער אָפן און דײַטלעך פאָרמולירט אין איינער אַ בראָשור פון „בעל דמיון" (יידיש און יידישע קולטור—קאָוונע, 1922). דאָרט ווערט געזאָגט בוכשטעבלעך אַזוי:

„...ווײַבער, מיידלעך און דאָס געמיינע פאָלק, דער האַמוין אָם—דאָס איז געוואָרן דער געווינלעכער פיזמען פאַר דעם מין איוורע-טײַטש-ליטעראַטור, פאַר די צ ע נ ע - ר ע נ ע ס... באָבע-מאַיסעס אוכעדוימע, וואָס דערמיט האָבן זיך נאָך געקוויקט אונדזערע פ ר ו מ ע באָבעס. דאָסדאָזיקע איוורע-טײַטש איז איצט אויסגעוואַקסן צו בערגעלסאָן-אָפּאַטאָשוס ראָמאַנען, צו האָפשטיינס ליריק... צ ו מ אַ ר ק ס אַ ף י י ד י ש" (קורסיוו אונדזוערער א.א.וו.).

אַלזאָ פון צענע-רענע צו מאַרקסן.

עמעס דאָסדאָזיקע בוך איז געשריבן געוואָרן מיט 8 יאָר צוריק. אָבער דער טעזיס, וואָס איז דאָ ארויסגעזאָגט, איז קלאַל ניט פאַרעלטערט געוואָרן פאַר די נאַצ.-דעמאָקראַטן און אין זייערע אויגן קלינגט עס נאָך פריש-צאַפלדיק.

דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט פרוווט דעמדאָזיקן געדאַנק, אַז דער ייכעס-בריוו פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין דער איצטיקער צײַט דאַרף זיך ציען פון קלעריקאַלע קוועלן. דורכפירן אף אלע געביטן פון דער קולטור: סײַ אין דער וויסנשאַפט, סײַ אין קונסט און סײַ אין ליטעראַטור. דאָ איז זייער כאַראַקטעריסטיש דער פעטיש פון פאָלקלאָר, וואָס איז דורך זיי באַשאַפן געוואָרן. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָס איז אַ פאָלק-מײַסע אָדער אַ פאָלק-ליד, האַקיצער, אַז דאָ האָט עס צו טאָן מיטן „פאָלק", ווערט עס גלײַך היילי‌ק פאָלקסטימלעך איז עס דער העכסטער אידעאַל. מעג עס זײַן ווילד, אָפּגעשטאַנען, אָבער ווי באַלד עס איז ארויס פון היילי‌קן פאָלקס מויל, דאַרף דאָס זײַן דער העכסטער אוטאָריטעט, און אַלע זײַנען מעכויעוו פאַר דעם צו בוקן זיך (אויך דאָ, ווי איר זעט, ווערט דער באַגריף „פאָלק" גענומען ווי עטוואָס אַ גאַנצעס ניט דיפערענצירטערהייט). ווי באַוווסט, באַזירט זיך דער ווײַסרוסישער און אוקראַינישער נאַציאָנאַל-דעמאָ-

קראַטיזם אַף דער אַזוי גערופענער טעאָריע פון אייגנאַרטיקייט (самобытность): מײַן קול-טור פאַרמאָגט עטוואָס אַזוינס, וואָס קיין אַנדער אומעוועלאָשן פאַרמאָגט עס ניט. קיינע געזעצן, וואָס זײַנען שײַעך צו „לײַטן“, האָבן אַהער קיין שליטע ניט. דעריקער אויפגאַבע איז אָפּצוהיטן און קאָנסערווירן די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט. ווי איז צו יענעם, ווער ס'פרווט ברעכן די געגעבענע קולטור, אַרײַנטראָגנדיק אין איר די ווערטן, וואָס זײַנען געשאַפן גע-וואָרן אין דער פּראָלעטאַרישער קולטור אַף אנדערע שפּראַכן. יענער וואָגט אָנצורירן די הייליקע אייגנאַרטיקייט פון דער הייליקער נאַציאָנאַלער קולטור.

אָט די זעלביקע טעאָריע וועגן „אייגנאַרטיקייט“ איז אייגנשאַפטלעך ניט אין אַ קלענע-רער מאָס פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. דאָ דריקט זי זיך מערסטנטייל אויס אין דעם, וואָס עס איז פאַרהייליקט געוואָרן „פאָלקסטימלעכקייט“. ווי באַלד דאָס איז פאָלקסטימלעך, מעג עס אַפילו קומען פון קלויז צי פון בעסמעדרעש, איז עס שוין אַ היי-ליקע זאַך וואָס עס דאַרף קולטוווירט און אײַנגעפלאַנצט ווערן.

אין דעם פראַט איז שוין זייער כאַראַקטעריסטיש אָנצווועגדן אונדזער אויפמערקזאַמ-קייט אַף די ניגונים און מעלאָדיעס, וועלכע זײַנען א היפשע צײַט קולטווירט געוואָרן אַלס פאָלק-מוזיק, אַלס פאָלק-שאַפונג א.א.וו. א.וו. די דאָזיקע מעלאָדיעס זײַנען אין גרעסטן טייל פון קלעריקאַלער רעליגיעזער אָפּשטאַמונג, און אָט די קלעריקאַלע דווייקעס האָט מען געוואָלט אָנגעבן פאַר פּראָלעטאַרישער קולטור. עס זײַנען געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אין די דאָזיקע ניגונים אײַנגעזען פּראָלעטאַרישע כעדווע א.א.וו.

נאָך מער בוילעט ווערט דאָ דער פּרווו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ גרופּע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן אף צו באַנײַען און אָפּפרישן אַף אַ נײַעם שטייגער די יידישע רע-ליגיעזע מוזיק דורך דעם, וואָס זי איז טיילווײַז איבערגעמאַכט געוואָרן און צוגעפּאַסט גע-וואָרן צום מאָמענט פון הײַנטיקער צײַט. מיר האָבן פאַר זיך אַ גאַנצן זאַמלבוך פון מע-לאָדיעס, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון קאָמפּאָזיטאָר גנעסין אַף אַ גאַנצע ריי אַקטועלע הײַנטצײַטיקע טעמעס. דאָרט האָט איר, צ.ב., דעם „ערשטן מאַי“, „דער אָנגריף פון די ווײַסע“, „בירגער-קריג“, „לענינס טויט“ א.א.וו. און מערקווירדיק, די-דאָזיקע אַלע ניגונים שטעלן מיט זיך פאָר אַן איבערדיכטונג פון סינאַגאָגאַלע מאָטיוון. די קאָמפּאָזיציע, צום בײַשפּיל, וואָס דאַרף איבערגעבן דעם גרויל, ווען די ווײַסע פאַלן אָן אַף אַ שטאָט, באַלאַגערן זי, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון אַ שטיקל „צדק לפניו יהלך“, טיילווײַז פון ניגן פון האַפטוירע. וואָס זײַנען די דאָזיקע קאָמפּאָזיטאָרן אויסן געווען? זיי ווילן זאָגן, אַז זיי האָבן געוואָלט באַרײַכערן די פּראָלעטאַרישע קולטור, שאַפן קאָמפּאָ-זיציעס אַף אזעלכע מאָטיוון, וואָס זײַנען אַקטועל. דאָס וועט זײַן זייער טערעץ. אָבער, אין גרונט גענומען, שטעלט עס מיט זיך פאָר אַ פּרווו צו קאַשערן די יידישע סינאַגאָגאַ-לע מוזיק דורך דעם, וואָס מע וועט איר צוגעבן אַ סאָוועטישן פּאַספּאָרט. מיר האָבן דאָ אַ פּרווו, וואָס דאַרף זאָגן, אַז די קלויסטער-קולטור, בעסמעדרעש-קולטור איז אַ זאַך אַ וויכ-טיקע און נויטיקע, און מע דאַרף זי ניט אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן. מע דאַרף זיך פון דעם ניט אָפּזאָגן, עלע וואָס דען, דאָ זײַנען פאַראַן געוויסע „נעגאַטיווע מאָמענטן“?—דאַרף מען דאָס קאָרעגירן, פאַריכטן, צופּאַסן צו די הײַנטיקע אויפגאַבן.

דאָ האָבן מיר ווידעראַמאָל די אידעאָלאָגיע פון דער „יידישער טראַדיציע“, פון דעם, אַז די מאָדערנע פּראָלעטאַרישע קולטור אין יידיש דאַרף ציען אירע קוועלן פון דעם יידישן... קלעריקאַליזם.

אָריגינעל איז, ווען דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט פּרווט זיך אָנטאָן אַ לינקן שלייער און פּרווט זיך באַנוצן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע. דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט פון דעמדאָזיקן מין וועט טײַפן בערערך אַזוי: יידיש, ווי אַזאַ איז מיר ניט טײַער, מאַך איך דערפון קײַן וועזן ניט. איך ווייס, אַז די שפּראַך איז מער ניט, ווי אַ מיטל פון צו-נויפריידן זיך, און ניט קײַן הייליקע זאַך. איך ווייס אויך, אַז דעריקער איז ניט נאַציאָ-

נאַלע ווערטן, נאָר קלאַסן-ווערסן, אָבער... גראָד אונדזער שפּראַך דאַרף מיר שעצן דערפֿאַר, ווײַל זי איז ניט אַ נאַציאָנאַלער אויסדריק, נאָר אַ קלאַסן-אויסדריק. דאָ ווערט זיך אָנהויבן אַ סעדרע דערפֿון, ווי אַזוי די העכערע שיכטן פֿון דער בורזשואַזיע האָבן שטענדיק געשטרעבט צו פֿאַרבײַטן ייִדיש אויף אַן אַנדער שפּראַך: אויף רוסיש אָדער העברעיִש. באַם ייִדיש זײַנען געבליבן בלויז די „פֿאָלק-מאַסן“—די האָרעפּאַשנע און די אַרבעטנדיקע. אַלקיין, איז די ייִדישע שפּראַך לעכאַטכילע געווען אַ שפּראַך פֿון האָרעפּאַשניקעס. ווער עס רעדט ייִדיש, יענער פֿאַרייניקט זיך צו די האָרעפּאַשניקעס, דאַקעגן די, וואָס באַנוצן אַן אַנדער שפּראַך, באַווײַזן, אַז אים ציט ניט צו די אַרבעטנדיקע, נאָר צו דער בורזשואַזיע.

מיר האָבן דאָ לעפּיערעך איבערגעגעבן דעם נוסעך, ווי אַזוי מע וויל מיט אַ רעוואָלוציאָנערער מינע דורכפֿירן און דורכשמוגלען דעם גאַנצן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישן קלאַפּער-געצײַג. דאָ איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אָנשטאָט דאָס וואָרט, „פּראָלעטאַריאַט“ ווערט דאָ געברויכט און באַנוצט „פֿאָלק-מאַסן“, „האָרעפּאַשנע מאַסן“. דאָס איז די טיפּישע שפּראַך פֿון אַ נאַציאָנאַל-דעמאקראַט. נאָר דעריקער באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס מע וויל דאָ אַרויסגעבן אַן אַטעסטאַט, אַז די נאַציאָנאַלע קולטור איז אַ קולטור פֿון די אַרבעטנדיקע, דאָ ווערט אַבסאָלוט אָפּגעלייקנט דער קלאַסן-אַנטאַגאָניזם, דער מאָמענט, אַז אין יעדער קולטור איז דאָ צוויי קולטורן“.

אין דער פּראַקטיק ווײַזט זיך אַרויס דערדאָזיקער וואַריאַנט פֿון דעם נאַצ.-דעמאָקראַטיזם גאַנץ אָפֿט, מיר האָבן אַפֿילע געהאַט אַ געדרוקטן אַרטיקל אין „אָקטיאַבר“ מיט אייניקע יאָר צוריק, וווּ עס איז דורכגעפֿירט געוואָרן דער געדאַנק, אַז דער טייל פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס רעדט ייִדיש, איז אונדזער אינטעליגענץ. דאַקעגן דער טייל אינטעליגענץ, וואָס רעדט ניט ייִדיש, איז אַ פֿרעמדע אינטעליגענץ. אַלס סימען דערפֿון, צי איז דער אָדער יענער טייל פֿון דער אינטעליגענץ געבונדן מיט דעם פּראָלעטאַריאַט, מיט זײַנע אויפֿגאַבן, מיט זײַן קאַמף און בריונג, איז אָנגעגעבן געוואָרן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי די ייִדישע שפּראַך. ייִדיש איז דאָס די גאַראַנטיע פֿון רעוואָלוציאָנערישקײַט, פֿון פּראָלעטאַרישקײַט! פּונקט ווי עס קאָן ניט געמאָלט זײַן, אַז גראָד דער אינטעליגענט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט דעם ייִדיש, זאָל גראָד זײַן דער טרעגער פֿון ייִדישן נאַציאָנאַליזם.

דאָ ווערט אַרויסגעגעבן אַ לינקער העכשער אויף דער נאַציאָנאַליסטיש-ייִדישיסטישער אינטעליגענץ און אין לעצטן סאַכאַקל ווערט דאָ אָפּגעלייקנט דער פֿאַקט, אַז עס איז דאָ אַ ייִדישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. מאַכמעס, אויב יעטווידער, ווער עס רעדט ייִדיש איז שוין דערמיט אַליין אַ רעוואָלוציאָנער, טאָ ווו איז די ייִדישע קאָנטער-רעוואָלוציע?

אויך אין דער ליטעראַטור באַגעגענען מיר אַזעלכע שפּורן. מיר זעען אָפֿט, אַז ביים דער שרײַבער מאָלט פֿאַרשיידענע טיפּן, פֿירט ער דורך אַזאַ געדאַנק:—רעדט אַ ייִדישער אַרבעטער אויף אַ געמישטער שפּראַך, באַנוצט ער אין זײַן לעקסיקאָן אַ באַשטימטן טייל פֿרעמדווערטער פֿון אַן אַנדער שפּראַך—איז עס אַ סימען, אַז ער איז אָפּגעריסן פֿון די מאַסן, אַז ער פֿאַרגעסט זיך, אַז ער שאַרט זיך צו ווערן אַן „אַריסטאָקראַט“.

און מערקווירדיק, ווי אַזוי דער ייִדישער נאַצ.-דעמאָקראַט איז ניט אָריגינעל, מאַכמעס דעמזעלביקן מאַנעוור זעען מיר אויך באַם ווײַסרוסישן נאַצ.-דעמאָקראַט. אויך דאָרט הערן זיך אַזעלכע טענער, אַז די ווײַסרוסישע שפּראַך איז אַ קלאַסן-איינהײַטלעכע שפּראַך, אַז זי שטאַמט אויסשליסלעך פֿון די אונטערדריקטע און פֿון די פּאַריאַגטע. און ווער עס רעדט ווײַסרוסיש, איז עס שוין מיט דעם אַליין אַ סימען, אומאָפּהענגיק פֿון אַלע זײַנע מײַסים, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער און דאָס גל.

מיר האָבן זיך גראָד דאָ אָפּגעשטעלט אויף די שפּראַכלעכע מאָמענטן. עס איז דאָך אָבער קלאָר, אַז דערדאָזיקער שטריך איז שײַעך ניט נאָר צו דער שפּראַך, נאָר אַז מיר האָבן דאָ אַן אַלגעמיינעם מאַנעוור פֿון די נאַצ.-דעמאָקראַטן אויף אַלע געביטן פֿון קולטור-

בוינג. דערדאָזיקער וואַריאַנט פֿון דעם נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם וועט צוגעבן יעטווידער געבים פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור אַ רעוואָלוציאָנערן אַטעסטאַט, וועט עס דערקלערן פֿאַר אַ פּראָדוקט פֿון די אונטערדריקטע, פֿאַר אַ פּראָדוקט פֿון די „פֿאָלק-מאַסן“ נאָר דער-מיט אַליין, וואָס דאָס איז בעזאָגט און געשאַפֿן געוואָרן אַף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך.

צי איז דאָ פֿאַראַן אַ נאָפֿקעמינע צווישן דעם געווייינטלעכן, פּאָשעטן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם און דעמדאָזיקן וואַריאַנט? אויסערלעך איז דאָ פֿאַראַן אַ גרויסע נאָפֿקעמינע. דער ערשטער גייט אַרויס לעכאַטכילע פֿון די פּאָזיציעס, אַז די נאַציאָנאַלע קולטור איז אַ היי-ליקע „אַן און פֿאַר זיך“. דער צווייטער דאַקעגן פּרוווט אונדז אייַנשמועסן, אַז דער אויס-גאַנג-פּונקט איז באַ אים ניט די נאַציאָנאַלע קולטור, נאָר די קולטור פֿון די אונטערדריקטע, פֿון די האָרעפּאַשנע מאַסן און דאָס גלייַכן. אין לעצטן סאַכאַקל איז דידאָזיקע נאָפֿקעמינע מער ניט, ווי אַן אויסערלעכע. אין סאָך—קומען דיביידע וואַריאַנטן צו איין און דעמזעלבן אויספֿיר. פֿאַרקערט, אַף וויפֿל די צווייטע פֿאָרם, וואָס וויל באַהויפּטן, וואָס וויל דורכפֿירן אַ פֿאַרגלייַך-צייכן צווישן דער נאַציאָנאַלער קולטור און קלאַסן-קולטור, איז אַ מער באַ-האַלטענע, פֿאַרמאַסקירטע פֿאָרם פֿון דער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם, איז זי מער געפֿערלעך און שעדלעך.

דאָ איז אויך קעדייַ אָפּצושטעלן זיך דערויף, ווי אַזוי דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם פֿון דעמדאָזיקן שניט פּרוווט זיך צוגעבן אַ רעוואָלוציאָנערן גלאַנץ צו דעם אַלץ, וואָס איז יידישלעך. רעדט איר מיט אַ פֿאַרשוין פֿון דעמדאָזיקן מין, וועט ער גלייַך דערציילן אַ מייַסע, אַז די גאַנצע רעוואָלוציע איז אַ „יידישע זאַך“, אַז יידן זייַנען טאָמיד געווען רעוואָלו-ציאָנערן, מאַכמעס דאָס איז באַ זיי, אַזוי צו זאָגן, אַ נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿט, עס ליגט שוין באַ זיי אין בלוט. ער וועט מיט גרויס פֿלייַס און האַסמאָדע גיין זוכן צווישן די רע-וואָלוציאָנערע נעמען, ווער פֿון זיי האָבן אַ יידישע אָפּשטאַמונג. ער וועט דאָס טאָן דער-פֿאַר, ווייַל דאָס גיט צו קאָוועד דעם „יידישן פֿאָלק“. זייַן נאַציאָנאַליסטישן געפֿיל קיצלט דער מאָמענט, וואָס אויך דאָ זייַנען פֿאַראַן „אונדזעריקע“.

און ווייער אין אַ גרויסער מאָס זעען מיר דידאָזיקע דערשייַנונג אין דער אידעאַליזאַ-ציע פֿון „בונד“. די אידעאַליזאַציע שפּייַזט זיך ניט נאָר פֿון מענשעוויסטישע קוועלן, נאָר אויך פֿון נאַציאָנאַליסטישע. די קרענקלעכע רעאַקציע, וואָס מיר האָבן גאַנץ אָפֿט באַ-מערקט בייַס עס איז געפֿירט געוואָרן אַ העפֿטיקער קאַמף קעגן דער אידעאַליזאַציע פֿון „בונד“, האָט אויך געניוג איידעס געזאָגט וועגן דעם. דעם קלייַנבירגער וואָלט זיך זייער שטאַרק וועלן, אַז מע זאָל ריידן און שרייבן, אַז זייַן „בונד“, זייַן נאַציאָנאַלע פּאַרטיי האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער טעמפּער אייַנגעליבטער אין זיך נאַציאָנאַליזם איז דאָ גרייט צו פֿאַרגעסן וועגן דעם, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ מעכטיקער רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט א. א. וו. וואָס פֿאַר אַ באַדייַטונג האָט פֿאַר אים דידאָזיקע גאָישע קעפּ?

און ווען דער דעראָזיקער באַלעבעסל זעט, ווי עס ווערן אויפֿגעדעקט די אָפּאָרטוניסטישע און קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע ראָל פֿון „בונד“, ווערט ער מאָלע רעציכע ניט דערפֿאַר, ווייַל ער איז קעגן אָפּאָרטוניזם. כאָלילע! אים אַרט, וואָס מען האָט דאָ אָנגערירט זייַן נאַציאָנאַלן פֿעטישיזם, וואָס מע האָט דאָ אָנגערירט זייַנע נאַציאָנאַליסטישע געפֿילן, וואָס מע האָט דאָ צעשטערט זייַן לעגענדע וועגן דעם אייַנגעבאָרענעם יידישן רעוואָלוציאָניזם און צעבראָכן זייַן מאַנעוור צו פֿאַרהייליקן נאַציאָנאַליזם אונטערן שלייער פֿון רעוואָלוציאָניזם. ניט אומזיסט נעמט זיך אָן די קריוודע פֿון „בונד“ ניט נאָר דער, וועלכער איז פֿאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פֿון „בונד“, נאָר אַפֿילע דער, וואָס האָט קיינמאָל קיין שום שייַכעס ניט געהאַט צו דער בונ-דישער באַוועגונג. דער בונדיזם איז אַ פֿאָן פֿון קלייַנבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם אונטער אַ רעוואָלוציאָנערן פּאַספּאָרט. און אויב אַזאַ מאַנעוור איז געווען נויטיק פֿריער, איז ער נאָך מער נויטיק דעם יידישן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם איצט אין די באַדינגונגען פֿון פֿ.ס.ס.ר.

ווען ער איז געצווּנגען זיך צוצופּאַסן און אָנצוטאָן אַף זיך אַ צודעק אין גייסט פֿון דער איצטיקער צײַט, זוכן אַ רעוואָלוציאָנערן ייִכעס. און אויך דאָ זעען מיר, ווי אַזוי עס פּאַלט צונויף די ליניע פֿון ייִדישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם מיט דעם ווײַסרוסישן. דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאָקראַט איז נויטיק צו אידעאַליזירן דעם „בונד", דעם ווײַסרוס—„די הראָמאַדע" און „נאַשאַ ניוואַ", ווײַל סײַ דאָ און סײַ דאָרט איז די דאָזיקע אידעאַליזאַציע אַ רינגעלע פֿון דעם נאַצ.-דעמאָקראַטיזם, וואָס וואַקסט אַריבער אַפּילע אין אַ נאַציאָנאַל-פֿאַשיזם.

דער ייִדישער נאַצ.-דעמאַקראַטישער היסטאָריקער וועט זינגען לויב-געזאַנגען דעם „בונד" און די איבעריקע ייִדישע קליינבירגערלעכע פּאַרטייען. דער ייִדישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער היסטאָריקער וועט אפילע די געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אײַנפּאַסן אין אַ ייִדישער ראַם. באַ דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאקראַט איז דאָך דער „בונד" געווען דער פֿאָרגענגער פֿון דער פּאַרטיי. דאָסזעלביקע וועט זײַן באַ דעם ווײַסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאקראַט די „הראמאַדע".

און טאַקע דערפֿאַר, ווײַל די הויפּט-מאַנעווּרירונג-פּונקטן, ווי די הויפּט-אַרגומענטן, וועלן זײַן דיזעלביקע סײַ באַ דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאָקראַט און סײַ באַ דעם ווײַסרוסישן,—טאַקע דערפֿאַר באַמערקן מיר צווישן זיי אַ געוויסן בלאָק, אַ געוויסע קעגנזײַטיקע שטיצע. איינער נעמט זיך אָן פֿאַר דער קריוודע פֿון דעם צווייטן.

עס איז דאָ נאָך אַ פּונקט, וווּ עס קומט זיך צונויף דער ייִדישער און ווײַסרוסישער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם. דאָס איז די לעגענדע וועגן דער ייִדישער שטאָט און ווײַסרוסישן דאָרף. די ווערסיע פֿון דעם ייִדישן נאצ.-דעמאָקראַטיזם איז בערעך אַזאַ: די שטאָט, דער פּראָלעטאַריאַט, איז דורכויס אַ ייִדישער, און אַ ווײַסרוסישע איז נאָר דאָס דאָרף, דאָס פּויערטום. לויט דער ווערסיע קומט אויס, אַז דער גאַנצער אַרבעטער-קלאַס אין ווײַסרוסלאַנד איז דורכויס אַ ייִדישער, אין דער צײַט, ווען דער ייִדישער אַרבעטער באַטרעפֿט סאַכאַקל עטוואָס מער פֿון אַ פֿערטל פֿון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אין ווײַסרוסלאַנד. די דאָזיקע „שיינע" סטאַטיסטיק איז דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאַקראַטיזם נויטיק, בכדי צו באַרעכטיקן זײַנע פּרעטענזיעס, בכדיי צו קאָנען דורכפֿירן אַ פֿאַרגלײַכונג-צײַכן צווישן דער ייִדישער קולטור און פּראָלעטאַרישער קולטור. פֿון דער צווייטער זײַט אימפּאָנירט דיזעלבע „צוטיילונג פֿון די ספֿערעס" אויך דעם ווײַסרוסישן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם. דער לעצטער איז אויך צײַטנווײַז פֿאַראינטערעסירט צו דערווײַזן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט זײַן דער טרעגער, שוין אָפּגערעדט, דער העגעמאָן פֿון דער ווײַסרוסישער קולטור, ווײַל דער פּראָלעטאַריאַט איז אַ „פֿרעמדער". איבערהויפּט איז עס בולעט פֿאַר דעם ווײַסרוסישן נאַציאָנאַליזם אין דער שפּראַך-פֿראַגע. דער ווײַסרוסישער אַרבעטער קאָן ניט זײַן דער טרעגער פֿון דער ווײַסרוסישער שפּראַך, ווײַל דער אַרבעטער פֿון ווײַסרוסלאַנד איז ניט קיין ווײַסרוס.

## דער ייִדישער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם און פ.ס.ס.ר.

דאָ האָבן מיר בעדייע אָפּצושטעלן זיך מער אַף דער פּאָליטישער פּלאַטפֿאָרם און אַף דער פּאָליטישער טאַקטיק פֿון דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאקראַטיזם בענויגייע דער סאָוועטנ-מאַכט. וואָס שטעלט מיט זיך פֿאַר דער ייִדישער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם? דאָס איז דער טרעגער פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, פֿון דער ייִדישער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וועלכע איז לויט אירע קלאַסן-אינטערעסן פֿאַראינטערעסירט רעסטאַווּרירן אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע אָרדענונג. דער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם פֿאַרמאָגט דעריבער די אדער יענע נאַציאָנאַליסטישע געפֿילן און געדאַנקען. ער האָט אויך אַ פּראָגראַם פֿון מײַסים, אַ פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרם.

אין דעם קאַמף קעגן פ.ס.ס.ר., קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור טרעט ער אַרויס אַלס איינער פֿון די אָטריאַדן פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער בורזשואַזיע—דער ייִדישער

נאַצ.-דעמאָקראַטיִזם. זייער טײַנע קעגן פֿ.ס.ס.ר. וועט זײַן דיִזעלבע, ווי דיִ טײַנעס פֿון דער גאַנצער בורזשואַזיע. דיִ פּראָלעטאַריִשע דיִקטאַטור האט אָפּגעשאפֿט פּריִוואט-אייגנטום, דיִ פּראָלעטאַריִשע דיִקטאַטור האט אפּגענומען בײַ דער בורזשואַזיע איִרע פֿאַבריקן און זאַוואָדן. דיִ פּראָלעטאריִשע דיִקטאַטור האָט דורכגעפֿיִרט און פֿירט דורך דיִ עקספּראָפּריִאַציע פֿון די עקספּראָפּריִאטאָרן. דיִ פּראָלעטאריִשע דיקטאטור צעברעכט און צעשטערט דיִ הייליִקע אייגנטום-רעכט פֿון דיִ עקספּלואַטאַטאָרן. עס דארף דעריִבער אין נאָמען פֿון אייגנטום, איִן נאָמען פֿון פֿרײַער עקספּלואטאציע געפֿיִרט ווערן אַ קאַמף מיִט אט דער פּראָלעטאַריִשער דיִקטאַטור. אַפֿן פֿאָן פֿון דעם ייִדישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם איִז ניִט פֿאַרמאַסקיִרטערהײַט אָנגעשריִבן די פֿאַרטיידיִקונג פֿון דעם אייגנטום, פֿון דיִ עקספּלואטאַטארס. דאָ איִז בוילעט און דײַטלעך דיִ פּאָזיִציע פֿון דער בורזשואזיע צו דער מאכט פֿון אַרבעטער און פּויער.

דער ייִדיִשער נאַצ.-דעמאָקראַטיִזם שפּײַזט זיך ניִט נאָר פֿון דעם טייל פֿון דער ייִדיִשער בורזשואזיע, נעפּלײַט, וואָס ·געפֿינען זיך אין פֿ.ס.ס.ר., ער האָט זײַן באַזע אויך איִן דער אויסלענדישער ייִדיִשער בורזשואַזיע. דאָס קלאַסן-סאָליִדאַריִטעט רופֿט אַרויס אַן איִלוזיע פֿון נאַציאָנאַלן סאָליִדאַריִטעט. די אויסלענדישע יידיִשע בורזשואזיע נעמט זיך אָן דיִ קריִוודע פֿון „זייערע בריִדער“, וואט שמאַכטן איִן פֿ.ס.ס.ר. דער ייִדיִשער נאַצ.-דעמאָקראַ-טיזם שפּיִלט דאָ פֿאַר דעם אויסלענדיִשן בורזשוי די ראָל, וואָס ער דארף מיִטהעלפֿן פֿאַר-מאַסקיִרן זײַן דיִרעקטע קאַוואָנע, ער דארף מיִטהעלפֿן פֿאַרוואַנדלען דיִ קלאַסן-פּראָבלעם פֿון דער בורזשואַזיע איִן אַ נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. איִן דער ווילדער אַגיִטאציע, וואָס ווערט טאָג-איִין, טאָג-אויס געפֿיִרט איִן דער גאַנצער אייראָפּעיִשער פּרעסע קעגן פֿ.ס.ס.ר., פֿאַרנעמט אַ געוויסן אָרט אויך דער מאָמענט, וואס איִן דעם לאַנד פֿון סאָציאַליִזם קומט אום, גייט אויס די „ייִדיִשע נאַציע“, און דיִ ציִוויליִזיִרטע וועלט איז מעכוייעוו צו פֿאַר-טראַכטן זיִך וועגן „דעם גוירל פֿון א גאַנצן פֿאָלק“. מיִר האָבן גראָד דיִ לעצטע צײַט געזען, ווי אַזוי איִן דעם אָרקעסטער פֿון דער צוויִשנפֿעלקערלעכער בורזשואַזער העצע קעגן פֿ.ס.ס.ר. האָט זיך גאנץ היִלכיִק געלאָזן הערן אויך דאָס „ייִדיִשע פֿיִדעלע“. צוזאַמען מיִטן יעפּיִסקאָפּ פֿון קענטערבעריִ, מיִט לאָרד קעשענדען און דאָסגלײַכן האָט זיִך אויך גע-לאָזט הערן דיִ שטיִם פֿון לאָנדאָנער טשייף, רעב דאָקטער הערץ און אנדערע פֿאַרזאָרגער פֿארן קלאַל-ייִסראָעל.

קלאַל-ייִסראעל-אינטערעסן איִז געוואָרן אַ וואליוטע. וועלכע קאָטיִרט זיִך גאנץ הויך איִן דעם אַגיִטפּראָפּ פֿון פֿאָריין אָפֿיִס (ענגליִשער אויסערן-מיניִסטעריום), סקאָטלאנד יאַרד. ווען דער אלוועלטלעכער בורזשואזיע וועט זײַן נויטיִק צו איִר פּאָליִטיק, וועט דער ייִדיִ-שער נאַצ.-דעמאָקראַטיִזם קאָנען אויסגענוצט ווערן דורך איִר, ווי אַ וויכטיִקע געווער איִן קלאסן-קאמף, פּונקט ווי איִן איִר צײַט האָט זיך די אלוועלטלעכע ציִוויליִזאַציע אָנגענומען דיִ קריוודע פֿון דער אומגליִקלעכער סערביע.

דער ייִדישער נאַצ.-דעמאָקראַטיִזם איִז אַגרעסיִוו. ער פֿיִרט אַן אויסגעשפּראָכענעם אָנגריף קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיִקטאַטור סײַ אינעווייניִק איִן פֿ. ס. ס. ר. און סײַ אויסן.

דעדדאָזיִקער אַגרעסיִווער כאַראַקטער שטערט איִם אָבער ניִט (פֿאַרקערט, צום רומל איִז עס נויטיִק) צו מאַכן אַ מיִנע פֿון א באַקריוודעטן, צו אַרויסשטעלן זיִך איִן אַ פּאָזע פֿון דעם, וואס פֿאַרטיידיִקט זיִך.

וואס איִז דער הויפּט-ארגומענט אין דעם קאמף קעגן פֿ.ס.ס.ר.? מיִר האָבן שוין אויבן וועגן דעם געזאָגט, וואָס דיִ דיִקטאַטור פֿון פּראָלעטאריאַט האָט צעבראכן דיִ בורזשואַזיע און בעסויכאָם אויך דיִ ייִדיִשע בורזשואַזיע. דא קומט נאָך צו דער מאָמענט, וואָס דאָס אומקום פֿון דער ייִדיִשער בורזשואַזיע ווערט פֿאַרטײַטשט, ווי דאָס אומקום פֿון דער ייִדיִ-שער נאַציע.

„אַנדערע ווערן צערוּינירט, ווי קלאַסן, מיר ווערן צערוּינירט ווי אַ פֿאָלק", אַזוי האָט דעקלאַרירט נאָך מיט איינִיקע יאָרן צוריק זײַן שטעלונג צו פֿ.ס.ס.ר. די ציִעניסטיש-פֿאַשיסטישע צײַטונג אין פאַלעסטינע „האַדאָוואָר". אַלזאָ, ווער עס איז פֿאַר דער „ייִדישער נאַציע", ווער עס איז פֿאַר די אינטערעסן פֿון „ייִדישן פֿאָלק", יענער דאַרף גיין קעמפֿן פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע קעגן דעם סאָוועטן-פֿאַרבאַנד.

נאָך פֿאַרביסענער איז געוואָרן דערדאָזיקער קאַמף אין איצטיקן פעריאָד, ווען דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר איז אַריבער אין אַן אַנטשלאָסענעם אנגריף אַף די פריוואַט-קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן.

פֿ.ס.ס.ר., דאָס איינציקע לאַנד, ווו עס איז בעעמעס און פֿולשטענדיק געלייזט געוואָרן די נאַצפֿראַגע, דאָס לאַנד, ווו אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן ווערן אַרײַנגעצויגן אין פֿאַבריק, אין ערד-אַרבעט, אין קוסטאַרישע מלאָכע—דאָסדאָזיקע לאַנד ווערט דורך דער בורזשואַזער פרעסע טאָג-אײַן, טאָג-אויס געטאַדלט. עס ווערט קעגן איר גערופֿן אַ קרייץ-צוג אין נאָמען פֿון די „ייִדישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן". דער באַראָן גינזבורג, דער אייגנטימער פֿון די גאָלד-גרובן, דער באַוווּסטער העלד פֿון די לענער געשעענישן, ייִדישע פֿאַבריקאַנטן האָבן אָנגעוואָרן זייערע פֿאַבריקן, די פראָלעטאַרישע דיקטאַטור דערלאָזט ניט פֿאַרוואַנדלען פֿ.ס.ס.ר. אין אַ קאָלאָניע פֿון דער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע און בעסויכאָם אויך פֿון דעם ייִדישן פֿינאַנץ-קאַפיטאַל—בעכיין האָט די פראָלעטאַרישע דיקטאַטור אָנגערירט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. און וואָס קען עס באַדײַטן, ווען צענדליקער טויזנטער ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, אָרעמקײַט זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין פּראָדוקטיווער אַרבעט און סאָציאַליסטישער בויונג, אויב פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע איז אָפּגעשניטן געוואָרן אַ זעקסטער טייל פֿון דעם ערד-קוגל. דער ייִדישער גרויס-קאַפיטאַל אין אויסלאַנד, די אויסלענדישע גרויס-בורזשואַזיע פאַרגעסן נעבעך ניט צו טרויערן אַפֿן גורל פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע און נעפּמאַן אין פֿ.ס.ס.ר. „דעניקין האָט אָפּגעמאַכט אַ פּאָגראָם איינמאָל און פֿאַרטיק. די סאָוועטנמאַכט מאַכט אַלע טאָג קעסיידעריקע פּאָגראָמען. זי שטויסט אַרויס די ייִדישע קרעמער פֿון זייערע קראָמען"—דאָס איז דער לייט-מאָטיוו פֿון דעם צעיושעטן ייִדישן נאַציאָנאַליזם.

דאָסדאָזיקע לידל ווערט געדרוקט ניט נאָר אַף דער אויסלענדישער בורזשואַזער פּרעסע, מע פּרוּווט עס אויך דורכשמוגלען אין אונדזער ליטעראַטור, אין אונדזער פרעסע. דער נעבעכדיקער לידער פֿון דער צעהויקערטער פּאַרטיי „פּועלי-ציון", וואָס האָט נעבעך זײַנע 7 סאָלדאַטן אָנגעוואָרן, צוזאַמען דערמיט זײַן צ.ק. און די מאַסע, האָט זיך געפּרוּווט נעמען פֿאַר „ליטעראַרישער שאַפֿונג". ער האָט אין אונדזערע אַ וואַנט-צײַטונג געפּרוּווט אָפּדרוקן, מישטיינס געזאָגט, אַ לידל, וועגן דעם, אַז „דער צעאַרבקאָפּ האָט זיך צעשפּרייט ווי אַ „קרענק", און אַז פֿון די ווענט פֿון דער קאָאָפּעראַציע טראָגט זיך אַ געוויין".

ניט ווײַט פֿון אים איז אַוועק שוין אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פּאָעט, וואָס דרוקט זיך ניט אין אַ וואַנט-צײַטונג, נאָר לאָזט אַרויס אייגענע בענדער פֿון לידער—האַלקין.

„אַף וווהין באַשווערן איצט וואַסערן?
אַף וווהין, צו וועלכע לענדער?
גליקלעכע רוסישע גאַסן,
אין אײַך מיר וועלן זיך ענדיקן.

ניט באַשערט אײַך געווען ביז הײַנט
זען אונדז אויסגיין אונטער ווילדער יערושע
און איצטער—מיר גייען אין שפּאַן
און שטאַרבן פֿון אײַערע קושן.

אָדער צוויי אַנדערע שורעס:

„שווער איז נאָך אונדזערן אַ יידן אין רוסלאַנד,
מיט אַלעמען גלייך—נאָר עס איז שוין קיין נייס ניט".

עס איז אויך דאָ פאַלן, ווען אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור גאַנווענען זיך אַריין טענער פון מיטגעפיל, פון מיטלייד צו די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסן, צו די אַרויסגעשטויסענע פריוואַט-קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. און האַגאַם דיזדאָזיקע טענער טראָגן בלויז אַ פּאַסיוון כאַראַקטער פון פּאַסיוון מיטלייד, דאָך איז אָבער ניט שווער, זיי זאָלן איבערוואַקסן אין אַן אַקטיוו-אַגרעסיוון טאָן קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור דרינגט גאַנץ אָפט אַריין אַ טאָן פון פּראָטעסט קעגן דער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. אין דער צייט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט שאַפט און בילדעט זיינע נייע קאַדרען, בויט סאָציאַליזם אין פאַרשיידענע געביטן פון איר קאַמף, קומט צוגיין די ליטעראַטור און דערווידערט קעגן דער קריטעריע פון פּראָלעטאַרישער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. אין טאָך גענומען, ווערט דאָס גערופן צום פּראָטעסט קעגן שאַפן פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע קאַדרען. מיר האָבן געהאַט אין „שטערן" אַ ליד פון אָלעווסקי: „און וואָס בין איך שולדיק, אַז מיך האָט אַ קרעמער געבאָרן". מע האָט אָפּגעדרוקט אין „שטערן" אַ דערציילונג, וואָס דערוועקט מיטלייד צו דער באַלעבאַטישער טאָכטער, פאַר וועלכער עס זיינען פאַרמאַכט די טויערן פון די הויכשולן. אַזוי האָט האַלקין געשריבן:

„דיין שוואַרצע קייט אַף געלן לייב,
זי הענגט אַף מיר, זי דריקט מיין קינד,
ביזן פערטן דאָר דיין שטראָף באַגלייט—
דיין שוואַרצע קייט.

. . . . . . . . . . . . . .

נאָר ווו איך גיי און ווו איך בלייב—
דיין שוואַרצע קייט אַף געלן לייב.
און וואָך נאָך וואָך, און יאָר נאָך יאָר—
ביזן פערטן דאָר.

אין דעם זין באַמערקט זיך אויך אַזאַ מין אידעאָלאָגישע ליניע צווישן דעם יידישן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם. „זיי פאַרשעמען אייער ייכעס, זיי באַשמוצן אייער נאָמען—בורזשוי, קליינבירגער, קרעמער, זאָגן מיר אייך: שעמט זיך ניט דערפאַר. דער ייכעס פון קליינבירגער און בורזשוי איז ניט קיין מיעסערער, ווי דער ייכעס פון אַרבעטער. אַזאַ מין אַרטיקל איז מיט איינִיקע יאָר צוריק געווען אָפּגעדרוקט אין איינעם אַן אומלעגאַלן ציאָניסטישן יוגנטלעכן זשורנאַל. דערדאָזיקער אַרטיקל האָט פאָרמולירט זיין שטעלונג בערערך אַזוי: מע דאַרף באַקעמפן די „שעדלעכע" מיינונג, „שעדלעכע" ווירקונג אַף דער יידישער יוגנט פון דער ביטל-באַציונג צו דעם קליינבירגער. די יידישע יוגנט (פונקט ווי די גאַנצע יידישע יוגנט וואָלט בעעמעס געווען אַ קליינבירגערלעכע, און ווו איז די אַרבעטער-יוגנט?) איז דערשלאָגן, דערנידעריקט צוליב איר סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. מיר דאַרפן פלאַנצן אין דערדאָזיקער יוגנט געפילן פון דערעכערעך צום קליינבירגער.

מיט אַן ענלעכער דעקלאַראַציע, „טעאָרעטיש באַגרינדעטע", איז אַרויס דער אידעאָלאָג פון נאַציאָנאַלן פאַשיזם זשאַבאָטינסקי. ער האָט אין דער יידישער בורזשואַזער פּרעסע אָפּגעדרוקט אַ גרויסן אַרטיקל אונטערן נאָמען „וועגן קרעמער". אויך דאָרט איז די פילאָזאָפיע קימאַט דיזעלביקע. אונדזער יידישע יוגנט שעמט זיך מיט קרעמערישקייט, דאַרפן מיר זיי ווייזן, ווער קרעמער זיינען. זשאַבאָטינסקי האָט דאָרט אַנטוויקלט אַ גאַנצע טעאָריע, אַז די גאַנצע וועלט-קולטור און די גאַנצע וועלט-ציוויליזאַציע שטאַמט אייגנטלעך פון

קרעמער און הענדלער. אַף דער בורזשואַזיע איז געבויט די וועלט און ווער עס איז פֿאַר דער וועלט-קולטור, יענער דאַרף הויך טראָגן די פֿאָן פֿון דעם בורזשוי, די פֿאָן פֿון בורזשואַזן ייכעס.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָ דער מאָמענט, וואָס דער יידישער נאַצ.-דעמאָקראַטיזם פֿאַלט דאָ צונויף אָס אין אָס מיט דער אידעאָלאָגיע פֿון די שוואַרצמייעניקעס פורישקעוויטש און א. וו. יענער האָט געטײַנעט, אַז אַלע יידן זײַנען ספעקוליאַנטן, דאָסזעלביקע כאַזערן איבער די „פֿאַרטײדיקער“ פֿון דעם יידישן קאָוועד, און זיי רופֿן צום קאַמף קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווײַל דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד קלאַפּט איבערע דער בורזשואַזיע, און אויב ער קלאַפּט איבער דער בורזשואַזיע, קלאַפּט ער איבער דער יידישקײַט.

נאָר אויב דאָ איז קלאָר דער עקאָנאָמישער מאַטעריעלער אינהאַלט פֿון דעם יידישן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם און פֿון זײַן אָנגריף קעגן דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, איז אויך פֿאַראַן אַ צווייטער וואַריאַנט, ווו דער מאָמענט פֿון עקאָנאָמיק ווערט פֿאַרשמירט, פֿאַרמאַסקירט, ווו אַף דעם פֿאָדערשטן פּלאַן טרעט אַרויס דער הייליקער גײַסט, די הייליקע אידייע.

דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד דאַרף מען פֿאַרניכטן. פֿאַרוואָס? זאָגן ציאָניסטן, ווײַל דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד וואָרצלט אויס דעם יידישן נאַציאָנאַלן גייסט, די אידעאָלאָגיע פֿון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן, דעם הייליקן העברעיש א.א.וו. דער פֿאָלקיסט וועט איבערכאַזערן די זעלבע טײַנעס וואָרט אין וואָרט, נאָר אנשטאָט „הייליקן“ העברעיש וועט ער אַרײַנשטעלן דעם „הייליקן“ יידיש. אויך ער, דער פֿאָלקיסט, רעדט וועגן פֿאַרשוועכן הייליקײַטן פֿון „גײַסטיקן פֿאָלק יסראָעל“. דער קלעריקאַל זעצט איבער דעמדאָזיקן געדאַנק אַף אַ פּאָשעטערע און דײַטלעכערע פֿאָרם: אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד גייט אונטער רעליגיע, אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד גייט אונטער די יידישקײַט.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש אַ פּראַזע פֿון איינעם אַ קלעריקאַלישן דאָקומענט וועגן דער באַציִונג צו דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אין דעמדאָזיקן דאָקומענט, ווו עס ווערט געשאָטן פעך און שוועבל אַף דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווערט צווישן אַנדערש געזאָגט: „זיי, די באָלשעוויקעס, באַרימען זיך, אַז זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן ניקאָלײַען מיט זײַנע גזיירעס אַף יידן. דאָס איז עמעס. זיי האָבן אָבער ניקאָלײַס גזיירעס פֿאַרביטן אַף נאָך ערגערע. זיי האָבן פֿאַרביטן די גזיירע פֿון פורים אַף דער גזיירע פֿון כאַנוקע“. זאָל אונדז דער לעזער אַנטשולדיקן, וואָס מיר טראָגן אונטער אַזאַ פֿאַרשטעלטע פֿאָרמול מיט אַ קלעריקאַלער טערמינאָלאָגיע. אונטער דידאָזיקע שווערע ווערטער ליגט אָבער אַ קלאָרער און דײַטלעכער אינהאַלט. האָמאָן (פורים) האָט געוואָלט פֿיזיש פֿאַרניכטן די יידן, די גריכן (כאַנעקע) האָבן געוואָלט פֿאַרטיליקן די יידן ניט ווי מענטשן, נאָר ווי יידן. הייסט עס, אַז די סאָוועטנמאַכט איז דער גרעסטער סוינע פֿון יידישקײַט—און ווער עס שטייט אַף דער וואַך פֿון יידישקײַט, דער דאַרף זיך אופֿהייבן קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אַזוי ווערט געזאָגט אין אַ צווייטן קלעריקאַלן דאָקומענט: פֿון דער צײַט פֿון אַנטייאָכעס האָבן מיר נאָך אַזעלכע שווערע צײַטן ניט געהאַט. נאָר דאַן זײַנען אופֿגעשטאַנען די מאַקאַבייער און איצט קיינער ניט. אין דידאָזיקע שורעס האָט איר אַ באַהאַלטענעם רוף צו אַן אופֿשטאַנד, צו אַן אָנפֿאַל קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

ציאָניסטן, פֿאָלקיסטן, קלעריקאַלן זיי אַלע שטעלן מיט זיך פֿאָר איין פֿאַרייניקטן פֿראָנט. זיי אַלע ריידן וועגן נאַציאָנאַלן גײַסט, וועגן נאַציאָנאַלע הייליקטימער. זיי אַלע רופֿן אין נאָמען פֿון דעמדאָזיקן הייליקן גײַסט צו אַ הייליקן קריג קעגן דעם אפּיקאָרסישן אינטערנאַציאָנאַליסטישן סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַט גייט אין פֿולן בלאָק מיט דעם יידישן קלעריקאַליזם. זייער סימפּאַטאָמאַטיש איז אין דעם זין די רייד פֿון ד״ר שיפּער אַף דער פֿײַערונג פֿון דעם יידישן אינסטיטוט אין ווילנע (דער יידישער ווילנער אינסטיטוט איז דער ציטאַדעל פֿון

דעם ייִדישן נאַצ.-דעמאָקראַטיזם און נאַציאָנאַל-פֿאַשיזם אין פּוילן). ד״ר שיפּער, דער לידער פֿון דער „אַרבעטער״-פּאַרטיי „פּועלי-ציאָן״ האָט דאָרט דערקלערט אַזוי: אַמאָל האָבן די „פֿאָלקמאַסן״ אופֿגעהויבן זייער פּראָטעסט קעגן קאָהאָל, קעגן די זײַלן פֿון דעם ייִדישן קלעריקאַליזם. זיי האָבן אײַנגעוואָרפֿן דעם קאָהאָל, אָבער זיי זײַנען אַליין צעדריקט געוואָרן אונטער זײַנע כורווס. זאָל עס דינען אַ וואָרענונג אַף איצט.

דער „דעמאָקראַט״, דער פֿאָרשטייער פֿון דער „אַרבעטער״-פּאַרטיי דאָקטער שיפּער, וואָרנט, אַז מע זאָל דעם קאָהאָל ניט טשעפּען. דער היסטאָריקער שיפּער דערווײַזט היסטאָריש, אַז ווער עס רירט אָן די זײַלן פֿון קאָהאָל, ווערט דורך דעם אַליין באַגראָבן. צי דאַרפֿן די ייִדישע קלעריקאַלן אַ באַזונדער אַדוואָקאַט, ווי דערדאָזיקער געלערנטער היסטאָריקער.

אויך דאָ, אין דער שטעלונג פֿון דעם נאַצ.-דעמאָקראַטיזם צו פּ.ס.ס ר., איז פֿון אַ געוויסן טייל דאָ אַ פּרווו צו מאַכן אַ לינקע מינע, אַ לינקן זשעסט. די לינקע מינע, דער לינקער זשעסט דאַרף מיטהעלפֿן צו דורכשמוגלען רעאַקציאָנערע. נאַצ.-דעמאָקראַטישע געדאַנקען, אַף אַזאַ מין סאָרט מאַנעוור האָט זיך געלאָזן שוין דער אויבנציטירטער פּאָעט, האַלקין. אַפּאָנים, אַז דער לינקער זשעסט האָט דאָ זײַנע שליכעס אויסגעפֿילט. עס האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו מאַסקירן זײַן רעאַקציאָנערן כאַראַקטער, ווערהאַראַיע דער כ׳ ליטוואַקאָוו האָט זיך געפּרוווט אָנעמען פֿאַר דער קריוודע פֿון דעם אויסגעשפּראָכענעם נאַצ.-דעמאָקראַטיזם. האַלקינס לינקער מאַנעוור באַשטייט אָט אין וואָס: יאָ, די ייִדן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד וועלן דאַרפֿן אונטערגיין, נאָר איך, האַלקין, בין אַזוי גרויסמוטיק, וואָס איך בין דאָס מויכל. עס טוט מיר זייער וויי און זייער באַנג, נאָר אויב צוליב די אינטערעסן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג איז נויטיק דער אומקום פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, איז וואָס קען מען מאַכן?

דער כ׳ ליטוואַקאָוו איז אַפּאָנים שטאַרק ניספּאָעל געוואָרן פֿון דער אָפּפֿערווילִיקייט פֿון פּאָעט האַלקין. ער האָט אָבער דאָ פֿאַרזען, אַז, אין טאָך גענומען, איז דאָס דיזעלבע יענטע, כאָטש אַנדערש געשלייערט, דיזעלבע ציאָניסטישע שטעלונג פֿון „הײַנט״ און „מאָמענט״. דער ברייטער זשעסט איז האַלקינען נויטיק געווען טאַקע דערפֿאַר, קעדיי אָפּנאַרן אַפֿילע אַזעלכע, ווי דעם כ׳ ליטוואַקאָוו, וואָרעם די עצעם קאָנסטאַטירונג, אַז אונדזער סאָציאַליסטישע בויונג ברענגט מיט זיך די אויסראַטונג פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, איז שוין אַ ציִעניסטישע.

„רוסלאַנד, ווען ניט מײַן גלויבן, מײַן שטאַרקער אין דיר,
איך וואָלט איצטער אַנדערש געטײַנעט.
איך וואָלט עפּשער זאָגן: דו האָסט אונדז פֿאַרפֿירט.
פֿאַרבלענדט האָסט אונדז, יונגע ציגײַנער.

און ווײַטער אַביסל:

„רוסלאַנד, ווען „עס גייט דאָ אין מיר,
אין מײַן קאָפּ—איך וואָלט דיר געשענקט אים—
אַלע, וואָס איצטער פֿאַרלאָזן דײַן טיר,
ביז טויט נאָך דיר וועלן בענקען.

אַלזאָ, האַלקין איז גרייט צו שענקען זײַן קאָפּ. די סאָוועטנמאַכט מעג זיך פֿרייען! דאָס איז אָבער גאָר אַ זשעסט, וואָס דאַרף מאַסקירן דעם אינהאַלט. דער אויספֿיר דערפֿון ווערט שוין „פֿראַנק און פֿרײַ״ געמאַכט אַף די שפּאַלטן פֿון דער וואַרשעווער און ניו-יאָרקער בורזשואַזער פּרעסע.

---

דער רעכטער אָפּנויג אין דער נאַצ. סוויוועַ שליִסט אין זיִך איַין געוויִסע עלעמענטן פוּן דער נאַצ. דעמאָקראַטיִזם. מער ניִט, וואָס די שאַרפע וויִנקלען ווערן דאָ פאַרקײַלעכדיקט. אים ווערט צוגעגעבן אַזאַ געשטאַלט, ער זאָל קענען האָבן אַ שליִטע אויך אַף געוויִסע רונגען פוּן פּראָלעטאַריאַט און אַפיִלע אַף באַזונדערע מיִטגליִדער פוּן דער פּאַרטיי.

דער רעכטער אָפּנויג רוּפט די פּאַרטיי, די סאָוועטן-מאַכט צו ווערן דער פאָרשטייער, דער אויסדריקער פוּן „גאַנצן פאָלק". ער שטעלט די נאַציאָנאַלע פראַגע אַזוי, פּונקט ווי די סאָוועטן-מאַכט וואָלט געווען די פאַרזאָרגערן פוּן דער „גאַנצער באַפעלקערונג".

. אַזוי האָט דער רעכטער אָפּנויג געשטעלט די פראַגע וועגן „צוגרייטן אַלע יִידן צום סאָציאַליִזם", וועגן „פּראָדוקטיִוויִזיִרן" די אַרויסגעשטויסענע יִידישע בורזשואַזיע, שאַפנדיִק דערמיט איִר אַ מעגלעכקײַט צו מאַסקירן זיִך און פאָרזעצן אירע קאַפּיִטאַליסטיִשע טענדענצן אונטערן צודעק פוּן קאָאָפּעראַציע. די יִידביוראָ צ. ק. ק. פּ. ו. איִז אַפילע דערגאַנגען ביִז דער פאָרמול פוּן „אויסנוצן די מיִטלען און איִניִציאַטיִוו פוּן די געוועזענע קרעמער". די קוסטגעווערבקאָאָפּעראַציע האָט דיִדאָזיקע טעאָריע דורכגעפיִרט אין פּראַקטיִק.

די לערע וועגן דער פריִדלעכער איַינוואַקסונג פוּן קולאַק אין סאָציאַליִזם האָט באַקומען אַ נאַציאָנאַלע באַאַרבונג, פוּן „ראַטעווען" די יִידישקײַט.

אַזוי ציִען זיך די פעדים פוּן נאַצ.-דעמאָקראַטיִזם, נאַצ.-אָפּאָרטוניִזם צום רעכטן אָפּנויג.

נאָר דידאָזיִקע פראַגע איִז אַף אַזוי פיִל וויִכטיִק, אַז זי פאַרדיִנט אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג און איִר איִז געווידמעט דער ווײַטערדיִקער קאַפּיִטל פוּן דערדאָזיִקער אַרבעט.

---

ד. רובינשטיין.

# דער עקאָנאָמישער קריזיס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן פֿון פּראָלעטאַריאַט.

איצט איז שוין קלאָר, אַז ניט בלויז אַמעריקע לעבט איבער אַ שווערן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס, נאָר אַז דער קריזיס כאַפּט אַרום אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ס'איז שווער אָנרופֿן באַס איצטיקן מאָמענט אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, וואָס זאָל ניט זײַן אָנגעשטעקט מיט דער קריזיס-עפּידעמיע.

דער קריזיס אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע כאַפּט שנעל אַרום דאָס גאַנצע לאַנד די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן, מיט הוווערן בעראָש, פּרווון צודעקן די גראָע ווירקלעכקײַט און מאַכן אַן אָפּטימיסטישן אָנשטעל. אָבער די ווירקלעכקײַט ווײַזט עפּעס אַנדערש. דער אַרבעט-טאָג אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע פֿאַרגרעסערט זיך פֿון טאָג צו טאָג. אין דערזעלבער צײַט, ווען ס'וואַקסט מיט אַן אומגעהויערער שנעלקײַט די אַרמיי אַרבעטלאָזע, פֿאַרגרעסערט זיך די צאָל באַשעפֿטיקטע קינדער אין דער אינדוסטריע, וואָס זײַנען אַ ביליקערער מאַטעריאַל פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. דער רעאַלער אַרבעט-לוין האַלט אין איין פֿאַלן.

דער ווירטשאַפֿטלעכער קריזיס אין אַמעריקע האָט אַרומגעכאַפּט די גרונט-צווײַגן פֿון דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע. בלויז פֿאַר יאַנוואַר כוידעש האָט די אַמעריקאַנער אַוטאָ-מאָביל-אינדוסטריע אַרויסגעוואָרפֿן אַפֿן גאַס צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. די שטאָל-און גוס-אינדוסטריע האָבן פֿאַרקלענערט זייער אויסאַרבעטונג אַף 40 פּראָצ.

נאָך ביז דעם אויסברוך פֿונם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע האָבן מיר געהאַט אַנטפּלעקונגען פֿונם טיילווײַזן עקאָנאָמישן קריזיס אין די וויכטיקסטע לענדער פֿון דאָרעם-אַמעריקע (קאָלומביע, אַרגענטינע, בראַזיליע און עקוואַדאָר), וועלכע זײַנען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אָפּהענגיק פֿון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם. די קריזיסן אין די אויבנדערמאָנטע לענדער האָבן זיך אויסגעדריקט אין דעם פֿאַלן פֿון די פּרײַזן אַף קאַווע, צוקער, זײַד, קאַוטשוק, ווייץ און אַנדערע עקספּאָרט-פּראָדוקטן, פֿון די דאָזיקע האַלב-קאָלאָניאַלע לענדער. דער דאָזיקער קריזיס האָט אָפּגעשוואַכט באַדײַטנדיק די קויף-קראַפֿט פֿון דער דאָרטיקער באַפֿעלקערונג אַף מאַשינען, טראַקטאָרס און פֿאַרטיקע מאַנופֿאַקטור-פּראָדוקטן, וועלכע ווערן אַרײַנגעפֿירט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן; ער האָט דערפֿירט צו דעם, אַז עס זאָל פֿאַלן די גאָלד-וואַלוטע אין אַרגענטינע און בראַזיליע, וואָס וועט זיך גוואַלדיק אָפּרופֿן אַפֿן ענגלישן און אַמעריקאַנער אימפּאָרט אין די אויבנדערמאָנטע לענדער.

קימאַט ווי אין דערזעלבער לאַגע געפֿינט זיך קאַנאַדע, וועלכע איז דער הויפּט-„קליענט" פֿונם אימפּאָרט און עקספּאָרט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

די אַלע פֿאַקטאָרן געפֿינען זיך אין אַן ענגן צוזאַמענבונד מיטן עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע און פֿאַרגיכערן דעם קריזיס-פּראָצעס אין די אַנדערע אייראָפּעיִשע און קאָלאָניאַלע מעלוכעס. מיר װעלן דאָ בלויז אָנװײַזן אַף אַ ריי זייער כאַראַקטעריסטישע פֿאַקטאָרס פֿונם צװישנפֿעלקערלעכן עקאָנאָמישן קריזיס: דער צװישנפֿעלקערלעכער אַגראַרער קריזיס, װאָס געפֿינט אַן אויסדרוק אינם פֿאַלן פֿון די פּרײַזן אַף װייץ, רײַז און אַנדערע לאַנדװירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן, אַף רוישטאָפֿן, אַף שװאַרצע מעטאַלן אַפֿן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק (אין דערערשטער ריי אַף מיש, שטאָל און בלײַ), אַמבעסטן אילוסטרירן דעמדאָזיקן פֿאַקט די פֿאָלגנדיקע ציפֿערן: די פּרײַזן אַף מעש האָבן אין 1929-טן יאָר באַטראָפֿן 74 פֿונט און 12 שילינג און אין יאַנוואַר ד. י. באַטרעפֿט ניט מער װי 69 פֿונט מיט 17 שילינג. די פּרײַזן אַף בלײַ האָבן אין 1919-טן יאָר דערגרייכט 225 פֿונט 17 שילינג און אין יאַנוואַר ד. י. ניט מער װי 175 פֿונט מיט 17 שילינג. די פּרײַזן אַף צינק האָבן אַפֿן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק דערגרייכט די קלענסטע שטופּע פֿון 1908-טן יאָר.

דער גאַנצער צװישנפֿעלקערלעכער עקאָנאָמישער קריזיס, דער אַגראַרער קריזיס און דאָס פֿאַלן פֿון די פּרייזן שפּיגלט מיט זיך אָפּ דעם פּראָצעס פֿון דער אומפֿאַרמײַדלעכער פֿוילונג פֿון דעם נאָכמילכאָמעדיקן אימפּעריאַליזם אין די באַדינגונגען פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף פֿאַר אַ נײַער פֿאַנאַנדערטיילונג פֿון דעם װעלט-מאַרק.

דעם שאַרפֿסטן נאָך אַמעריקע װירטשאַפֿטלעכן קריזיס לעבן איבער דײַטשלאַנד, פֿראַנקרײַך און פּוילן. באַזונדערס איז נויטיק זיך אָפּשטעלן אַף דעם װירטשאַפֿטלעכן קריזיס אין פֿאַשיסטישן פּוילן, װעלכער כאַפּט אַרום פֿון טאָג צו טאָג אַלץ נײַע אינדוסטריע-צװײַגן. אַפֿילע דער סאָציאַל-פֿאַשיסטישער „ראַבאָטניק" (אָרגאַן פֿון פּ.פּ.ס.) איז שוין געצװוּנגען צו שילדערן דעם קריזיס אין דער לאָדזשער טעקסטיל-אינדוסטריע אַף פֿאָלגנדיקן אויפֿן:

„אַלע ביזאיצטיקע װירטשאַפֿטלעכע קריזיסן, װעלכע די דאָזיקע פֿאַבריק-שטאָט האָט איבערגעלעבט, זײַנען גאָרניט אין פֿאַרגלײַך מיט דעם איצטיקן... אין דער פֿאַרױכערטער לאָדזש לעשן זיך אויס איין קוימען נאָכן צװייטן. דער גערויש פֿון די מאַשינען װערט אַלץ שטילער. אַן עמעסער מאַבל פֿון פּראָטעסטירטע װעקסלען, אַ פּאַניק אין די האַנדל-אינדוסטריעלע ספֿערן, די טעגלעכע רובריק פֿון די באַנקראָטן װאַקסט זיך פֿאַנאַנדער אַף די שפּאַלטן פֿון די לאָדזשער צײַטונגען".

און דעם אַרטיקל פֿאַרענדיקט די סאָציאַל-פֿאַשיסטישע צײַטונג מיט פֿאָלגנדיקע װערטער: „צי איז פֿאַראַן אַ שפּראַך, װאָס זאָל שילדערן דעם אומגעהויערן דאַלעס, אין װעלכן סילעבט דער לאָדזשער אַרבעטער?".

אָבער די דאָזיקע שװערע לאַגע איז ניט בלויז שײַעך דער טעקסטיל-אינדוסטריע, נאָר אַ גאַנצער ריי װיכטיקע אינדוסטריע-צװײַגן, װעלכע באַשרענקען פֿון טאָג צו טאָג זייער פּראָדוקציע. דער באַלאַנס פֿון פּוילישן באַנק זאָגט איידעס דערפֿאַר, אַז די קויף-קראַפֿט פֿון פּוילישן אַרבעטער און פּויער איז שטאַרק געפֿאַלן, און דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון דער אומגעהויער פֿאַרערגערטער לאַגע פֿון די אַרבעטער און פֿון עקספּלואַטירטן פּויערטום. בלויז פֿאַר די ערשטע 10 טעג פֿון דעקאַבער כוידעש האָט זיך דער געלט-אומזאַץ אין פּוילן פֿאַרקלענערט אַף 80 מיליאָן זל. דערבײַ דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט דעם פֿאַקט, װאָס דאָס זײַנען גראַד פֿאַריאָנטעװ-טעג, װען ס'גייט דער גרעסטער אײַנקויף פֿון פֿאַרשיידענע פּראָדוקטן.

דער פּוילישער פֿאַשיזם און סאָציאַל-פֿאַשיזם האָבן געפּרוּװט נאָכטאָן הוּװערס בײַשפּיל און מאַכן אַן אָנשטעל און באַשטעטיקן עס מיטן װוּקס פֿון האַנדל-באַלאַנס אַף 12 מיליאָן זל. אין נאָיאַבער כוידעש. די דאָזיקע ציפֿער ריידן אָבער לאַכלוטן ניט װעגן דער אַקטיװקײַט פֿון פּוילישן האַנדל-באַלאַנס, װײַל נאָך אַ גענויען אַנאַליז, האָבן די פּוילישע פֿאַשיסטן און זייערע מיטהעלפֿער, געמוזט מיט אַ שװער-האַרץ אנערקענען, אַז דער װוּקס פֿון האַנדל-באַלאַנס איז אַ רעזולטאַט ניט פֿון פֿאַרגרעסערטן עקספּאָרט, נאָר פֿון פֿאַר-

קלענערן אימפּאָרט. ס'איז אַ גאַנץ פּשוטע דערשײַנונג—מע האָט אויפֿגעהערט אַרײַנצופֿירן די וויכטיקסטע רוי-שטאָפֿן, וואָס ווערן איבערגעאַרבעט אין לאַנד. דער אַרײַנפֿיר פֿון רויען בוימוואָל האָט זיך פֿאַרקלענערט אַף 5 מיליאָן און דער אימפּאָרט פֿון אַלטן אײַזן אַף $3\frac{1}{2}$ מיליאָן.

דער איצטיקער אַלוועלטלעכער קריזיס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט ווערט נאָך מער פֿאַרטיפֿט דורכדעם, וואָס ער ווערט באַגלייט מיט אַ טיפֿן אַגראַר-קריזיס, וואָס שטרײַכט אויך אונטער די פֿוילנדיקײַט פֿון דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם. אין אונטערשייד פֿון ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס אין 1920 יאָר, וויקלט זיך פֿאַנאַנדער דער איצטיקער ווירטשאַפֿטלעכער קריזיס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער *אין די באַדינגונגען פֿונם מעכטיקן אויפֿשטײַג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע און גראַנדיעזער סאָציאַליסטישער בויונג אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד*. דאָס זײַנען אַזעלכע צוויי מאָמענטן, וועלכע קענען ניט ניט פֿאַרטיפֿערן די רעזולטאַטן פֿון דעמדאָזיקן קריזיס פֿאַר דעם קאַפּיטאַליזם. דער איצטיקער קריזיס באַשטעטיקט דעם ריכטיקן אַנאַליז פֿון X פּלענום פֿון קאָמינטערן-אויספֿירקאָם וועגן דער אומפֿאַרמײַדלעכער פֿוילונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע.

דער בולעטסטער אויסדרוק פֿונם איצטיקן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס, וועלכן ס'לעבט איבער דער אַלוועלטלעכער קאַפּיטאַליזם—איז דער וווּקס פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער אַרבעטלאָזיקײַט. אין אַמעריקע איז שוין פֿאַראַן *איבער 5 מיליאָן אַרבעטלאָזע*, דײַטשלאַנד—3 מיליאָן, ענגלאַנד—2 מיליאָן, פּוילן—400,000 מאַן, און אין אַזאַ קליין לאַנד ווי עסטרײַך דערגרייכט די צאָל אַרבעטלאָזע 325,000 מאַן. אין די צאָפֿן-אַמעריקאַנער פֿאַראייניקטע שטאַטן הונגערן אין רעזולטאַט פֿון קריזיס מיליאָנען לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער, און אין אַלע איבעריקע לענדער וואַקסט די צאָל אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צוויי אָדער דרײַ טעג אַ וואָך.

די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע און די נײַע מעטאָדן פֿון עקספּלואַטירן די אַרבעט-קראַפֿט האָבן נאָכמער פֿאַרגרעסערט די צאָל אַרבעטלאָזע און פֿאַרערגערט די לעבן-באַדינגונגען פֿון אַרבעטער-קלאַס אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער איצטיקער קריזיס וועט נאָכמער פֿאַרשאַרפֿן די אַלע פּראָצעסן. אין די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער קען מען ניט געפֿינען קיין איין אַרבעטער-פֿאַמיליע אָן אַן אַרבעטלאָזן. און וועגן „לעבן“ פֿון די אַרבעטלאָזע איז ניטאָ וואָס צו ריידן. די קאַפּיטאַליסטישע און סאָציאַל-פֿאַשיסטישע רעגירונגען וואַרפֿן אָפּ אַלע פֿאָרשלאָגן פֿון די קאָמוניסטישע פֿראַקציעס וועגן געבן אָדער פֿאַרגרעסערן די הילף פֿאַר די אַרבעטלאָזע. פֿאַרקערט, די בורזשואַזיע און סאָציאַל-דעמאָקראַטיע טראָגן נאָך אַרײַן אין די פּאַרלאַמענטן אַזעלכע געזעצן, וועלכע פֿאַרערגערן שטאַרק די אויסערגעוויינטלעך-שווערע לאַגע פֿון מיליאָנען אַרבעטלאָזע.

צוגלײַך מיט דעם קומט פֿאַר אַ ווילדער קאַפּיטאַליסטישער אָנגריף אַפֿן רעאַלן אַרבעטלוין פֿון דעם „גליקלעכן“ טייל אַרבעטער, וועלכער איז נאָך באַשעפֿטיקט אַ צוויי-דרײַ טעג אין וואָך. אין דער אַמעריקאַנער שטאָל-אינדוסטריע איז פֿאַרקירצט געוואָרן דער אַרבעטלוין בלויז פֿאַר די לעצטע צוויי כאָדאָשים אַף 20 פּראָצ. מיט דערזעלבער דערשײַנונג שטויסן מיר זיך אָן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

דער צווישנפֿעלקערלעכער אימפּעריאַליזם זוכט אַן אויסוועג פֿונם טעמפּן ווינקל, אין וועלכן ער איז פֿאַרקראָכן, דורך איבערלייגן די גאַנצע לאַסט פֿון קריזיס אַף די פּלייצעס פֿון אַרבעטער-קלאַס און אַרבעטנדיקן פּויערטום און אין די מילכאָמע-צוגרייטונגען קעגן פֿ.ס.ס.ר. דער לעצטער נײַער אָנפֿאַל פֿון די כינעזישע מיליטאַריסטן אַף דער מיזרעך-כינעזישער אײַזנבאַן, קערענסקיס און מיליוקאָווס אַנטיסאָוועטישע אַרויסטרעטונגען אין פֿראַנצויזישן פּאַרלאַמענט, דער איבערײַס פֿון די האַנדל-באַציִונגען צווישן מעקסיקע און פֿ.ס.ס.ר., די אַנטיסאָוועטישע העצע-קאַמפּאַניע פֿון דער מאַקדאָנאַלד-רעגירונג, די עקספּאָזע פֿונם

פוילישן אויסערן-מיניסטער זאלעסקי—אט דאס אלץ זיינען נייע, גאנץ בוילעטע און אפענע באווייזן פון די פיבערהאפטע מילכאמע-צוגרייטונגען פונם צווישנפעלקערלעכן אימפעריאליזם קעגן פ.ס.ס.ר.

די ווייטערדיקע פארטיפונג פונם אינטערנאציאנאלן עקאנאמישן קריזיס אין די קאפיטאליסטישע, קאלאניאלע און האלב-קאלאניאלע לענדער שטויסט דעם פראלעטאריאט אין די אונטערדריקטע קאלאניאלע און האלב-קאלאניאלע לענדער צו מער אקטיווערע און פארשארפטע קאמף-פארמען קעגן דער בורזשואזיע און סאציאל-פאשיזם.

די אנטוויקלונג פון איצטיקן קריזיס שאפט נייע פארהאנאכעס פאר דעם ווייטערדיקן מעכטיקן אויפשטייג פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער-באוועגונג. די באוועגונג פון די ארבעטלאזע וואקסט און ברייטערט זיך אין אלע לענדער פון קאפיטאל. ארבעטלאזע דעמאנסטראציעס אין אמעריקע (אפטמאל בלוטיקע) זיינען שוין ניט קיין צופאל, נאר א טאגטעגלעכע דערשיינונג. די מעכטיקע באוועגונג פון די ארבעטלאזע, ווערט איבערגעפלאכטן מיט דער שטרייק-כוואליע פון די באשעפטיקטע ארבעטער פאר העכערן זייער רעאלן ארבעטלוין און אנד. עקאנאמישע און פאליטישע פאדערונגען.

די בורזשואזיע ענטפערט אף דער פאנאנדערוויקלונג און פארטיפונג פונם קריזיס מיט א ווילדן אנגריף אפן פראלעטאריאט. אבער סיי דער איצטיקער קריזיס, סיי דער אנטשיידענער אנגריף פון דער בורזשואזיע און סאציאל-פאשיזם אפן ארבעטער-קלאס, פארגיכערט דעם אנוואוקס-פראצעס פון די רעוואלוציאנערע שלאכטן אין די וויכטיקסטע קאפיטאליסטישע לענדער.

אין דייטשלאנד זיינען מיר איידעס פון דעם אומגעהויער-פארשארפטן קלאסנקאמף און קלאסן-סטירעס. דייטשלאנד פארוואנדלט זיך איצט ווידער אין דער הויפט-ארענע פון די אנטשיידנסטע קלאסן-שלאכטן צווישן פראלעטאריאט און דער בורזשואזיע. דער וווקס פון דער שטרייק-באוועגונג, די מאסן-באוועגונג פון די ארבעטלאזע, וועלכע וואקסן איבער אין באריקאדן-שלאכטן מיט דער סאציאל-פאשיסטישער פאליציי און מיליטער, וווקס פון דער אומצופרידנקייט פון דער שטאטישער און דארפישער קליינבורזשואזיע, די איבער-גרופירונג אינם בורזשואזן לאגער, וואס דריקט זיך אויס אינם וווקס פון דעם סאמע רעאקציאנערן פליגל אין בורזשואזן לאגער—אט דאס זיינען די גרונט-מאמענטן פון פארשארפטן סאציאל-עקאנאמישן קריזיס אין דייטשלאנד.

דאס פאשיסטישע פוילן, וואס לעבט איבער א שארפן וווירטשאפטלעכן און פאליטישן קריזיס, שטויסט זיך אלץ אפטער אן אפן וואקסנדיקן ווידערשטאנד מיצאד די רעוואלוציאנערע ארבעטער, וועלכע באהערשן די גאס און גרייטן זיך צו נייע רעוואלוציאנערע שלאכטן מיטן פוילישן פאשיזם און סאציאל-פאשיזם, ניט געקוקט אפן וווקס פון ווילדן פאשיסטישן טעראר. דער אגרארער קריזיס און דער רעוואלוציאנערער אויפברויז צווישן דעם עקספלואטירטן פויערטום פון מערעוו-ווייסרוסלאנד און אוקראינע און צווישן די גרונט-מאסן פון פוילישן פויערטום, פארשארפן און פארטיפן נאכמער דעם סאציאלן קריזיס אין פוילן. די פאשיסטישע דיקטאטור אין פוילן שטייט פאר נייע אויפטרייסלונגען, וועלכע וועלן נאכמער פארטיפערן דעם פאליטישן און ווירטשאפטלעכן קריזיס אין לאנד.

מאסן-דעמאנסטראציעס און בלוטיקע צוזאמענשטויסן מיט דער זשאנדארמעריע און פאליציי קומט אויך פאר אין רומעניע, טשעכאסלאוואקיע א. אנד. אין פראנקרייך וואקסט מיט א בליץ-שנעלקייט די שטרייק-באוועגונג אין די וויכטיקסטע אינדוסטריע-צווייגן. איבער גאנץ איטאליע גייט דורך א מעכטיקע כוואליע פון רעוואלוציאנערע ארויסטרעטונגען קעגן בלוטיקן פאשיזם, אנהויבנדיק פון אזעלכע אינדוסטריעלע צענטערס ווי לאמבארדיע און ענדיקנדיק אין די פארווארפנסטע אגרארע פראווינצן פון דארעם-איטאליע. די רעוואַ-

לוציאָנערע שלאַכטן אין מיַרעוו-אייראָפּע ווערן באַגלייט מיט אַ מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן אופשטיַיג אין די קאָלאָניאַלע לענדער.

דידאָזיקע אַלע שלאַכטן צייכענען זיך אויס מיט זייער אויסערגעוויינטלעכער שאַרפקייט און פּאָליטישקייט. די בורזשואַזיע פאַרשטייט שוין איצט גאַנץ גוט, אַז אין די פּראָלעטאַרישע רייען איז פאָרגעקומען אַ קאָלאָסאלע ענדערונג, אַז די גרונט-מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט באַהעפטן זיך אַרום די קאָמפּאַרטייען און גייען איבער פון פאַרטיידיקונג צו אַ שטאַרקן קאָנטר-אָנגריף, וועלכער דערגייט צו באַריקאַדן-שלאַכטן (פּוילן, דייַטשלאַנד). זי זעט פאַר זיך דעם שנעלן רעוואָלוציאָניזירונג-טעמפּ פון די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסן, און דעריבער גרייט זי זיך מיט אַזאַ פיבערהאַפטקייט צו די נייַע שלאַכטן.

אָבער דער הויפּט-אָנגריף פון דער צווישנפעלקערלעכער בורזשואַזיע איז געווענדעט קעגן אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער-קלאַס—ק ע ג ן  ד י  ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ע  פּ אַ ר ט ײ ע ן. די בורזשואַזיע פאַרשטייט, אַז דעם זיג פון די פּראָלעטאַרישע שלאַכטן קען נאָר זיכערן די אידעאָלאָגיש-מאָנאָליטע און פעסט-דיסציפּלינירטע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון אָנפירונג מיט אַלע רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן קעגן אימפּעריאַליזם. דעריבער סטאַרעט זי זיך קאָנצענטרירן איר אָנגריף הויפּטזעכלעך קעגן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס און אַזויאַרום פאַרניכטן דעם אָנוואַקסנדיקן רעוואָלוציאָנערן שטורם קעגן קאַפּיטאַליזם. דער קאָנצענטרירטער בורזשואַזער אָנגריף דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס בענויגייע די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען ווערט פאַרשאַרפט דער ווייַסער טעראָר, וואָס ס'ווערן צוגעגרייט נייַע געזעצן, וואָס דאַרפן פאַריאָגן אין אונטערערד דעם טייל קאָמפּאַרטייען, וועלכע האָבן ביז איצט געהאַט נאָך וועלכע ס'איז לעגאַלע אַרבעט-מעגלעכקייַטן. די בורזשואַזיע זוכט אַן אויסוועג פון דער דראָענדיקער רעוואָלוציאָנערער געפאַר אין דעם, וואָס זי וועט פאַריאָגן די קאָמפּאַרטייען אין אונטערערד, פאַרפולן די טפיסעס מיט נייַע צענדליקער, טויזנטער רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער און אַזויאַרום פיזיש באַזייַטיקן די אָנפירנדיקע  ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ע  פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע  ק אַ ד ר ע ן.

דעריבער איז אין אַלע לענדער, ווו די בורזשואַזיע האָט נאָך געהאַלטן פאַר מעגלעך ביז גאָרניט לאַנג האַלטן זיך פאָרמעל פאַר די דעמאָקראַטישע הערשאַפט-פאָרמען, איז זי איצט אריבער אין אַן אָפענעם טעראָריסטישן מאַרש קעגן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. אויסערגעוויינטלעכע געזעצן קעגן די קאָמפּאַרטייען—דאָס איז דער הויפּט-געווער בײַ די בורזשואַזע און סאָציאַל-פאַשיסטישע רעגירונגען.

אין דייַטשלאַנד ווערט אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון סאָציאַל-פאַשיסט זעווערינג דורכגעפירט אַ געזעץ וועגן „באַשיצן די רעפּובליק", וועלכער איז אויסשליסלעך געווענדט קעגן דער דייַטשישער קאָמפּאַרטיי. ביסמאַרקס אַנטיסאָציאַליסטישע געזעצן זייַנען זייער בלייכינקע אין פאַרגלייַך מיט די פּאַראַגראַפן פון זעווערינגס אַנטיקאָמוניסטישן געזעץ. דער גאַנצער אַרסענאַל פון אַלע קאַמף-מיטלען קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג מאָביליזירט די דייטשישע בורזשואַזיע מיט דער הילף פון סאָציאַל-פאַשיסט זעווערינגס געזעץ אין קאַמף קעגן דער קאָמפּאַרטיי. מיט דעמדאָזיקן אַרסענאַל באַנוצט זיך שוין לאַנג אַף דער פּראַקטיק זעווערינגס טרייַער כאַווער—צערגיבעל. צערגיבעל האָט שוין לאַנג געוואָרפן דעם לאָזונג פונם אַלטן צאַרישן טשינאָווניק טרעפּאָוו: „ניט זשאַלעווען קייַן קוילן!". אַלע בורזשואַזע און סאָציאַל-פאַשיסטישע גרופּירונגען אין דייַטשלאַנד, האָבן פאַר זיך אין איצטיקן מאָמענט איין ציל—פאַריאָגן די דייַטשישע קאָמפּאַרטיי אין אונטערערד, און דער אַפּאַראַט פון אינערן-מיניסטער זעווערינג פירט פיבערהאַפט די צוגרייטונגען צו דעמדאָזיקן פאַרבאָט.

די נייַע טשעכאָסלאָוואַקישע רעגירונג האָט גלייַך פונם ערשטן טאָג פון איר קומען צו דער מאַכט אַרויסגעגעבן אַ ריי געזעצן און אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונגען, וואָס זיַ-

נען שאַרף געווענדט קעגן די קאָמוניסטן. די קעסיידערדיקע פֿאַרפֿאָלגונגען קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-פּרעסע, די דראַקאָנישע געזעצן קעגן דער קאָמוניסטישער פֿאַרלאַמענט-פֿראַקציע, די פֿאַרשטאַרקטע געריכט-רעפּרעסיעס פֿונם נייעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן יוסטיץ-מיניסטער—דאָס זיינען אַלץ בלויז די ערשטע שריט אַף פֿאַריאָגן די טשעכאָסלאָוואַקישע קאָמפּאַרטיי אין אונטערערד.

שאָבערס פֿאַשיסטישע רעגירונג אין עסטרייך האָט מיט דער הילף פֿון דער „לינקער" סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געענדערט די קאָנסטיטוציע. די אַלע ענדערונגען זיינען ניט מער ווי דער ערשטער אַקט פֿון די אויסשליסלעכע געזעצן קעגן דער קאָמפּאַרטיי. די צווייטע ענדערונג איז דער געזעץ קעגן דער קאָמוניסטישער פּרעסע.

די פֿראַנצויזישע רעגירונג פֿון טאַרדיע-בריאַן גרייט שוין פֿון לאַנג צו מיט אַ פֿאַרניכערטן טעמפּ אַ גאַנצע ריי געזעצן אף פֿאַריאָגן די קאָמפּאַרטיי אין אונטערערד. הונדערטער קאָמוניסטישע אַרבעטער זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו געריכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צוליב דעם אינספּירירטן פּראָצעס פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע, וועגן אַ קלוימערשטער קאָמונ. מעלוכע-פֿאַרשווערונג. די ווילדע העצע-קאַמפּאַניע קעגן דער „הומאַניטע" (צענטראַל-אָרגאַן פֿון דער פֿראַנצויזישער קאָמפּאַרטיי) קעגן אַרבעטער-פּויערישן באַנק און די קלוימערשטע אינספּירירטע „מעלוכע-פֿאַרשווערונגען" זיינען בלויז באַזונדערע אָפּצווייגונגען אַף צוגרייטן דעם אַנטיקאָמוניסטישן געזעץ. די פֿראַנצויזישע בורזשואַזע און סאָציאַל-פֿאַשיסטישע פּרעסע באַפֿרידיקט ניט די רעפּרעסיע-סיסטעם און פֿאָדערט איינפֿירן נייע רעפּרעסיווע מיטלען, וועלכע דאַרפֿן, לויט זייער מיינונג, אַ סאָף מאַכן צו דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

אין אַלע בורזשואַזע לענדער ווערט אומגעהויער פֿאַרשאַרפֿט דער קאַמף קעגן דער אופֿשטייגנדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איר אַוואַנגאַרד — דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער אָנוווּקס פֿון צווישנפֿעלקערלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, פֿאַרשאַרפֿט נאָכמער די קעגנזאַצן צווישן דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט. אויס מוירע פֿאַרן אָנוווּקס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, פֿאַרגיכערט די בורזשואַזיע און די סאָצ.-דעמאָקראַטיע די פֿאַשיזאַציע פֿון מעלוכע-אַפּאַראַט.

דער נייער קריזיס איז אויך אַ פֿאַרשאַרפֿונג פֿונם קריזיס אין די סאָצ.-דעמאָקראַטישע רייען, ווייל זייערע ווייטערדיקע פּרוּוון „געזונט מאַכן" דעם קאַפּיטאַליזם וועט נאָך שאַפֿן אַ גרעסערן טהאָם צווישן די מאַסן מיט די שפּיצן פֿון די צווישנפֿעלקערלעכן רעפֿאָרמיזם. דער עקאָנאָמישער קריזיס .וועט אויך פֿאַרשאַרפֿן דעם פּאָליטישן קריזיס און אַפֿן טאָגאָרדענונג פֿון אַ גאַנצער ריי לענדער וועט זיך שטעלן די פֿראַגע וועגן קאַמף פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. וועגן דעם זאָגן איידעס אַזעלכע פֿאַקטן, ווי די לעצטע באַריקאַדעס-שלאַכטן פֿון די אַרבעטלאָזע אין דייטשלאַנד, באַריקאַדעס-שלאַכטן פֿון די שטרייקנדיקע אַרבעטער אין אַווסטראַליע, די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שלאַכטן פֿון פֿראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט א. א. וו.

אַנאַליזירנדיק די פֿאָלגן פֿונם איצטיקן עקאָנאָמישן קריזיס אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב, שטרייכט אונטער די רעזאָלוציע פֿון זעקסטן פּלענום פֿון פּראָפֿינטערן-אויספּירקאָם פֿאָלגנדיקעס:

„די פּערספּעקטיוו איז אַף אַזאַ אופֿן אַ קלאָרע: אַ מילכאָמע קעגן אייגענעם פּראָלעטאַריאַט, אַ פֿאַרגיכערונג פֿון די מילכאָמע-צוגרייטונגען קעגן פֿ.ס.ס.ר., אַ מילכאָמע-צוגרייטונג פֿון איין מעלוכע קעגן דער צווייטער, די פֿאַרניכטונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די קאָלאָניאַלע לענדער—דאָס איז דער אינהאַלט פֿון דער גאַנצער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פֿון די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס. די ווייטערדיקע ראַדיקאַליזאַציע און רעוואָלוציאָניזירונג פֿון די ברייטע מאַסן, דער

איבערוווקס פֿון די עקאָנאָמישע שלאַכטן אין פּאָליטישע, די צונויפֿפֿאָרונג פֿון די מאַסן-שטרײַקן מיט די אויפֿשטאַנדן און דירעקטע פּראָלעטאַרישע שלאַכטן פֿאַר דער מאַכט — אַזעלכע איז די אַנטוויקלונג-ליניע פֿון די אָנוואַקסנדיקע קלאַסן-שלאַכטן פֿון צווישנפֿעלקערלעכן פּראָלעטאַריאַט".

די פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די אינערלעכע און אויסערלעכע סתירות באַווײַזן מיט דער גאַנצער בוילעטקײַט דעם רעפֿאָרמיסטישן טאָך פֿון די רעכטע און שאָלעם-מאַכער, וועלכע האָבן גערעדט וועגן דער קאָנסאָלידאַציע, פֿאַרשטאַרקונג און בליונג פֿונם „אָרגאַניזירטן" קאַפּיטאַליזם. די פֿאַקטן האָבן צעשמעטערט די בורזשואַזנ-רעפֿאָרמיסטישע טעאָריע פֿון די רעכטע אָפּנויגלער און באַשטעטיקט דעם אַנאַליז פֿון 6-טן קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן: אָנשטאָט קאָנסאָלידאַציע און בליונג פֿון קאַפּיטאַליזם זעען מיר דעם גיכן פֿאַנאַנדערפֿאַלונג-פּראָצעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע.

* * *

וועלכע הויפּט-אויפֿגאַבעס שטייען פֿאַר די קאָמפּאַרטייען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויפֿן גרונט פֿון דעם אויבנדערמאָנטן אַנאַליז וועגן אינטערנאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן קריזיס און אָנוווקס פֿון רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן?

די אַרבעטלאָזיקײַט ווערט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿאַרשאַרפֿטן קריזיס איינע פֿון די צענטראַלסטע פֿראַגן, אַרום וועלכע ס'וויקלען זיך פֿאַנאַנדער גראַנדיעזע געשעענישן. די קאָמפּאַרטייען האָבן שוין אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערוויקלען אַ ברייטע קאַמפּאַניע אַרום דער אַרבעטלאָזיקײַט. אָבער דידאָזיקע קאַמפּאַניע איז נאָך ווײַט ניט קיין באַפֿרידנדיקע, ווײַל זי שטייט אָפּ פֿון די טעמפּן פֿון די אָנוואַקסנדיקע געשעענישן. דער קאַמף מיט דער אַרבעטלאָזיקײַט, קעגן דער בלוטיקער עקספּלואַטאַציע פֿאַר בעסערע לעבן-באַדינגונגען פֿונם אַרבעטער, דאַרף מען פֿאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיקער קאַמפּאַניע, וואָס זאָל זיך פֿאַנאַנדערגיסן אין אַ מאַסן-באַוועגונג אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע דאָס איז דער רינג פֿאַר וועלכן די קאָמפּאַרטייען דאַרפֿן זיך באַס איצטיקן מאָמענט אָנכאַפּן און ברענגען אין באַוועגונג די ברייטע מאַסן פֿון אַרבעטער-קלאַס. דעם קאַמף פֿון די אַרבעטלאָזע טאָר מען ניט איזאָלירן פֿון דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון פּראָלעטאַריאַט; מען טאָר איר ניט אָפּרײַסן פֿון דער אויפֿשטײַגנדיקער שטרײַק-כוואַליע, נאָר זי דאַרף זײַן אַ באַשטאַנדטייל פֿון דערדאָזיקער באַוועגונג.

די קאָמוניסטן זײַנען מחויב פֿאַרייניקן דעם קאַמף פֿון די אַרבעטלאָזע, מיטן קאַמף פֿון די, וועלכע זײַנען באַשעפֿטיקט אין דער פּראָדוקציע און קעמפֿן פֿאַר די געמיינזאַמע רעוואָלוציאָנערע פֿאָדערונגען: „פֿאַר אַ 7-שעהיקן אַרבעט-טאָג, העכערן דעם אַרבעטלוין, פֿאַר אויסצאָלן הילף די אַרבעטלאָזע מיצד די קאַפּיטאַליסטן און דער מלוכע". די ערשטע סעסיע פֿון פּראָפֿינטערן-אויספֿירקאָם, האָט ריכטיק אָנגעוויזן, אַז עס טאָר ניט דורכגיין קיין איין שטרײַק, קיין איין באַוועגונג פֿון פּראָלעטאַריאַט, ווו אין די אַלגעמיינע פֿאָדערונגען זאָלן ניט זײַן אײַנגעשלאָסן די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטלאָזע. נאָר אַף אַזאַ אויפֿן, וועלן מיר קענען צעקלאַפּן דעם סאָציאַל-פֿאַשיזם, וואָס פּרוווט צושפּליטערן דעם אַרבעטער-קלאַס אין די אינטערעסן פֿון קאַפּיטאַל אַף צוויי טיילן: איזאָלירן די באַשעפֿטיקטע אַרבעטער אַף דער פּראָדוקציע פֿון דער בונטאַרער אַרבעטלאָזער מאַסע.

די 6-טע סעסיע פֿון צענטראַלן ראַט פֿון פּראָפֿינטערן, קאָנסטאַטירנדיק די עקאָנאָמישע שלאַכטן און די אַלץ אָנוואַקסנדיקע אַרבעטלאָזיקײַט, שטרײַכט אונטער פֿאָלגנדיקעס:

„די אַרבעטלאָזע שטעלן פֿאַר מיט זיך אַ מעכטיקע פּאָטענציעלע רעוואָלוציאָנערע קראַפֿט, נאָר די קראַפֿט קען אויסגענוצט ווערן פֿון פֿאַשיזם קעגן אונדז, אויב ס'וועט פֿאַרגעסן ווערן אַזאַ פּאַסיווע באַציונג צו דערדאָזיקער פֿראַגע, וואָס האָט זיך גע-

מערקט פֿאַר דער לעצטער צײַט. די ריכטיקע אָנפֿירונג מיט די עקאָנאָמישע שלאַכטן שליסט אײַן די פֿראַגע וועגן צוציען די אַרבעטלאָזע צו באַטייליקן זיך אין די שלאַכטן קעגן דער שטרײַקברעכערײַ. די אָנהענגער פֿון פּראָפֿינטערן דאַרפֿן זיך טייקעף נעמען פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע פֿון די אַרבעטלאָזע, פֿאַרייניקנדיק די אַרבעטלאָזע מיט די באַשעפֿטיקטע, שאַפֿנדיק נאָך אין דעם צוגרייטונג-פּעריאָד פֿון עקאָנאָמישע קאַמפֿן באַדינגונגען פֿאַר אַ סאָלידאַרן קאַמף... מע דאַרף באַזונדערס פֿירן אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט אַלע פֿאַשיסטישע פּרוּוון אויסנוצן די אַרבעטלאָזע, מיטן ציל אָפּצושוואַכן און פֿאַנאַנדערצעשטויבן די שלאָג-קראַפֿט פֿון אָנוואַקסנדיקן אויפֿשטײַג פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג”.

דאָס איז דער גרונט-פּרינציפּ פֿון דער קלאַסן-איינהײַט פֿון דערדאָזיקער מעכטיקער באַוועגונג און דאַרף אויך געפֿינען זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע אָפּשפּיגלונג בײַ דער אַנטשטייונג פֿון „אַרבעטלאָזע קאָמיטעטן“, „אַרבעטלאָזע ראַטן“ א. א. וו. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס דאַרפֿן ניט נאָר זײַן די פֿאָרשטייערשאַפֿטן פֿון די אַרבעטלאָזע, נאָר אויך אַרומכאַפּן די באַשעפֿטיקטע אַרבעטער אַף דער פּראָדוקציע.

* * *

די פֿראַגע פֿון פּאָליטישן מאַסן-שטרײַק איז ענג פֿאַרבונדן מיט די עקאָנאָמישע שלאַכטן פֿון אַרבעטער-קלאַס, אין דעם אויך—מיטן קאַמף קעגן דער אַרבעטלאָזיקײַט. די דערפֿאַרונג פֿון די שטרײַק-שלאַכטן פֿאַרן לעצטן פּעריאָד באַשטעטיקט דעם פּאָליטישן כאַראַקטער פֿון די עקאָנאָמישע קאָנפֿליקטן. דאָס דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן דערפֿאַר, „ווײַל די אָנהענגער פֿון פּראָפֿינטערן פֿאַרגעסן אָפּט וועגן דעם, און דעריבער גייען דורך די שטרײַקן פֿאַר דער גאַנצער צײַט אונטער איינע און דיזעלביקע לאָזונגען, ווי ס'וואָלט זיך גאָרניט געענדערט פֿאַרן גאַנצן פּעריאָד פֿון קאַמף. די קלענסטע עקאָנאָמישע קאַמפֿן שטויסן זיך אָן אַף אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד מיצאַד די אונטערנעמער, דער בורזשואַזער מעלוכע און סאָציאַל-פֿאַשיזם, און אין פּראָצעס פֿון קאַמף ווערן אַרויסגעשטעלט נײַע פֿאָדערונגען, וואָס דרינגען אַרויס פֿון דער נײַ-געשאַפֿענער לאַגע. דאָס הייסט אָבער נאָך ניט, אַז מיר רוקן אַרויס בײַ יעדן שטרײַק אונדזער גאַנצע פּראָגראַם—דאָס הייסט נאָר, אַז בײַ יעדע נײַע געשאַפֿענע סיטואַציע רוקן מיר אַרויס די פֿאָדערונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן די נײַע מאָמענטן און העלפֿן מיט איבערפֿירן דעם גיגעבענעם קאַמף אַף אַ העכערער שטופֿע.

איינע פֿון די הויפּטשטערונגען בײַם דורכפֿירן די באַשלוסן פֿון X-טן פּלענום פֿון קאָמינטערן-אויספֿירקאָם און 4-טן קאָנגרעס פֿון פּראָפֿינטערן—איז דער רעכטער אָפּאָרטוניזם אין די קאָמפּאַרטייען. די פֿאַרשאַרפֿטע קלאַסן-שלאַכט, די זעלבשטענדיקע אָנפֿירונג מיט עקאָנאָמישע קאַמפֿן פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿאָדערן גלײַכצײַטיק אַ פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף מיטן סאָציאַל-פֿאַשיזם. די רעכטע עלעמענטן אין די קאָמפּאַרטייען טרעטן אָבער אַרויס קעגן דער פֿאַרשאַרפֿונג פֿון קאַמף מיטן סאָציאַל-פֿאַשיזם. האַלטנדיק פֿאַר ניט ריכטיק די באַשולדיקונג פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און סאָציאַל-פֿאַשיזם, זייען זיי אילוזיעס צווישן די ברייטע אַרבעטער-מאַסן וועגן דער קלוימערשטער רעוואָלוציאָנערער ראָל פֿון דער „לינקער“ סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, טרעטן אַרויס קעגן דער זעלבשטענדיקער אָנפֿירונג פֿון די קאָמפּאַרטייען אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שלאַכטן פֿון פּראָלעטאַריאַט, זײַנען קעגן אַרויסשטעלן זעלבשטענדיקע ליסטעס בײַ די וואַלן פֿון די פֿאַבקאָמען, האָבן מוירע איבערצורײַסן מיט דער פּראָפֿאַריינישער לעגאַליטעט און פֿירן אַ פֿאַרטיידיקונג-פּאָליטיק לעגאַבע דער פּראָפֿאַריינישער ביוראָקראַטיע. אינם מאָמענט פֿון פֿאַרשאַרפֿטע קלאַסנשלאַכטן איז באַזונדערס נויטיק שטאַרק אַ קלאַפּ טאָן איבער די רעכטע אָפּנויגלער, ווײַל אָן דעם-

דאָזיקן קאַמף, איז אוממעגלעך דערפֿאָלגרײַך מאָביליזירן די מאַסן און פֿירן דעם קאַמף פֿאַר געווינען די מערהײַט פֿון אַרבעטער-קלאַס.

דער קאַמף מיטן רעכטן אָפּאָרטוניזם איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער גיכער איבערבויונג פֿון די פֿאָרמען און מעטאָדן פֿון דער פּאַרטיי-אַרבעט און צוגרייטן די פּאַרטיי צו די אָנוואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן. דאָרט, ווו די איבערבויונג פֿון דער פּאַרטיי-אַרבעט קומט פֿאָר מיט אַ פּאַמעלעכן טעמפּ, שוואַכט זיך צײַטנווײַז אָפּ דער אײַנפֿלוס פֿון דער קאָמפּאַרטיי און צווישן די מאַסן.

דער דערפֿאָלגרײַכער קאַמף מיטן אָפּאָרטוניזם אַף דער פּראַקטיק, פֿאָדערט די מאָביליזאַציע פֿון אויפֿמערקזאַמקײַט און די אַקטיווקײַט פֿון דער פּאַרטיי אַף דורכפֿירן די גענעראַל-ליניע אין יעדן קאָנקרעטן פֿאַל. דער שווער-פּונקט פֿון דער פּאַרטיי-אַרבעט דאַרף אַריבערגעטראָגן ווערן אַף די אונטערנעמונגען און שטעלן זיך פֿאַר אַ קאָנקרעטער פּראַקטישער אויפֿגאַבע די דעראָבערונג פֿון דער מערהײַט פֿונם אַרבעטער-קלאַס. ס'מערקט זיך נאָך אַ געוויסע דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם פּאָליטישן אײַנפֿלוס און אָרגאַניזאַציאָנעלער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דעמדאָזיקן אײַנפֿלוס. דעריבער איז נויטיק אָנעמען אַלע נויטיקע מיטלען אַף אויסלעבן דידאָזיקע דיספּראָפּאָרץ און אַזויאַרום פֿאַרזיכערן די אָנפֿירונג פֿון דער קאָמפּאַרטיי מיט אַלע עקאָנאָמישע אַקציעס. די באָלשעוויסטישע זעלבסטקריטיק דאַרף דינען אַלס דאָס הויפּט-געווער אין קאַמף קעגן אַלע פֿעלערן און דעפֿעקטן אין דער אַרבעט.

נאָר די קאָמפּאַרטייען קענען זײַן די אָנפֿירער פֿון די צווישנפֿעלקערלעכע רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן. נאָר דער קאָמינטערן און רויטער פּראָפֿינטערן וועלן זײַן בעקויעך פֿאַרייניקן דעמדאָזיקן קאַמף פֿון די אַרבעטלאָזע און אַרבעטנדיקע; פֿירן זיי צום שטורם קעגן דער געזעלשאַפֿט, וואָס ברענגט מיליאָנען פּראָלעטאַריער הונגער און טויט, פֿירן די פּראָלעטאַרישע מאַסן פֿון גאָרער וועלט צום אנטשיידענעם רעוואָלוציאָנערן שלאַכט פֿאַר דער אומשטירצונג פֿון קאַפּיטאַליזם—פֿאַרן ניצאָכן פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער גאָרער וועלט.

15 יאַנוואַר 1930 יאָר.

# קולטור – כראָניק.

## ליטעראַטור.

די ליטעראַרישע קאָמיסיע באַם יידסעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע גרייט צום דרוק אַ ליטעראַרישע אַנטירעליגיעזע כרעסטאָמאַטיע, וווּ עס וועלן פֿאַרגעשטעלט ווערן די בעסטע מוסטערן פֿון דער מיזרעח־אייראָפּעישער, רוסישער, איקראַינישער, ווײַסרוסישער און יידישער ליטעראַטור.

די כרעסטאָמאַטיע וועט דערשײַנען צום אָנהייב נײַעם לערניאָר.

— דער צענטרפֿאַרלאַג (מינסק; טרעט צו אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע (אַרבעט־בוך איבער ליטעראַטור) פֿאַר ערשטע קורסן פֿון אַרבפֿאַקן און אַרבעטער־שולן, צוגעפּאַסט צו די נײַ־געשאַפֿענע פּראָגראַמעס. אויך ווערט אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פֿאַרן זעקסטן לערניאָר.

— די ליטעראַרישע קאָמיסיע באַם יידסעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע גרייט אַ קאָנספּעקט, מעטאָדיש און מעטאָדאָלאָגיש באַאַרבעט, צו דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין 19־טן י. ה. אין העסקעם מיט דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון די יידישע קולטור־טוער פֿון מינסקער קרײַז (סאָף יאַנואַר).

— דער צענטרפֿאַרלאַג (מינסק) הייבט אָן אַרויסגעבן אַ שילער־ביבליאָטעק. אין משך פֿון 1930־טן יאָר וועלן דערשײַנען פֿופֿציק דרוקבוינגן.

— דער מעטאָדקאָס פֿון פֿאָלקאָמבילד ו.ס.ס.ר. האָט באַשטימט צוטרעטן אַרויסגעבן (דורכן צענט־פֿאַרלאַג מינסק) אַ ביבליאָטעק פֿון 25—30 ווערק עלטערע קלאַסיקער און אויסדערוויילטע הײַנטצײַטיקע ווערק אין קיצורים, באַאַרבעט און צוגעפּאַסט צו דער פּראָגראַם פֿון דער 7־יאָריקער שול.

— אין צענטרפֿאַרלאַג (מינסק) איז דערשינען ג. יאַבראָוס אַ בוך „ליטעראַטור אין שול“ (אַ מעטאָדישער הילפֿבוך פֿאַרן לערער).

— אויף דער לעצטער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער יידסעקציע מאַפּ״פּ (מאָסקווער אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער) איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צוגרייטן אַ זאַמלונג לידער, דערציילונגען, סקיצן, קופּלעטן א. א. וו. פֿאַר דער דאָרפֿישער קלוב־בינע, געווידמעט דער פֿרילינגדיקער פֿאַרזיי־קאַמפּאַניע, דער קאָלעקטיוויזאַציע אין דאָרף און דער ליקווידאַציע פֿונם באַלעגופֿנטום.

— צוזאַמען מיט די אַרבעטער־בריגאַדעס און קאָמיוג־בריגאַדעס, וואָס פֿאָרן אין דאָרף, פֿאָרן אויך אָפּ צוויי בריגאַדעס פֿון די קיעווער פּראָלעטאַרישע יידישע שרײַבער און דיכטער: די כאַווייריִם אַבטשוק, זשוקאָווסקי, אַראָנסקי, פֿעפֿער, שאַפּירא, פֿינינבערג און אַנדערע. די־דאָזיקע בריגאַדעס וועלן באַזוכן די יידישע קאָלאָניעס פֿון כערסאָנער און קריוואָראָגער קרײַזן און אויך די זאַוואָדן, וווּ עס אַרבעטן אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער.

— דעם 3־טן פֿעווראַל איז געשטאָרבן אין מאָסקווע דער ליטעראַטור־קריטיקער, געאָרגי יאַקובאָווסקי. דער פֿאַרשטאָרבענער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער געזעלשאַפֿט פּראָלעטאַרישע שרײַבער „קוזניצא“.

— אויף אַ באַראַטונג באַם „וואַפּפּ“ (אַלפֿאַרבאַנדישע פֿאַראייניקונג פֿון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער־אַסאָציאַציעס), מיטן אָנטייל פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די יידישע סעקציעס אין מאַפּ״פּ און ווופּ״פּ, איז באַטראַכט געוואָרן די פֿראַגע וועגן אַן אַלפֿאַרבאַנדישער קאָנפֿערענץ פֿון די יידישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין אָנהייב אַפּריל ד. י., רופֿט צונויף „וואַפּפּ“ די ערשטע אַלפֿאַרבאַנדישע קאָנפֿערענץ פֿון די יידישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער אין ר.ס.פֿ.ס.ר., או.ס.ס.ר. און ו.ס.ס.ר. דערבײַ רעכנט מען, אַז או.ס.ס.ר. וועט באַקומען אַרום 15 ערטער, ו.ס.ס.ר. אַרום 10 ערטער און ר.ס.פֿ.ס.ר. אַרום 20 ערטער. צו אָרגאַניזירן די־דאָזיקע קאָנפֿערענץ איז אויסגעטיילט געוואָרן באַם „וואַפּפּ“ אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פֿון די כ״כ: פֿעפֿער און אַבטשוק (או.ס.ס.ר.), ראַבין, קושנירא און סטרעליץ (ר.ס.פֿ.ס.ר.), דונעץ און כאַריק (ווײַסרוסלאַנד). אַלס סעקרעטאַר פֿון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע איז אויסגעטיילט כ׳ ראַבין.

— אין קלוב פֿון דער שרײַבער־פֿעדעראַציע (מאָסקווע) האָט זיך דעם 5־טן ד. כ. געעפֿנט די ערשטע מאָסקווער געגנטלעכע קאָנפֿערענץ פֿון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער. עס זײַנען געקומען דעלעגאַטן פֿון אַלע גרעסערע פֿאַבריק־צענטרען און שטעט פֿון דער געגנט.

באַ דער עפֿענונג זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט באַגריסונגען פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע אָרגאַ-ניזאַציעס (ראַפּ״פּ, רע״ף און אנר.) און פֿאָרשטייער פֿון מאָסקווער פּאַרטיי־קאָמיטעט.

אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט 5 דעלעגאַטן פֿאָרשטייער פֿון דער יידסעקציע מאַפּ״פּ. איינער פֿון די דעלעגאַטן—כ׳ סטרעליץ—איז אַרײַן אין פּרעזידיום.

אין דער נײַער פֿאַרוואַלטונג פֿון מאַפּ״פּ זײַנען אַרײַן 33 מיטגלידער און 7 קאַנדידאַטן. פֿון דער יידסעקציע איז אַרײַן כ׳ סטרעליץ. די נײַע פֿאַרוואַלטונג באַשטייט איצט פֿון 60 פּראָצ. אַרבעטער.

— די פּראָלעטאַרישע יידישע שרײַבער אַלעווסקי, בראָנשטיין, זעלדין און ראַבין האָבן אין דער צײַט פֿונם 3-טן ביז דעם 17-טן פֿעוראַל באַזוכט די שטעט אָדעס און קיעוו, ווו זיי האָבן דורכגעפֿירט אַ גרויסע צאָל אָוונטן און ליטעראַרישע פֿרימאָרגנס.

— דער פּרעזידיום פֿון צא״ק האָט באַשלאָסן אָרגאַניזירן אַלס צוגאָב צו דער צײַטונג „סאָוועצקאַיאַ בעלאָ-רוס״ אַ כוידעשדיקן זשורנאַל „סאָוועטן פֿון ווײַסרוסלאַנד״, וואָס זאָל אַרויסגיין איס אָרגאַן פֿון דעם פּרעזידיום פֿון צא״ק.

— פֿאַר דער לעצטער צײַט זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן פֿילצאָליקע אינטערנאַציאָנאַלע ליטעראַרישע אָוונטן אין די מינסקער אַרבעטער־קלובן, געווידמעט דעם דרײַכוירעשניק פֿון דער ווײַסרוסישער און נאַצמ.נהעריש׳ער פּראָ-לעטאַרישער קולטור.

אף די אָוונטן זײַנען אַרויסגעטראָטן די מיטגלידער פֿון „בעלא״פּפּ״ און די יידישע סאָוועטישע שרייבער פֿון מינסק.

— דעם 18-טן פֿעוראַל איז פֿאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון דער יידסעקציע „בעלאַפּפּ״, אף וועל כער עס איז אויך בײַגעווען דער כ׳ ראַסין, וועלכער איז געקומען קײַן מינסק אף שטענדיקער אַרבעט אין „בע-לאַפּפּ״. דער כ׳ דונעץ האָט אָפּגעגעבן אַן אינפֿאָרמאַציע וועגן דער טעטיקייט פֿון דער יידסעקציע „בעלאַפּפּ״. דער כ׳ ראַסין האָט פֿאָרגעלייגט אַ פּראָיעקט פֿון דער ווײַטערדיקער אַרבעט פֿון דער יידסעקציע „בעלאַפּפּ״, וועלכע איז דורך דער פֿאַרזאַמלונג באַשטעטיקט געוואָרן.

די פֿאַרזאַמלונג האָט באַשטעטיקט דעם כאַווער ראַסין אַלס פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פֿון דער יידסעקציע „בעלאַפּפּ״.

— דעם 28־טן פֿעוראַל זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אף ליטעראַרישע אָוונטן אין מאָלעוו די שרײַבער זוואַנעק, כווע-דאַראָוויטש, יודלסאָן, אַליאַכנאָוויטש, אײַזיק קאַהאַן און באַראַשקאָ. די שרײַבער האָבן אויך באַזוכט די אַרומיקע קאָלווירטן.

— דעם 14־טן פֿעוראַל איז אין קיעווער קולטור-הויז געשלאָסן געוואָרן אַ סאָצ. אָפּמאַך צווישן די יידסעק-ציעס פֿון „מאַפּפּ״ אין „וואָפּפּ״. דעם אָפּמאַך האָבן אונטערגעשריבן אין נאָמען פֿון „מאַפּפּ״ די כ״כ בראָנשטיין און ראַבין און אין נאָמען פֿון „וואָפּפּ״ די כ״כ: פֿעפֿער און אַבטשוק.

אין אָפּמאַך איז פֿאַראַן אַ פּונקט וועגן מאַסן־אַרבעט אין אונטערנעמונגען און אין אַרבעטער-קלובן. די מאָ-סקווער כ״כ נעמען אף זיך אַרויסצוטרעטן אין משך פֿון יאָר 50 מאָל, און די „וואָפּפּוּצעס״—100 מאָל.

אַלס אַרביטערס זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן די רעדאַקציעס „עמעס״ און „שטערן״.

— דער ליטעראַטור-קריטיקער און רעדאַקטער פֿון דעם זשורנאַל „די רויטע וועלט״, כ׳ שאַכנע עפּשטיין און דער שרײַבער דאַניעל זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין „וואָפּפּ״ (אַלוקראַינישע אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער).

— דער 3—4 נומער פֿון זשורנאַל „פּראָליט״ וועט זײַן געווידמעט דעם אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער.

## טעאַטער און קונסט.

— דער שרײַבער כ׳ אָרלאַנד האָט פֿאַרענדיקט זײַן פּיעסע „הרעבליעס״ פֿאַר דעם מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער.

די פּיעסע הויבט מען אָן רעפּעטירן אונטער דער אָנפֿירונג פֿונם באַקאַנטן רעזשיסאָר קאַווערין (וואָס האָט געשטעלט די פּיעסע „דער געריכט גייט״).

— יאַקאָוו איידעלמאַן (מאָסקווע) האָט פֿאַרענדיקט די איבערזעצונג פֿון יידיש אף רוסיש י. דאָברושינס פּיעסע „אָפֿן דניעפּער״—פֿון דער עפּאָכע פֿון בירגער-קריג.

— צו דער פֿרילינגדיקער פֿאַרזײ־קאַמפּאַניע גרייט די אַלאוקרײַנישע פֿאָטאָ-קינאָ-פֿאַרוואַלטונג אַ רייִ פֿילמעס, געווידמעט דעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף, דער טעטיקײַט פֿון די אַרבעטער־בריגאַדעס אין די קאָלווירטן, דער קאָלעק-טיוויזאַציע, און אַזוי ווייטער. קעדיי אף אַ דרינגענדיקן אויפֿן אַרויסצולאָזן די דאָזיקע פֿילמעס, זײַנען מאָביליזירט געוואָרן 14 רעזשיסאָרישע שלאָג-גרופּעס.

— דער קיעווער מעלוכישער יידישער טעאַטער האָט געשטעלט וועוויאָרקעס פּיעסע „דער סטעפּ ברענט״. רעזשי: פֿון ווילנער, מוזיק—ש. שטיינבערג. די פּיעסע איז דורך מיט אַ גרויסן דערפֿאָלג.

— אין מאָסקווע איז דעם 7-טן פֿעוראַל 1930 יאָר געשטאָרבן פֿון אַ שווערער מאָגן-אָפּעראַציע דער דירעק-טאָר פֿונם ווײַסרוסלענדישן מעלוכע-טעאַטער, דער כ׳ ג. מ. רובינשטיין. פֿאַר דער קורצער צײַט פֿון זײַן אַרבעט

אין טעאַטער האָט דער כ׳ רובינשטיין באַוויזן צו פֿאַרפֿעסטיקן די ריכטיקע פּאָליטישע ליניע און מאַטעריעלן וואָילשטאַנד פֿונם טעאַטער. דערווערבן זיך גרויס ליבע און אַווטאָריטעט באַם קאָלעקטיוו און קינסטלערישער אָנפֿירונג. דער פֿאַרשטאָרבענער איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער פּאַרטייער, גוטער ווירטשאַפֿטלער און זעלטענער כאַווער.

— דער העברעיִשער טעאַטער „האבימאַ״, וואָס איז געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפֿן פֿון פּאַלעסטינע צוליב די שלעכטע געשעפֿטן, וואָס ער האָט דאָרטן געמאַכט, וואַנדערט איצט אַרום איבער איירָאָפּע. ער כּרעט אָבער אומעטום אַרויס ניט אונטער זײַן ערעצ־יִסראָעלדיקער מאַרקע, נאָר אַלס „מאָסקווער העברעיִש־קינסטלערישער טעאַטער״. ווי עס זעט אויס, לוינט אים די מאָסקווער מאַרקע פֿיל מער איידער ערעצ־יִסראָעלדיקער יִיכעס.

— דעם 15-טן פֿעווראַל איז אין יידישן מעלוכע-טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד געגאַנגען די פּרעמיערע „דזשים קופּערקאָפּ״ (פּיעסע פֿון ש. גאָדינער. שטעלונג ליטווינאָוו). דער טעאַטער איז געווען איבערפֿולט. די פֿאַרזאַמלטע האָבן וואַרעם אויפֿגענומען די פּיעסע.

— דער כאַרקאָווער קרייז־אויספּיר־קאָמיטעט. שטאָט-סאָוועט און דער קאָמיטעט פֿאַר העלפֿן בייען אַ דענקמאָל שעווטשענקאָן, האָבן דערקלערט אַן אָפֿענעם צווישנפֿעלקערלעכן קאָנקורס אַף צוזאַמענשטעלן אַ פּראָיעקט פֿון אַ סקולפּטור-דענקמאָל אין כאַרקאָוו טאַראַס שעווטשענקאָ. די ערשטע פּרעמיע איז 5000 רובל.

— דער ראַטפֿאָלקאָם פֿון או.ס.ס.ר. האָט באַערט דעם אַרטיסט גנאָט פּעטראָוויטש יורא מיטן טיטל „פֿאָלק־אַרטיסט פֿון דער רעפּובליק״ פֿאַר זײַנע אויסערגעוויינטלעכע פֿאַרדינסטן אין דער רעוואָלוציאָנערער טעאַטער-קונסט.

— דער מוזיי פֿון דער ליקווידירטער בוּרזשואַזער יידישער היסטאָריש-עטנאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט אין לענינגראַד איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם יידאָפּטייל פֿון ווײַסרוסלענדישן מעלוכע-מוזיי.

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַיִנע האָט אָנערקענט. אַז דער קיִעווער יידישער וואָקאַלישער אַנסאַמבל („יידוואָקאַנס״) שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג. און מ׳האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם „יידוואָקאַנס״ אַן איינמאָליקע שטיצע 5000 רובל מיט אַ באַדינג, אַז דער אַנסאַמבל זאָל ווערן אַ מוסטער פֿון מוזיקאַלישער קולטור, פֿאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע-קינסטלערישע מוזיק און שאַפֿן אַ פּאַסיקן רעפּערטואַר פֿאַר די יידישע כאָר־קרײַזלעך און קאַפּעלעס.

— דעם 3־טן אַפּרעל הויבן זיך אָן אין מאָסקווע די גאַסטראָלן פֿונם ווײַסרוסלענדישן מעלוכישן יידישן טעאַטער. די גאַסטראָלן וועלן פֿאָרקומען אין דער געבײַדע פֿון מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער. אין רעפּערטואַר גייען אַרײַן פֿאָלגנדיקע פּיעסן: ווערוויאָרקע—„באַטווין״: קושניראָוו—„הירש לעקערט״; לאָפּע-דע-וועגאַ—„שעפּסנקוואַל״; בערגעלסאָן—„דער טויבער״; טאָלער—„האָפּלאַ״; גאָדינער—„דזשים קופּערקאָפּ״; דאָלגאָפּאָלסקי—„מאַשינעס-געראַנגל״.

— אין אוקראַיִנישן יידישן מעלוכע-טעאַטער אין כאַרקאָוו איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן ב. אָרשאַנסקיס „בלוט״. די פּיעסע איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסן דערפֿאָלג.

— די קאָמיסיע, וואָס איז אויסגעשטעלט געוואָרן דורך דער יידסעקציע „מאָפּפּ״ צו אָרגאַניזירן דעם אויפֿנעם פֿון ווײַסרוסלענדישן מעלוכישן יידישן טעאַטער. האָט באַשלאָסן אײַנצולאַדן אין אויפֿנעם-קאָמיטעט די פֿאָרשטייער פֿון פֿאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: געזערד, אָרט. פֿרײַנט פֿון יידישן טעאַטער. רעדאַקציע „עמעס״, „עמעס״-אַרבקאָרן קלוב „קאָמוניסט״. צענטראַלע יידישע ביבליאָטעק, פֿאָרשטייער פֿון די יידישע אַרבעטער אין די פֿאַבריקן און זאָוואָדן, טעאַטער־וואַרשטאָט באַם קלוב „קאָמוניסט״, סטודיע פֿון מאָסקווער יידישן טעאַטער. סטודיע „פֿרייקונסט״, מוזיקאַלע געזעלשאַפֿט, יידישער סעקטאָר פֿון מײַרעוו־אוניווערסיטעט. פּעדפֿאַק, צענטראַפֿאַרלאַג, יידישע קינדערקאָלאָניע אין מאַלאַכאָווקע, יידישע שול אין מאַרינע ראָשטשע, יידישע קוסטאָרן.

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. יואָלאָבזשינסקי, א. כאַריק.

דרוקעריי פֿון ווײַסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. באַשט. 1360. גלאַווליטבעל 1492. טיראַזש 2000.

